געווידמעט מיין ליבן מאַן

און מיינע טייערע קינדער

# מיין געבורטס־שטעטל

מיין געבורטס־שטעטל טארנאָרודא איז זייער אַ קליין שטעטל, פון יענע שטעטלעך, וואָס זיינען אויף דער וועלט גאָרנישט באַקאַנט און אויף דער מאַפּע דאַרפט איר זיי אויך גוט זוכן, אַז איר זאָלט זיי געפינען.

טארנאָרודא איז אַ שטעטל אין גאַליציע, וואָס ליגט נעבן דער רוסישער גרענעץ. אַ טייך ציט זיך אַרום דעם שטעטל און אויף דער אַנדערער זייט טייך זעט זיך אַ גרעסערע שטאָט, וואָס באַלאַנגט שוין צו רוסלאַנד. אָט די גרעסערע שטאָט טראָגט אויך דעם זעלבן נאָמען וואָס אונזער שטעטל.

מען דערציילט, אַז אַמאָל האָט אונזער שטעטל אויך באַלאַנגט צו רוסלאַנד, נאָר נאָך אַ מלחמה האָבן די רוסן און די עסטרייכער זיך צעטיילט און אונזער שטעטל איז אַריבער בירושה צו פראַנץ יאָזעפן.

איך געדענק ווי עס וואָלט היינט פּאַסירט, אַז מיר קינדער פלעגן טראָגן אַ האַס אויף די „רוסישע" קינדער. מיר פלעגן זיי נאָך אַלץ באַטראַכטן ווי שונאים, וואָס האָבן אונז באַראַבעוועט און צוגענומען אַ חלק, און טאַקע דעם גרעסערן פון אונזער שטעטל, וואָס וואָלט אפשר אַנדערש געווען אַ גרויסע שטאָט.

אונזער שנאה פלעגן מיר אויסדריקן אין אַ לידעלע, וואָס מיר פלעגן אַריבערשרייען צו יענע „רוסישע" קינדער:

מיידעלע, מיידעלע,
האָסט אַ קליידעלע,
שענק עס מיר,
אַ מכה דיר.

דער טייך פלעגט מערסטנטייל באַוואַכט ווערן פון רוסישע סאָלדאַטן, אָבער ווען מיר, קינדער, פלעגן באַמערקן, אַז קיינער וואַכט נישט ביים טייך, פלעגן מיר אַריבערוואַרפן שטיינער אויף דער אַנדערער זייט. דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון אונזער שנאה צו די „רוסישע".

די רייזע אַריבער אויף דער אַנדערער זייט איז נישט געווען קיין לייכטע. אַז איינער האָט געוואָלט אַריבערפאָרן אויף דער אַנדערער זייט טאַרנאָרודאַ, האָט ער פריער געדאַרפט פאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, וואָס האָט געהייסן פּאָדוואָלאָטשיסק. דאָרט איז געווען די גרענעץ צווישן גאַליציע און רוסלאַנד. דאָרט האָט מען געדאַרפט צאָלן אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר אַריבערגיין די גרענעץ.

אין אונזער שטעטל האָבן געוואוינט אַ 75 יידישע פאַמיליעס. אין די הינטער־געסלעך האָבן געלעבט די קריסטן. די יידן און די קריסטן האָבן זיך גאַנץ פיין געלעבט בשלום. איינער האָט געהאַנדלט מיטן אַנדערן און מען האָט זיך געמוטשעט. יאָ, געמוטשעט, ווייל מען האָט עס נישט געקאָנט אָנרופן געלעבט, נאָר געמוטשעט. דער גרעסטער טייל יידישע איינוואוינער איז געווען אָרעמע לייט, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין חיונה. זיי זיינען אָבער אַ פּנים געווען צופרידן, ווייל זיי האָבן פון קיין בעסערס נישט געוואוסט. ווי זאָגט דאָס ווערטל: „אַז דער וואָרעם ליגט אין כריין, מיינט ער, אַז קיין זיסערס איז נישטאָ". די עטלעכע נגידים ביי אונז, וועלכע מען האָט געקאָנט אָפּציילן אויף די פינגער, איז אָבער געווען וואויל ווי די וועלט. יעדער איינער האָט זיי אָפּגעגעבן גרויס כבוד. זיי זיינען אָבער געווען שרעקלעך אָנגעבלאָזן ביי זיך און האָבן געקוקט אויף די קבצנים ווי אויף בייזע אָנשיקענישן.

אָבער כאָטש די קבצנים האָבן זיי אַרויסגעוויזן אַזאַ דרך ארץ און יראת הכבוד, איז עס נאָר געווען אויסערלעך. אינערלעך, אין האַרצן, זיינען די אָרעמע לייט גאָרנישט געווען אַזוי באַגייסטערט פאַר די גבירים, און זיי פלעגן האַלטן, אַז די גבירים האָבן אַ גרויסן טעות אויב זיי מיינען, אַז זיי האָבן שוין אָנגעכאַפּט דעם רבונו של

עולם ביי דער באַרד. נישקשה, צייטן קאָנען זיך נאָך בייטן, און עס קאָן נאָך קומען אויף די גבירים אַן אמת׳ע מפּלה.

די גבירים האָבן טאָקע געלעבט ווי קעניגע. זיי האָבן געהאַלטן דינסטן און משרתים, און אַליין האָבן זיי נישט געטאָן קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער. דאָס פאָלק האָט פאַר די גבירים געציטערט אימת המות. ווי עס איז נאָר געווען אַ פּעטע הון אָדער סתם אַ גוט שטיקל פלייש, האָט מען עס גלייך אַוועקגעטראָגן צו יעקב וואָלף דעם באַנ־קיר. קצבים האָבן מיר געהאַט דריי, נאָר פלייש איז אין שטעטל נישט געווען גענוג. אַז מען איז ווינטער־צייט געגאַנגען נאָך אַ שטיקל פלייש, איז געווען רעכט, אַז מען זאָל אָפּפרירן די פיס וואַרטענדיק. קיין ריי איז נישט געווען, נאָר דער קצב פלעגט זיך האָבן זיינע מיוחסים, און דער קבצן איז נישט געווען קראַנק צו וואַרטן. מיין מאַמע פלעגט מיך אַלע מאָל שיקן נאָך פלייש, ווייל קיין אַנדער קינד ביי אונז האָט נישט געוואָלט גיין. מיך פלעגט מען שיקן דערפאַר, ווייל איך האָב געהאַט אַ גרויס פּיסק און איך האָב מיר נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. איך האָב זיך נישט געשעמט און פלעג געבן אַ זאָג צום קצב:

— וואו איז ביי אייך יושר? מיך לאָזט איר שטיין אין דער קעלט, אָבער דערפאַר וואָס אונזער שכן איז רייכער פון אונז, גיט איר זיין טעכטערל פריער כאָטש זי איז געקומען שפּעטער פון מיר?!

אַז די קצב׳טע האָט געהערט ווי איך שווייג נישט איר מאַן, האָט זי זיך שוין אַריינגעמישט:

— פאָלג מיך, נתן, גיב שוין דעם גרויסן פּיסק דאָס שטיקל פלייש, ווייל זי וועט דיר דערגיין די יאָרן.

דער כעס אין מיר קעגן קצב האָט נאָך אַלץ געברענט ווען איך בין אַהיימגעקומען, און איך האָב דעם קצב געשאָלטן מיט טויטע קללות.

אַ פּנים, אַז מיינע עלטערן האָבן פאַרשטאַנען, אַז די קללות קו־מען אַלס אַן אויסדרוק פון עפּעס, פון געפילן, וואָס דריקן מיך, און מיין טאַטע פלעגט זאָגן צו דער מאַמען: „זע נאָר זע, זאָלסט מיר

לעבן, דו ביזט עפּעס אַ מבין אויף דיין טעכטערל? זי איז דאָך אַ גאַנצע פילאָזאָפקע! זי קאָן נישט פאַרליידן קיין עוולות. נו, טאַ־קע, פאַרוואָס איז זי געבוירן געוואָרן ביי אַ ייד אַ קבצן, מיט זיבן פּאָלעס? האָט זי נישט געקאָנט געבוירן ווערן ביים באַנקיר יעקב וואָלף?"

קיין דאָקטאָר איז ביי אונז אין שטעטל נישט געווען. אַז איינער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען גערופן צו אים מרדכי רופא, אַ פרי־זירער, אַ הויכער מאַן, וואָס האָט צו אַלע קרענק געהאַט איין רפואה. ער פלעגט שטעלן פּיאַווקעס און באַנקעס. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ באַהאַנדלונג האָבן די שוואַכערע קינדער, וואָס פלעגן קראַנק ווערן, זיך נישט קאָנען אַרויסדרייען פון זייער קראַנקהייט און פלעגן שטאַרבן, און נאָר די פיזיש־שטאַרקערע פלעגן בלייבן לעבן. אַז איינער איז אמת׳דיק קראַנק געוואָרן און מען האָט זיך גענומען שרעקן פאַר זיין לעבן, האָט מען געמוזט ברענגען אַ דאָקטאָר פון דער גרויסער שטאָט, אָבער דאָס האָט שוין געשמעקט מיט אַ סך געלט און אַן אָרעמאַן האָט זיך אַזאַ לוקסוס נישט געקאָנט פאַרגינען.

ברויט פלעגט יעדע באַלעבאָסטע באַקן אַליין פאַר איר הויז געזינד. יעדן פרייטאג פלעגט יעדע באַלעבאָסטע אָפּבאַקן ברויט אויף אַ גאַנצע וואָך, און מען פלעגט ציטערן איבערן שטיקל ברויט, אַז עס זאָל קלעקן פאַר דער גאַנצער וואָך. אַז גאָט האָט איינעם גע־שטראָפט און ער איז געווען באַפאַלן מיט אַ שטוב קליינע קינדער, וואָס האָבן געדאַרפט עפּעס אַריינלייגן אין די מיילער, פלעגט טייל־מאָל אויספעלן ברויט אויף איבער דער וואָך, און די ווייבער פלעגן זיך אַן עצה געבן דורכדעם, וואָס מען פלעגט אַרויסשיקן צו אַ שכנה לייען אַ ברויט.

איך געדענק, אַז מיין מאַמע האָט מיך אַמאָל געשיקט מיט מיין עלטערע שוועסטער באָרגן אַ ברויט ביי אַ שכנה׳טע. ס׳איז געווען ווינטער־צייט און אויף דער גאַס איז געלעגן אַ טיפער שניי. איך בין געגאַנגען מיט מיין שוועסטער, ווייל איך בין געווען פאַראינטע־רעסירט צו קריגן דאָס ברויט, וואָרום איך בין געווען הונגעריק און

איך האָב גערעכנט, אַז אויפן וועג וועל איך דערוויייל קאָנען עסן. א דאַנקען גאָט, וואָס די שכנה האָט אונז נישט אָפּגעזאָגט, נאָר טאַקע געבאָרגט דאָס ברויט. זי האָט דאָס ברויט געגעבן צו מיין שוועסטער און איר געזאָגט:

— נאָ, און זאָג דיין מאַמען, אַז זי זאָל מיר צוריקגעבן אַ ברויט פון דער זעלבער וואָג. זי זאָל מיר אַמאָל נישט אָפּשיקן קיין קלע־נערס.

מיר זיינען אַהיימגעלאָפן מיט אַ גדולה, אַז אָט־אָט וועלן מיר האָבן צו עסן. מיין שוועסטער האָט געהאַט אַ טבע, אַז זי האָט ליב געהאַט דאָס האַרטע שטיקל, די שישקע, וואָס וואַקסט אַרויס פון ברויט. זי פלעגט דאָס אָנרייבן מיט קנאָבל און דאָס איז געווען ביי איר אַ גאַנצער יום טוב. אַ״ז אַזוי ווי מיר טאָפּטשן זיך אַזוי אין שניי, האָט מיין שוועסטער דערזען אַ האַרטע זאַך. זי האָט געמיינט, אַז זי האָט פאַרלאָרן די שישקע פון ברויט, וואָס זי האָט געבאָרגט, האָט זי עס שנעל אויפגעהויבן און גלייך אַריינגעביסן. אָבער באַלד האָט זי עס אויסגעשפּיגן און גענומען ברעכן, ווייל זי האָט נעבעך אַריינגעכאַפּט אַ פאַרהאַרטעוועט שטיקל אָפּפאַל פון אַ פערד. זי האָט דערנאָך געבראָכן מיט דער גרינער גאַל און עס האָט גענומען עטלעכע טעג ביז זי איז געקומען צו זיך. אַ שטיקל צייט דערנאָך האָט זי קיין שישקע מער נישט גענומען אין מויל אַריין...

געווען ביי אונז אַ יידינע, אַן אלמנה, זעלדע די לאַנגע, וואָס האָט געהאַט נאָך אַ נאָמען „זעלדע די פּאָסט״, ווייל זי האָט געוואוסט וואָס ביי יעדן אין טעפּל קאָכט זיך. אַזוי ווי זי האָט נאָר אָפּגעגעסן אָנבייסן, האָט זי זיך אָנגעטאָן אַ גרויס פאַרטוך און זיך אַרויסגעלאָזט איבער די הייזער. אַז איינער האָט עפּעס געוואָלט אויסגעפינען וואָס עס הערט זיך אין שטעטל, האָט ער עס געקאָנט טאָן ביי זעלדען. אַז עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז מען האָט זעלדען נישט געזען, האָט מען שוין פאַרשטאַנען, אַז אין שטעטל איז שטיל, אַז עס איז גאָרנישט פאַרלאָפן. טאָמער איז ביי עמיצן קראַנק געוואָרן אַ קינד,

האָט מען געזאָגט, אַז דאָס איז מסתמא זעלדעס אַרבעט, אַז זי האָט אודאי דעם קינד געגעבן אַן עין הרע, אַ „גוט אויג".

געווען ביי אונז אַ בחור, אַ יתום, פון אַ יאָר 20, א תם. מען האָט אים געקרויינט מיטן נאָמען „בענטשע ראש חודש". ער פלעגט העלפן דעם רבי'ן טראָגן די קליינע קינדער אין חדר אַריין. ער פלעגט אויך טראָגן וואַסער פאַר די ווייבער און בכלל גיין אַ גאַנג. קיין געלט האָט ער פאַר זיין אַרבעט נישט פאַרלאַנגט, נאָר עפּעס אָפּצועסן, און די פרומע ווייבער ביי אונז האָבן שוין געזען, אַז עס זאָל אים קיין עסן נישט פעלן.

מיט דעם בחור איז פאַרבונדן אַ גאַנצע מעשה:

מיט יאָרן צוריק איז אין שטעטל געווען אַ מויד נישט קיין דערבאַקענע. גערופן האָט מען זי „האָציע דעקיע". דעם שיינעם נאָמען האָט מען איר געגעבן, ווייל ווען זי איז געווען אַ קינד, האָט זי זייער שפּעט אָנגעפאַנגען ריידן, און ווען זי האָט שוין יאָ גערעדט, האָט זי אַרויסגעזאָגט האַלבע ווערטער. איר טאַטע פלעגט האַנדלען מיט פערד, און ווען מען האָט איר געפרעגט וואו איר פאָטער איז, האָט זי געענטפערט: „האָציע דעקיע דיקע דאָקיע טאטיע פאָריע ברענגיע פערדיע". דערפאַר האָט מען איר באַקרוינט מיטן נאָמען „האָציע דעקיע". איינמאָל שבת זיינען איר טאַטע־מאַמע געגאַנגען אין שול אַריין בענטשן ראש חודש און מען האָט איר אָנגעזאָגט למען השם, אַז זי טאָר גאָרנישט עסן ביז זיי וועלן אַהיימקומען פון שול אָפּגעדאַוונט און געבענטשט ראש חודש. זי איז שוין דעמאָלט געווען אַ דערוואַקסענע מויד פון אַ יאָר 20 אָדער 21. זי איז גע־וואָרן שטאַרק הונגעריק און זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף טאַטע־מאַמע, איז זי אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס קוקן צי זיי קומען נישט אָן. זיי זיינען נישט געקומען, אָבער דערפאַר איז אָנ־געקומען אַ יונגערמאַן, איינער מאָשקע מאַקאָבאַנד, וועלכער האָט זיך אַריבערגע׳גנב׳עט די גרענעץ און האָט זיך אויפגעהאַלטן ביי אונז אין שטעטל עטלעכע וואָכן. אַז ער האָט דערזען די מויד שטיין אַליין, האָט ער באַקומען צו איר חשק און זי געפרעגט אויף וועמען

זי וואַרט. „האָציע דעקיע" האָט אים אויף איר שטייגער ריידן דער־ציילט, אַז איר טאַטע־מאַמע זיינען געגאַנגען אין שול בענטשן ראש חודש און איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל פריער נישט עסן, אָבער זי איז טויט־הונגעריק און זי קאָן זיך אויף זיי שוין נישט דערוואַרטן, איז זי אַרויסגעגאַנגען זען צי זיי קומען נישט אָן.

דער יונגערמאַן האָט דאָך באַלד דערזען מיט וועמען ער האָט צו טאָן, זאָגט ער צו איר: „נאַר וואָס דו ביזט, וואָס דאַרפסטו וואַרטן אויף זיי? דער עיקר איז דאָך דאָס ראש חודש בענטשן. וואָס דאַרפסטו וואַרטן אויף זיי? קום אַריין אין שטוב און איך וועל מיט דיר בענטשן ראש חודש, וועסטו מעגן עסן."

די מויד האָט זיך גאָר מחיה געווען. זי איז אַריין מיט אים אין שטוב און ער האָט „אָפּגעבענטשט" מיט איר דעם ריכטיקן ראש חודש און האָט תיכף געמאַכט אַ ויברח פון שטעטל. די מויד האָט אָפּגעגעסן און איז אַריין אין בעט. ווען אירע עלטערן זיינען ענדלעך אַהיימגעקומען פון שול און האָבן געטראָפן זייער מויד אין בעט, זאָגט די מאַמע צו איר:

— וואָס ליגסטו עפּעס אין בעט? קום אַרויס, מיר האָבן שוין אָפּגעבענטשט ראש חודש, און דו מעגסט שוין עסן.

ענטפערט איר די מויד:

— איך האָב שוין געגעסן. מאָשקע האָט מיט מיר אָפּגעבענטשט ראש חודש און איך האָב שוין געמעגט עסן און נישט געדאַרפט וואַרטן אויף אייך.

איר פאָטער האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען מיט זיין קלוגער טאָכטער, האָט ער זיך גענומען רייסן די האָר פון קאָפּ און שרייען מיט באַנומענע קולות:

— אוי, אַן אומגליק, אַזאַ ליימענער גולם! מיר האָבן נישט גע־טאָרט זי איבערלאָזן אַליין אין דער היים!

די מאַמע האָט גענומען וויינען און קלאָגן. זיי האָבן פאַרשטאַ־נען זייער אומגליק, אַז מאָשקע האָט זיי שוין אָפּגעשפּילט די ריכטיקע חתונה.

די מויד איז נאָך אַלץ געלעגן אין בעט און נישט באַגריפן וואָס דער טאַטע מיט דער מאַמען קאָכן זיך אַזוי.

— וואָס קאָמאַנדעוועט איר אַזוי? — האָט זי זיך געוווּנדעט צו זיי — דו האָסט געבענטשט ראש חודש מיט דער מאַמען אין שול, און מאַשקע האָט דאָ געבענטשט דעם זעלבן ראש חודש מיט מיר.

בקיצור, עס איז שוין געווען פאַרפאַלן. האָציע האָט מיט מזל פאַרשוועכגערט און אויסגעטראָגן בענטשען. זיין זיידע־באָבע זיינען געשטאָרבן און האָציע האָט אים געהאָדעוועט ביז ער איז געוואָרן 19 יאָר. דערנאָך איז זי קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט דעם געראָטענעם בענטשע אויף הפקר, אָבער מיט א נאָמען „בענטשע ראש חודש״.

מיין טאַטע איז געווען אַ געלערנטער ייד, מען קאָן זאָגן אַ תלמיד חכם, נאָר ער איז געווען זייער פאַנאַטיש. ווען ער האָט חתונה גע־האָט מיט מיין מאַמען, האָט מען אים צוגעזאָגט אַ יאָר קעסט און ער איז זיך דערווייל געזעסן אין בית המדרש און געלערנט גאָט ברוך הוא׳ס תורה. דערווייל איז געקומען אַ קינד אויף דער וועלט און מען האָט געמוזט אָנהייבן טראַכטן וועגן אַ תכלית. האָט מיין זיידע דערלאַנגט דעם נדן און זיי האָבן געעפנט אַ קרעמל. מיין מאַמע איז געווען די גאַנצע געשעפטס־פירערין, ווייל די קונים זיינען דער עיקר געווען גויים, און מיין טאַטע האָט, לא עלינו, נישט געקענט ריידן קיין גויאיש. אין געשעפט ביי אונז האָט מען פאַרקויפט מעהל, קאַלך, זאַלץ, גרויפן און דאָס גלייכנס. די אַרבעט איז פאַר מיין מאַ־מען געווען צו שווער, האָט זי געוואָלט אויך איינשפאַנען דעם טאַטען, און האָט אים דעריבער גענומען לערנען ריידן גויאיש, אַז ער זאָל איר קאָנען אַרויסהעלפן. נו, נו, האָט עס זיך אַביסל אָפּגעטאָן מיט אים. איינמאָל איז מיין מאַמע אַרויפגעגאַנגען אויפן בוידעם, וואו עס איז געווען אונזער לאַגער, פון דאָרט עפּעס נעמען, דערווייל איז אַריינגעקומען אַ גויע אין געוועלב און געפרעגט אויף אַ פונט מעהל. דער טאַטע האָט איר געזאָגט דעם פרייז, און אַ פנים, אַז די גויע האָט געהאַלטן, אַז דער פרייז איז שטאַרק איבערגעטריבן, און

ווי אַ פּראָסטער דאָרפסמענטש האָט זי זיך וואולגאַר אויסגעדריקט „איך וועל דיר געבן נאַסטראַטשע" (כ'מאַך זיך אויס אויף דיר...) שרייט דער טאַטע אַרויף צו מיין מאַמען:

— אסתר, די ערלית גיט מיר פאַר אַ פונט מעהל נאַסטראַטשע, זאָל איך נעמען? — ווייל ער האָט נעבעך געמיינט, אַז „נאַסטראַטשע" איז אַ קלענערע סומע.

מיר האָבן אויך פאַרקויפט טאָלפענס (היטלעך) זאַלץ, וואָס איז מערסטנס געווען נאַס, האָבן מיר געמוזט אַרויסלייגן דאָס זאַלץ צו טריקענען אויפן פּעקעלעק.

אַנטקעגן אונז האָט געוואוינט אַ ייד, וועלכן מען האָט גערופן „בעזפּאַלעץ", וואָס דאָס מיינט „אָן אַ פינגער". ער האָט אויך גע־האָט אַ געוועלבל און ער פלעגט פאַרקויפן די זעלבע זאַכן וואָס מיר.

איינמאָל, ווען מיין טאַטע האָט שוין געקענט ריידן האַלב יידיש און האַלב גויאיש, אַ זונטאָג־טאָג, ווען די גויים זיינען געקומען פון די דערפער אין קלויסטער און אַהיימגייענדיק האָבן זיי זיך אָפּגע־שטעלט אין די יידישע געוועלבלעך און איינגעקויפט די זאַכן וואָס זיי האָבן געדאַרפט האָבן, האָט מיין פאָטער זיך אַוועקגעשטעלט אין דרויסן פון אונזער געוועלבל און גענומען אויסרופן צו די גויים:

— ניע אידיטע טו בעז פּאַלעץ אָן מאַיע מלח ישקיא נאַ פּע־קעלעק.

געמיינט צו זאָגן האָט ער, אַז זיי זאָלן נישט אַריינגיין קויפן צו אונזער קאָנקורענט, ווייל ער האָט נאַס זאַלץ.

די גויים האָבן נאַטירלעך נישט פאַרשטאַנען וואָס דער טאַטע רעדט, זיינען זיי געשטאַנען און אים אָנגעקוקט ווי אויף בייזע וואונדער.

איינמאָל האָט מיין מאַמע געשיקט מיין טאַטן אין אַ דערבייאיק דערפעל צו אַ גויע וועגן אַ הון. מיין מאַמע האָט געהאַנדלט מיט דער גויע און די גויע האָט שטאַרק געהאַלטן פון מיין מאַמען, האָט זי איר צוגעזאָגט, אַז זי וועט האָבן פאַר איר צוגעגרייט אַ הון, אויב זי וועט קומען דערנאָך. גראָד האָט די מאַמע נישט געקאָנט צוגיין

צו דער גויע, ווייל אַ קינד איז ביי אונז קראַנק געוואָרן, האָט זי געזאָגט צום טאַטען:

— גיב אַ גיי צו צו דער אַלטער גויע, און זאָג איר, אַז דו ביזט דער מאיערקאָוועס מאַן (מיין טאַטע האָט געהייסן מאיר, האָט מען מיין מאַמען גערופן „די מאיערקאָוועס״), קויף ביי איר די הון, באַצאָל איר און אַזוי ווי דו האָסט נאָך געלט, גיי אַריין צו אַנדערע גויים און זע עפּעס ביי זיי צו קויפן, ווייל עס איז מיר אַליין שווער אָנצוגיין מיט אַלץ און איך וויל דיך איינבערעכן אַלס סוחר.

מיין טאַטע איז אַוועק, האַלטענדיק דאָס געלט אין אַ בייטל, אין וועלכן עס זיינען געלעגן אַ 20 רייניש, מערסטענס קליינגעלט. דאָס ערשטע האָט ער געקויפט אַביסל תבואה. ביי אַן אַנדערן פויער האָט ער געקויפט פלאַקס, און צו דער אַלטער גויע איז ער געגאַנגען צום לעצט. זיין חשבון איז געווען, וואו וועט ער זיך די גאַנצע צייט אַרומטראָגן מיט אַ לעבעדיקער הון?

ער האָט געזאָגט דער גויע ווער ער איז, און אַז מיין מאַמע האָט אַליין נישט געקאָנט קומען, האָט זי אים געשיקט נאָך דער הון. די גויע האָט אים אויפגענומען זייער פריינטלעך. זי האָט אָפּגעלויבט וואָס פאַרע טייערע פרוי מיין מאַמע איז. דערנאָך האָט זי אַרויס־געבראַכט אַ גרויע פעטע הון.

— וויפל קאָסט די הון? — פרעגט מיין פאָטער.

— די הון קאָסט, ווייל פאַר דיר, 95 גרייצער, אַ פּרוטה נישט ווייניקער. דאָס איז נאָר פאַר דיר, ווייל איך האָב ליב דיין פרוי.

מיין טאַטע האָט אפילו געזעהען, אַז עס איז אַ מציאה, אָבער דאָך האָט ער זיך געשטעלט דינגען. ער האָט געוואָלט ווייזן מיין מאַמען, אַז ער איז אַ גוטער סוחר. ער האָט אָנגעבאָטן דער גויע 85 גרייצער, אָבער זי איז געווען איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט נעמען, האָט מיין טאַטע גענומען זיין בייטל מיטן געלט, אָפּגעציילט 90 גרייצער, אַוועקגעלייגט אויפן טיש, געכאַפּט זיינע איינגעקויפטע סחורות און די הון איז אַנטלאָפן פון דער גויעס שטוב. אין גרויס איילעניש האָט ער דאָרט דערווייל פאַרלאָרן דעם בייטל מיטן אי־

בעריקן געלט. די גויע איז געווען זעהר אַן ערלעכע. אַז זי האָט גע־זען דעם טאַטענס בייטל, האָט זי אים גענומען נאָכלויפן. דער טאַטע האָט געזען, אַז די גויע לויפט אים נאָך, איז ער געווען זיכער, אַז אַז זי לויפט אים נאָך נאָך די 5 גרייצער, וועלכע ער האָט אַראָפּ־געריסן, אַז נישט זאָל ער צוריקגעבן די הון, האָט ער גענומען שטעלן גיכערע טריט. די אָרעמע גויע איז נעבעך געלאָפן מיט די לעצטע כחות און געשריגן:

— מייערקע, קום צוריק, דאָ איז דיין בייטל מיטן געלט!

אָבער מיין טאַטע האָט נאָר געהערט דאָס וואָרט געלט, איז ער געווען זיכער, אַז זי שרייט, אַז ער זאָל איר צוצאָלן אָדער אָפּגעבן די הון, האָט ער גענומען נאָך שנעלער לויפן. די גויע ווידער איז אים נאָכגעלאָפן מיטן בייטל אין דער האַנט. פון דער גויע ביז צו אונז איז געווען אַ שיין שטיקל וועגס, און דער טאַטע האָט זיך זייער שטאַרק פאַרמאַטערט. מיט די לעצטע כחות, נישט טויט, נישט לע־בעדיק, איז ער אַריינגעפאַלן אין דער שטוב. די מאַמע האָט זיך זייער דערשראָקן, און אים געפרעגט וואָס עס איז געשען, האָט ער איר סאָפּענדיק געזאָגט:

— וואָס ווייסטו, וואָס איך האָב געהאַט פון דער פאַרשיווער גויע. זי לויפט דאָך מיר נאָך צוליב לויזיקע 5 גרייצער. אַזאַ איינגע־שפּאַרטע גויע האָב איך נאָך נישט געזען אין מיין לעבן.

און פאַר כעס נעמט ער זי שעלטן מיט די ביטערסטע קללות.

דאָ פאַלט אַריין אין הויז די גויע אַ פאַרסאָפּעטע. דערזען זי, זאָגט מיין טאַטע צו דער מאַמען:

— זאָלסט מיר לעבן און געזונט זיין, זע נאָר אַ בעלנות פון אַ חזירישע גויע צוליב 5 גרייצער נאָכצולויפן אַזאַ שטיק וועגס.

ערשט מיר גיבן אַ קוק אויף דער גויע, שטייט זי און לאַכט:

— וואָס איז ער געלאָפן, דיין מאַן? — ווענדעט זי זיך צו דער מאַמען — ער האָט דאָך איבערגעלאָזט ביי מיר זיין בייטל מיטן גאַנצן געלט. איך לויף אים נאָך און שריי „שטיי, מייערקע, דאָ האָסטו דיין בייטל מיטן געלט“, און ער לויפט!

דער טאַטע און די מאַמע האָבן פאַרשעמטע אָנגעקוקט די אַל־טע גויע. זיי האָבן איר האַרציק געדאַנקט. דער טאַטע האָט איר גע־וואָלט עפּעס געבן פאַרן וועג, אָבער זי האָט פאַר קיין פאַל גאָר־נישט געוואָלט נעמען.

הינטער אונזער שטעטל באַלד ביים גויאישן קוואַרטאַל האָט געוואוינט זייער אַ פרומער ייד און אַ גרויסער געלערנטער. פון וואַ־נען ער איז געווען ווייס איך נישט, נאָר מען האָט געזאָגט, אַז ער רעדט האַלב יידיש און האַלב לשון קודש. אין שכנות מיט דעם ייד האָט געוואוינט אַ גויאישער שוסטער באַהאַטקעלע, וועלכער האָט זייער נישט ליב געהאַט דעם ייד און ווי ער האָט נאָר געקאָנט אים אָנטאָן צרות, האָט ער עס געטאָן, ווייל דער גוי האָט דערפון געהאַט גרויס הנאה. באַהאַטקעלע האָט פאַרמאָגט 10 ציגן, האָט ער זיינע ציגן געלאָזט נאָר אַרומטאַנצן אויפן יידנס דאַך. אויסער וואָס די ציגן האָבן דאָרט געטאַנצט, האָבן זיי אויך גאַנץ שיין אָפּגעגריזשעט די שטרוי פון דאַך, אַזוי, אַז ווי עס איז נאָר געגאַנגען אַ רעגן, האָט דער ייד געהאַט אַ מבול אין שטוב. דער ייד האָט זיך געבעטן רחמים ביי באַהאַטקעלע שוסטער, אַז ער זאָל צונעמען די ציגן, ווייל זיי שטעלן אים בדלות, אָבער דער גוי האָט זיך אויסגעלאַכט. וואָס מער ער האָט געזען, אַז דער ייד האָט עגמת נפש, אַלץ מער האָט עס אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן.

איינמאָל איז דער שוסטער אים אַזוי דערגאַנגען צום האַרצן, אַז ער האָט אים איינגעקלאָגט אין געריכט. ווען ס'איז געקומען צום פּראָצעס, פרעגט דער ריכטער דעם ייד „וואָס איז דיין קלאָגע?״.

— פּאַניע מיראָוואָי, די מעשה איז אַזאַ: קאָלאָ מעניע סידיט באַהאַטקעלע שוסטער אי אָן מאַיע אַסאָרע עזים קאָל דען אָצקעלע קאָצקעלע נאַ מוי דאַך, יאַ יעוואָ קאַזשע אַ אָן זשע לאַך.

אויף פשוט יידיש האָט עס געמיינט: „הער ריכטער, נעבן מיר וואוינט באַהאַטקעלע שוסטער. ער האָט צען ציגן און זיי טאַנצן אַ גאַנצן טאָג אויף מיין דאַך. איך בעט אים, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן, לאַכט ער זיך אויס פון מיר״.

פאַרשטייט זיך, אַז ווען דער ייד האָט אַזוי אַוועקגעלייגט זיינע טענות אין אַזאַ שפּראַך, איז געוואָרן אין געריכט אַ שטאַרק געלעכטער און דער ריכטער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל, האָט מען גענומען אַ יידן אַן איבערזעצער און ער האָט ערשט איבערגעגעבן דעם יידנס טענה. ווי דער ריכטער האָט דאָס דערהערט, האָט ער געפּסק'נט, אַז דער גוי, דער שוסטער, מוז פאַרקויפן זיינע ציגן און דער ייד זאָל ענדלעך האָבן פון אים מנוחה.

דערהערט דעם פּסק דין איז דער ייד אַוועק אַהיים מלא שמחה.

# די ערציאונג

מיר זיינען געווען 6 מיידלעך אין שטוב. פאַרשטייט זיך, אַז מיין טאַטע האָט געהאַט צו זאָרגן וועגן אונז. ער איז געווען אַ ייד אַן אָרעמאַן און צו טעכטער האָט מען געדאַרפט האָבן נדן. מיר זיינען גראָד געווען שיינע מיידלעך און אויך געראָטענע, אָבער אָן נדן איז געווען אומעגלעך חתונה צו האָבן. די ערשטע זאַך וואָס אַ שדכן האָט געפרעגט ווען מען האָט אים געבעטן ברענגען אַ שידוך, איז געווען „וויפל נדן גיט איר פאַר דעם מיידל ?״.

מיין טאַטע איז געווען דאָס וואָס מען רופט אין אַמעריקע אַ „קאָסטאָם פעדלער״. ער פלעגט אַרומפאָרן איבער דער מדינה מיט טליתים, ארבע־כנפות׳ן, פאַטשיילעס פאַר די ווייבער אדג. אַלע ווייבער האָבן דעמאָלט געטראָגן שייטלען אויף זייערע קעפּ. אין שייטל פלעגט מען זיך פאַרפּוצן נאָר אויף שבת. אַ גאַנצע וואָך אָבער פלעגט מען טראָגן אַ פאַטשיילע אויפן קאָפּ און דערמיט פאַרדעקן דאָס שייטל. נו, פלעגן פאַטשיילעס זיין אַ גאַנגבאַרע סחורה.

מיין טאַטע פלעגט אַהיימקומען נאָר אויף די יידישע יום טובים, דאָס הייסט עטלעכע מאָל אַ יאָר. די איבעריקע צייט פלעגט ער אַרומפאָרן מיט זיין האַנדל, אָבער מיין מאַמע האָט זיך צופיל נישט געקאָנט פאַרלאָזן אויף זיינע פאַרדינסטן, האָט זי נאָך צוגעהאַלטן אַ געוועלבל, און מיט דעם אַלעם האָט מען נישט געהאַט קיין פּרנסה, נאָר אויסגעמוטשעט דאָס שטיקעלע ברויט.

ווען די מיידן האָבן גענומען אונטערוואַקסן, איז מיין טאַטענס זאָרג וועגן זיי געוואָרן נאָך גרעסער. ער פלעגט פשוט שרייען „גוואַלד, וואָס טוט מען, ווי אַזוי מאַכט מען חתונה כאָטש עטלעכע מיידן?״

איז ער געפאַלן אויף אַ פּלאַן. אַזוי ווי ער איז אַרומגעפאָרן איבער פאַרשידענע יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט ער אָנגעהויבן צו כאַפּן חתנים. אַלץ וואָס ער האָט געזוכט, איז געווען אַז די חתנים זאָלן האָבן יחוס. אַזוי איז אים געלונגען צו כאַפּן דריי חתנים. געוויינלעך פלעגט ער אויפזוכן אַן עלנט יונגל, אַ יתום, און פלעגט אים צוזאָגן גאָלדענע גליקן, אַבי ער האָט אים געקראָגן פאַר אַן איידעם.

טאָמער האָט אַ שוועסטער מיינע געזאָגט, אַז דער חתן געפעלט איר נישט, האָט עס זייער ווייניק געהאָלפן, ווייל מיין טאַטע איז געווען אַ שטרענגער ייד, און מיר האָבן פשוט פאַר אים מורא געהאַט. ער פלעגט אפילו אויסקלייבן פאַר אונז חבר׳טעס מיט וועמען זיך צו חבר׳ן. איך פלעג זיך חבר׳ן מיט אַ שניידערס אַ מיידל, איז דאָס מיין טאַטען נישט אָנגעשטאַנען. ער פלעגט שרייען „דער מויד ציט עס נאָר צו שנאָרערס!". מיר איז דאָס מיידל זייער געפעלן, אָבער נישט דעם טאַטען. ער האָט נאָר געוואָלט, אַז איך זאָל זיך חבר׳ן מיטן שוחט׳ס מיידל.

איך געדענק עס ווי איצט. איך בין דעמאָלט געווען אַ מיידל פון אַ יאָר 14. איך פלעג הערן, אַז מענטשן פאָרן אַוועק קיין אַמעריקע, און דאָרט איז זיי גוט. דאָרט איז אַ גאָלדענע מדינה און מען האָט דאָרט אַזעלכע זאַכן ווי אין גן עדן. איך פלעג טראַכטן אַז איך וואָלט אַזוי געוואָלט אַנטלויפן פון אונזער קליין שטעטל און פון מיין שטרענגען טאַטען און קומען אין דער פרייער וועלט, וואָס הייסט אַמעריקע. איך פלעג פאַנטאַזירן, אַז אין אַמעריקע וועל איך זיך קאָנען פאַרליבן און חתונה האָבן מיט דעם וואָס וועט מיר געפעלן, נישט זיין געצוואונגען צו לעבן מיט דעם וועלכן מיין שטרענגער טאַטע וועט מיר ברענגען פאַר אַ מאַן. אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ חלום. מיינע שוועסטער האָבן געוויינט און געקלאָגט, אָבער עס האָט זיי געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. קוים האָט מיין טאַטע געכאַפּט עפּעס אַ העכט, איז ער געווען אַ פאַרטיקער חתן און מיינע אַ שוועסטער האָט געמוזט מיט אַזאַ איינעם חתונה האָבן. מיין טאַטע

האָט געהאַט איין טענה, אַז זיי קאָנען זיך אַליין קיינעם נישט אויס־קלייבן, ווייל זיי האָבן אַ טאַטען אַ קבצן, און אַ קבצן איז בעסער אַז ער ווערט נישט געבוירן. און ווידער האָט ער גע׳טענה׳ט „איך וויל נישט האָבן קיין אַלטע מיידן אויף מיין קאָפּ״, און אָן נדן פלעגט מען דאָך מוזן בלייבן זיצן אַן אַלטע מויד.

איינמאָל אויף פּסח איז מיין טאַטע אַהיימגעקומען מיט עפּעס אַ העכט פון לעמבערג. דאָס האָט ער געמאַכט דאָס גרויסע געווינס, ווייל דער בחור האָט געשטאַמט פון בלויז רבנים. נאָר ער איז גע־ווען אַ יתום און קיין באַשעפטיגונג האָט ער נישט געהאַט. דעם בחור האָט דער טאַטע געבראַכט פאַר מיין דריטער שוועסטער. זי איז גע־ווען אַ שיין חנו׳דיק מיידל, אָבער קליין געוואַקסן, אינגאַנצן אַ 5 פוסיקע. דער בחור אָבער איז גראָד געווען אַ הויכער, פון 6 פוס מיט 2 אינטשעס. ווען מיין שוועסטער האָט דערזען דעם חתן, האָט זי גענומען וויינען, אַז זי וויל אים נישט. ערשטנס, איז ער אַ סך עלטער פאַר איר, און, צווייטנס, וויל זי נישט אַזאַ לאַנגען, נאָר אַ סך קירצערן.

דאָ האָט זיך דער טאַטע צעשריען:

— וואָס, ער געפעלט נאָך דיר נישט? וואָס איז, דו דאַרפסט אים דען קאָכן אין באָרשט?

און ווען ער האָט געזען, אַז מיין שוועסטער הערט נישט אויף צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און זי האַלט אין איין וויינען, האָט ער אויסגערופן:

— און וואָס איז, מען פרעגט דען ביי דיר?

און אַזוי האָט מען זי חתונה געמאַכט.

מיר האָט שוין גענומען גיין אויפן זעכצנטן יאָר, און איך האָב אָנגעהויבן ציטערן צי אין אַ שיינעם טאָג וועט מיין טאַטע נישט געבן אַ קום מיט אַ שטיקל פאַרטיקע סחורה פאַר מיר. איך האָב דעריבער גענומען אַלץ אָפטער טראַכטן וועגן אַמעריקע, אין וואָס איך האָב געזען מיין איינציקע ישועה.

און מיין חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן:

מיין עלטסטער שוואָגער האָט אין דעם קליינעם שטעטל נישט געקאָנט מאַכן קיין לעבן, האָט ער זיך מיישב געווען און איז אַוועק קיין אַמעריקע. ער איז דאָרט אָפּגעווען איין יאָר צייט, האָט ער געשיקט שיפסקאַרטן פאַר זיין פרוי און זייער טעכטערל, אַ קינד פון צוויי יאָר. דעמאָלט האָב איך געבומען טענה׳ן מיט מיין טאַטן, אַז ער זאָל מיך אויך שיקן קיין אַמעריקע. איך האָב אים אַנגעוויזן, אַז ער קאָן מיך שיקן מיט מיין שוועסטער, וועט ער נישט קיין מורא האָבן, אַז עס וועט מיט מיר עפּעס פּאַסירן אויפן וועג. דאָס איינ־ציקע, וואָס ער דאַרף פאַר מיר, איז אַ שיפסקאַרטע מיט אַ פּאָר גרייצער אויפן וועג. אַזוי ווי דער טאַטע האָט געוואָלט אַרויס׳פּטר׳ן נאָך אַ מויד פון שטוב, איז מיר נישט אָנגעקומען שווער אים צו פאַרקויפן די אידיי פון פאָרן קיין אַמעריקע. דער טאַטע האָט אָנגעזאָגט מיין שוועסטער, אַז זי זאָל למען השם גוט אַכטונג געבן אויף מיר, ווייל איך בין נאָך אַ קינד.

— דו זאָלסט זיין צו איר ווי אַ מאַמע — האָט ער געוואָרנט מיין שוועסטער.

אונזערע עלטערן זיינען געווען זייער פרום און פאַנאַטיש. מיר, מיידלעך, האָבן ניט געטאָרט שטיין נעבן אַ יונגל. אַזוי אָנגעשראָקן האָבן אונז די עלטערן דערפאַר. אייגנטלעך האָב איך נישט פאַר־שטאַנען פאַרוואָס מען טאָר נישט שטיין נעבן א יונגל, אָבער איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אויב אַ מיידל שטייט נעבן אַ יונגל, פאַרשוואַנגערט זי. אַ סימן האָב איך געהאַט, אַז נאָך דער חתונה פאַרשוואַנגערט מען.

איך בין גראָד געווען אַ קלוג מיידל, אָבער די ערציאונג וואָס אונזערע עלטערן האָבן אונז געגעבן איז געווען אַזאַ, מ׳האָט אונז געהאַלטן אין איין אויפהאָדעווען אויף מורא און שרעק. פרעגן דער מאַמען, אַז זי זאָל אונז, מיידלעך, אַלץ ערקלערן, איז געווען אַרויס־געוואָרפן. זי פלעגט האָבן איין ענטפער „אַ מיידל טאָר נישט פרעגן קיין קשיות. מען טאָר נישט און שוין. אַז דו וועסט, מיין קינד,

אם ירצה השם, חתונה האָבן, וועסטו שוין אַליין אַלץ פאַרשטיין״.
דאַרף מען דאָך פריער חתונה האָבן!

ענדלעך איז געקומען דער גליקלעכער טאָג פון מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. איך בין אַ גאַנצן טאָג אַרומגעלאָפן אַ צעפּלאָמטע. איך האָב זיך אָפּגעזעגנט מיט אַלעמען און בין געווען אין זיבעטן הימל פאַר גדולה, וואָס איך פאָר ענדלעך אַוועק אין דער גאָלדע־נער מדינה. אַלע מיינע חבר׳טעס און פריינדינס ווי אויך מיין משפּחה האָבן מיך מקנא געווען, וואָס איך פאָר אַוועק אין יענעם לאַנד וואו מען שאַרט גאָלד אין די גאַסן, און וואו דאָס לעבן איז גאָר אַנדערש ווי ביי אונז.

אויף דער באַן האָב איך געזען אַריינקומען אַ בחור פון אונ־זער שטעטל, משה הערש האָט ער געהייסן. איך האָב אים גע־קענט, אָבער איך האָב פריער קיינמאָל צו אים נישט גערעדט, ווייל איך האָב דאָך נישט געהאַט קיין שום געשעפטן מיט יונגלעך. ער האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט נעבן מיר און מיך געפרעגט: „פרומע, דו פאָרסט קיין אַמעריקע? איך פאָר אויך קיין אַמעריקע, וועלן מיר זיך האַלטן צוזאַמען אויפן וועג״. דערזען, אַז ער זיצט נעבן מיר, בין איך געוואָרן טויט און רויט, ווייל איך האָב דאָך מורא געקראָגן, אַז איך קאָן נאָך פאַרשוואַנגערן, האָב איך אָנ־געהויבן זיך אָפּרוקן פון אים. איך רוק זיך אָפּ, און ער רוקט זיך צו. וואָס מער איך רוק זיך אָפּ, אַלץ מער רוקט ער זיך צו, אַזוי ווייט און ברייט, אַז עס איז שוין אויף דער באַנק אין וואַגאָן נישט געבליבן קיין פּלאַץ פאַר מיר, האָב איך זיך אינגאַנצן אויפגעהויבן. ווי ער האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך צעלאַכט: „זיי נישט קיין טאַרנאָרודאָר קלאָץ, און אַנטלויף נישט. דו קאָנסט זיצן נעבן מיר, עס וועט דיר גאָרנישט שאַדן!״

איך קוק אים אָן און זאָג אים פאַרשעמט:

— דער טאַטעשי האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז מען טאָר נישט זיצן נעבן אַ יונגעל.

— אַזעלכע נאַרישקייטן האָט ער דיך געלערנט — ענטפערט

ער מיר צוריק — אַט זיצט דאָ דיין שוועסטער. זי איז שוין אַ פאַרהייראַטע פרוי. פרעג איר צי מען מעג זיצן נעבן אַ יונגל, אָדער עס איז דאָ עפּעס אַ מורא דערביי?

איך גיי צו צו מיין שוועסטער און רוים איר איין אַ סוד אין אויער:

— איך מעג זיצן נעבן משה הערשן, אָדער איך קאָן נאָך ווערן...?

צעלאַכט זיך מיין שוועסטער גיטל:

— זיי נישט קיין קינד. מעגסט זיצן, עס וועט דיר גאָרנישט שאַדן.

ערשט דעמאָלט האָב איך זיך אַוועקגעזעצט נעבן דעם בחור, אָבער טראָצדעם וואָס ביידע האָבן מיך באַרואיקט, בין איך נאָך אַלץ נישט געווען זיכער און בין געזעסן אין געהאַקטע וואונדן. אַזוי אַריינגעדרונגען זיינען אין מיר מיינע עלטערנס וואָרנונגען.

צוקומענדיק צו דער שיף, האָבן מיר זיך צעשיידט, ווייל דער בחור האָט געדאַרפט פאָרן מיט אַן אַנדערער שיף. אָבער איין זאַך האָב איך שוין געוואוסט נאָך איידער איך בין אַרויף אויף דער שיף, אַז די מעשה וועגן מורא צו זיצן נעבן א יונגל איז אַ בבא מעשה.

געקומען אין אַמעריקע בין איך מיט מזל אַוועק ארבעטן אין אַ שאַפּ. איך האָב געאַרבעט ביי מענער־העמדער. דאָ האָב איך זיך באַקענט מיט אַ מיידל, וועלכע איז געווען אַ פּאָר יאָר עלטער פון מיר. זי האָט מיר דערציילט ווי זי גייט אויס מיט באָיעס און האָט אַ גוד טיים. איך האָב זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און זי געפרעגט צי זי האָט נישט קיין מורא אויסצוגיין מיט באָיעס.

— פאַרוואָס זאָל איך עפּעס מורא האָבן? — האָט זי מיך אָנ־געקוקט ערשטוינט.

איך האָב איר דערציילט וועגן דער ערציאונג וואָס מען האָט מיר געגעבן אין דער אַלטער היים און די מורא וואָס מען האָט אין מיר איינגעפלאַנצט וועגן גיין מיט באָיעס. זי האָט אַ פּנים פאַר־

שטאַנעך, אַז דאָס ריכטיקע האָט מען מיר נישט געזאָגט, און איינמאָל, נאָך דער אַרבעט, זאָגט זי צו מיר:

— הער פעני, קום, מיר וועלן נעמען אַ וואָק און איך וועל דיר אַלץ עקספּליינען.

און אַזוי גייענדיק, האָט זי מיר ערקלערט, אַז פּונקט אַזוי ווי עס איז געווען איבערגעטריבן וואָס מען האָט מיר געזאָגט אין דער אַלטער היים, אַז מען טאָר נישט זיצן נעבן אַ בחור, אַנדערש ווערט מען שוואַנגער, פּונקט אַזוי איז איבערגעטריבן די שרעק, אַז מען טאָר נישט אויסגיין מיט אַ בחור, ווייל באַלד ווערט מען פון אים טראָגעדיק. מען מעג אויסגיין מיט אַ באָי, מען מעג זיך אפילו לאָזן פון אים אַמאָל אַ קוש געבן, און פון דעם געשעט נישט קיין שלעכטס. מען דאַרף נאָר זיין פאָרזיכטיק אין אַנדערע זאַכן.

דאָס מיידל האָט מיר פשוט די אויגן געעפנט. פון דעמאָלט אָן האָב איך אָנגעהויבן גאָר אַנדערש צו קוקן אויפן לעבן. איך האָב זיך גענומען באַקענען מיט באָיעס, אויסגיין מיט זיי און עס איז מיר געווען גוט ווי די וועלט. און אַזוי אויסגייענדיק, האָב איך זיך אַמאָל באַקענט מיט דעם, וואָס איז היינט מיין מאַן.

און ווען איך טראַכט וועגן מיין מאַן, דערמאָן איך זיך ווי מיין שטרענגער טאַטע פלעגט פאַר אונז כאַפּן חתנים אַכטונג געבענדיק נאָר אויף זייער יחוס, נישט צי זיי זיינען פאַר אונז פּאַסיק און אי־בערהויפּט צי זיי קאָנען מאַכן אַ לעבן.

ווער ווייסט ווי ער וואָלט געקוקט אויף מיין מאַן, ווייל ווען איך האָב זיך מיט אים באַקענט, איז ער גראָד געווען אַן אַרבעטער, אַ שניידער, ער האָט שווער געאַרבעט, געוואָרן אַ סעלף מעיד מען, איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער ביזנעס־מאַן, און האָט נישט נאָר מיר געגעבן אַ גוטע היים, נאָר די בעסטע מעגלעכקייט אויפצוציען אונזערע דריי קינדער פאַר גאָר לייט־ישע מענטשן, מיט אייגענעם יחוס.

# די ווילנער שמייסער

די געשיכטע האָט פּאַסירט מיט אַ סך יאָרן צוריק אין אַ קליין שטעטל אין ליטע, וואָס הייסט ווילאַן.

דאָס שטעטל שטייט אויף אַ הויכן באַרג און עס ענדיקט זיך אין אַ טאָל. דערצו איז דאָס שטעטל איינגעהילט אין אור־אַלטע וועל־דער. מ׳זאָגט, אַז דאָרט ליגן קדושים, וועלכע האָבן געקעמפט און זיך מקריב געווען אין אַ געראַנגל מיט פּאָגראָמשטשיקעס און רוצחים. אַ טייכל פליסט פאַרביי דעם שטעטל, און פאַלט אַריין אין אַזאַ וואַסערפאַל, אַז עס באַטרייבט אַ וואַסער־מיל.

אַז איינער האָט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, פלעגט ער זיך באַגיסן מיט טרערן. אַזוי האָבן די איינוואוינער ליב געהאַט זייער שטעטל. און פּונקט אַזוי ווי די מאַנסלייט פון שטעטל זיינען געלערנ־טע יידן, כמעט תלמידי חכמים, זיינען אָבער מאַנכע ווייבער נישט געווען קיין איבערגעשפּיצטע, נאָר פּראָסטע יידענעס, פרום און פאַנאַ־טיש, אַזוי, אַז מען האָט זיי געקאָנט איינריידן אַ „לונג און לעבער אויף דער נאָז".

מיט אַ סך יאָרן צוריק איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַ שיינער הויך־געוואַקסענער ייד מיט אַ פּרעכטיקע רויטע באָרד און צוויי פייערדיקע אויגן, מיט לאַנגע פּאות. דער ייד איז געקומען צוזאַמען מיט אַ ווייב און דריי קינדער; צוויי טעכטער און אַ זון. פון וואַנען ער איז געקומען, האָט קיינער נישט געוואוסט, אָבער ער האָט גע־מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז אַ גוטער ייד, אַ גרויסער צדיק און פאַר אַ גאַנצן רובל פלעגט ער זיך פריער גיין טובל׳ן אין וואַסער און ווייבער פון שטעטל האָבן גענומען שטאַרק גלויבן אין אים. ער האָט זיי איינגערעדט, אַז אויב זיי וועלן זיך לאָזן שמייסן מלקות, וועט

עס פאַר זיי זיין אַ סגולה צו פּרנסה, צו אריכת ימים און צו האָבן קינדער, און איבער הונדערט יאָר וועלן זיי נאָך דערצו גיין גלייך אין גן עדן אַריין.

אָט די אַלע גוטע צוזאָגן האָבן זיי פּשוט פאַר׳כשוף׳ט און זיי האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו אים, אַז ער זאָל מיט זיי שלאָגן מלקות.

דער ייד האָט דאָס מלקות שלאָגן אַוועקגעשטעלט ווי אַ גע־שעפט מיט אַ סיסטעם, מיט פאַלגנדיקן פּרייזקוראַנט: פאַר 5 קאָפּי־קעס וועלן זיי קריגן 5 מלקות, פאַר 25 קאָפּיקעס גאַנצע 50 מלקות, און אַזוי פּראָפּאָרציאָנעל, אָבער די הויפּט־מציאה איז געווען דאָס וואָס פאַר אַ גאַנצן רובל, פלעגט ער זיך פריער גיין טובל׳ען אין וואַסער און אָט די מלקות זיינען שוין געווען די גאָר ריכטיקע סגולה צו אַלץ.

די ווייבער איז דער ענין זייער שטאַרק געפעלן, אַז פאַר אַ פּאָר קאָפּיקעס קאָנען זיי קריגן מלקות, וואָס וועלן זיי באַפרייען פון אַלע זינד. און וועלכער מענטש איז דאָס, בעוונותינו הרבים, נישט זינדיק?

דער ייד האָט אָבער געהאַט דעם שכל צו באַשווערן זיינע קליענ־טן, אַז זיי זאָלן למען השם קיינעם דערפון נישט דערציילן, ווייל אַנ־דערש וועט די סגולה גאָרנישטווירקן. און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט ווידער געווירקט, און ווי שווער עס איז געווען די ווייבער, האָבן זיי פאָרט געהאַלטן אַ סוד אפילו איינער פאַר דער אַנדערער.

דער ייד האָט די ווייבער, וואָס זיינען געקומען צו אים נאָך די מלקות, געהייסן אַרויפקריכן צו אים אויפן בוידעם. דאָרט פלעגט ער אַרויפקומען אָנגעטאָן אין אַ קיטל. ער פלעגט די ווייבער פאַרבינדן די אויגן און אַריבערלייגן אויף אַ באַנק און זיי שמייסן וועדליק וויפל זיי האָבן באַצאָלט.

וואָס ער האָט זיך נאָך דערלויבט דאָרט צו טאָן ווייס מען נישט ביזן היינטיקן טאָג...

דער סוד וואָלט זיכער געבליבן סוד און דער ייד וואָלט ווייטער אָנגעגאַנגען מיט זיין געשעפט, ווען עס מאַכט זיך נישט אַזאַ מעשה:

אין שטעטל האָט געוואוינט אַ ייד אַ קמצן. מ׳האָט אים גערופן פילאַ. געווינט צו זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אַ קו, האָט ער איר נישט געגעבן געווינג צום עסן, אָבער דערפאַר פלעגט ער איר מעלקן 4 מאָל אַ טאָג. איינמאָל, אין אַ שיינעם טאָג, איז ער געקומען איר מעלקן האָט ער געטראָפן די קו אַ טויטע. אָט דער קאַרגער איד האָט געגעבן זיין ווייב עטלעכע רובל אויף שבת, אָבער איר האָט פאַרפעלט עט־לעכע קאָפּיקעס און זי האָט עס געבעטן ביי איר מאַן. דאָ האָט ער פאַרלאַנגט אַ חשבון פון איר וואו זי האָט אַהינגעטאָן דאָס געלט, וואָס ער האָט איר געגעבן.

די יידענע האָט אים גענומען אויסרעכענען, אַז אַזויפיל און אַזוי־פיל האָט זי אויסגעגעבן אויף פלייש, אַזויפל אויף נאַפט, אַזויפיל אויף קוילן און דאָ האָט זי זיך ניט ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט „25 קאָפּיקעס פאַר לאָזן זיך שלאָגן מלקות״.

די יידענע האָט זיך געכאַפּט וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. זי האָט גענומען צוריקדרייען די רייד, אָבער עס האָט איר שוין גאָרנישט געהאָלפן. וואָס מער זי האָט געוואָלט פאַררייִדן, אַלץ מער האָט זי זיך פאַרפּלאָנטערט און די גאַנצע געשיכטע איז אַרויסגעקומען, און אַזוינאָך האָט מען זיך דערוואוסט וועגן דעם כשוף־מאַכער, דעם סאַדיסט, וואָס ער טוט צו די ווייבער און הייסט זיך נאָך דערפאַר צוצאָלן.

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אָנגעשטעלט דאָס יונגוואַרג אַז מען זאָל דעם ייד פאַרטרייבן פון שטעטל. געטריבן האָט מען אים אויף אַ וועג צו אַ שטעטל, וואָס איז באַקאַנט מיט אירע שטאַרקע קצבים, און זיי, הערנדיק וועגן די מעשים טובים פון דעם ייד, האָבן זיך מיט אים שוין אָפּגערעכנט ווי עס דאַרף צו זיין.

דאָס ווייב און קינדער זיינען פאַרבליבן אין שטעטל. דער זון איז פון עגמת נפש קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. די צוויי טעכטער האָבן באַקומען אַ צונאָמען „דעם שמייסערס טעכטער״ און זיי האָבן זיך געשעמט אַרויסצוגיין אין גאַס, ווייל מען פלעגט זיי נאָכשרייען דעם צונאָמען. זיי האָבן לאַנג שוין מער נישט געקאָנט

אויסהאַלטן און זיינען אויך אַוועק פון שטעטל. דאָס ווייב איז אויך קורץ דערויף געשטאָרבן, און אַ סברה אַז געשטאָרבן איז זי נישט מיט אַ נאַטירלעכן טויט, נאָר פון איר מאַנס קלעפּ. איר האָט ער, דער סאַדיסט, געגעבן מלקות נישט פאַר קיין געלט און ער האָט איר נישט געזשאַלעוועט, ווייל דאָס איז קענטיק געווען ביי אים אַ סאַ־דיסטישע קרענק.

נאָך דער געשיכטע האָט מען דאָס שטעטל אַ נאָמען געגעבן „וויזאָנער שמייסער״, און אַזוי איז דער נאָמען פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

# באַלוינט פאַר שפיכת דמים גרינערהייט

מיין שוואָגער, צו וועלכן כ'בין געקומען אין אַמעריקע, איז געווען אַ ווינדאָו קלינער.

אָפּגעווען ביי אים צוויי וואָכן, אויסגערוט זיך פון דער רייזע, זאָגט צו מיר דער שוואָגער: „איך האָב פאַר דיר אַ דזשאָב, אָבער דו מוזט אויפשטיין גאַנץ פרי, פיר דעם זייגער פאַרטאָג, וועל איך דיר אָוועקפירן צום שאַפּ. דער באָס האָט געהייסן ברענגען דיך און ער וועט דיר געבן אַרבעט".

איך בין אויפגעשטאַנען אין דער באַשטימטער צייט. מיין שוועסטער האָט מיר מיטגעגעבן אַ באַנדל עסן און איך בין אַוועק מיטן שוואָגער. געוואוינט האָט מיין שוועסטער אין בראָנזוויל און דער שאָפּ איז געווען אין גרענד סטריט, ברוקלין.

געבראַכט צום שאַפּ, זאָגט צו מיר דער שוואָגער, אַז איך זאָל וואַרטן ביז דער פּלאַץ וועט געעפנט ווערן, ווייל ער, דער שוואָגער, האָט באַדאַרפט אַוועקגיין צו זיין אַרבעט. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז נאָך דער ארבעט זאָל איך למען השם ניט וואַגן צו פאָרן אַליין אַהיים, ווייל אין אַמעריקע פאַרנאַרט מען יונגע מיידלעך. איך זאָל דעריבער וואַרטן און זעקס דעם זייגער וועט ער קומען מיך אָפּ־נעמען.

בין איך געשטאַנען און געוואַרט ביז מען האָט דעם שאַפּ געעפנט. איך בין אַריינגעגאַנגען און געפרעגט פאַרן דזשאָב, זאָגט דער באָס, אַז ער איז סאָרי. איצט האָט ער ניט קיין אַרבעט פאַר מיר, איך זאָל קומען נעקסטע וואָך.

עס איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן. אַהיימפאָרן קען איך נישט, און איך ווייס אפילו נישט ווי אַזוי מען פאָרט אַהיים. האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל פון שאַפּ און געוואַרט

אויף מיין שוואָגער. פאָלג מיך אַ גאַנג — וואַרטן ביז זעקס אַזייגער; אָבער וואָס אַנדערש האָב איך געקענט טאָן?

און פרעגט שוין גאָרנישט וואָס איך בין מיר אויסגעשטאַנען דאָרט וואַרטנדיק. אַן עלטער מיידל, אַ ליטוואַטשקע, האָט מיך גענומען אויף אַ קרייץ־פאַרהער. קודם האָט זי געוואָלט וויסן פון וואַנען איך קום, און ווען איך האָב איר געזאָגט: „פון גאַליציע", האָט זי אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. דערנאָך האָט זי געוואָלט וויסן וואָרום איך שטיי דאָרט אין „קאָרנער". האָב איך איר דערציילט די גאַנצע מעשה, אַז איך בין אַ גרינע און איך וואַרט אַז מיין שוואָגער זאָל קומען נעמען מיך אַהיים. דערהערט דאָס, איז ווידער אַ געלעכטער — „אַ גאַליציאַנערקע קען ניט פאָרן אַ היים!".

הכלל, איך בין אַזוי געשטאַנען אין געהאַקטע וואונדן און געוואַרט אויף מיין שוואָגער.

געקומען דינער טיים, האָבן אַלע אַרבעטער אַוועקגעלייגט די אַרבעט און זיך געזעצט עסן. איך בין אויך געוואָרן זייער הונגעריק, האָב איך פונאַנדערגעבונדן מיין באַנדל און אויך גענומען עסן, און ווי נאָר איך האָב גענומען דעם ערשטן ביסן אין מויל, האָט זיך די זעלבע מויד ווידער צעלאַכט אויפן קול: „זעט נאָר, מענטשן, גאַליציע עסט אויך!". איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, האָב איך צוריק פאַרמאַכט דאָס באַנדל און אויפגעהערט עסן. אַן אַנדער מיידל האָט מיר אפילו געזאָגט: „הער זי ניט און עס דיין דינער", אָבער דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי פאַרקלעמט אויס מורא פאַר ווייטערע געלעכטערס אַז איך האָב זיך שוין צו מיין עסן ניט צוגערירט, און אַ הונגעריקע בין איך פאַרבליבן זיצן און וואַרטן אויף מיין שוואָגער.

יענער טאָג האָט זיך ביי מיר געצויגן ווי אַ יאָר. גאָט האָט געהאָלפן און מיין שוואָגער איז ענדלעך געקומען, און ווען איך האָב אים דערזען, איז געוואָרן אַזוי ווי איך זאָל דערזען משיח'ן. נאָכן לאַנגען תענית און די שפיכת דמים, וואָס איך האָב געהאַט דעם טאָג,

בין איך געקומען אַהיים ניט טויט־ניט לעבעדיק און זיך שטאַרק צעוויינט. איך האָב דערציילט מיין שוועסטער וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, וואָס פאַר אַ ברוך־הבא מען האָט מיר געגעבן אין אַמע־ריקע, זאָגט מיין שוואָגער: „דו ווייסט וואָס מען האָט געלאַכט, ווייל זי האָט געזאָגט, אַז זי קומט פון גאַליציע, און דו ווייסט דאָך, אַז דאָ גלייכט מען ניט די גאַליציאַנער."

איך האָב דאָס ניט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר א שאַנדע איז עס אַז מען קומט פון גאַליציע? אין דערהיים האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ געבילדעטע מיידל. כ'האָב דורכגעמאַכט עטלעכע קלאַסן, כ'האָב גערעדט פּויליש און דייטש און דאָ מאַכט מען פון מיר אַ בער! מיין יונגער מוח האָט עס ניט געקאָנט באַגרייפן.

מיט דער צייט האָב איך געקראָגן אַרבעט ביי מענער־העמ־דער און אָנגעהויבן פאַרדינען געלט. ביינאַכט בין איך געגאַנגען אין נאַיט־סקול און אין אַ יאָר צייט האָב איך געלייענט און גערעדט ענגליש זייער גוט. כ'האָב זיך שנעל אויסגעגרינט, כ'האָב זיך גע־נומען שיין דרעסן און כ'בין געוואָרן אַן אַמעריקען ליידי.

די יאָרן זיינען זיך געגאַנגען. איך האָב זיך באַקענט מיט אַ זייער פיינעם באָי און מיר האָבן געהאַלטן קאָמפּאַני, ווי מען זאָגט. איין זאַך האָב איך זיך געוואונשן, אַז איך זאָל וואו אָנטרעפן יענע אַלטע מויד און זי זאָל מיך זען ווי איך קוק שיין אויס. מיין וואונש איז טאַקע דערפילט געוואָרן.

איינמאָל, דאָס איז געווען ווען איך בין שוין געווען דריי יאָר אין לאַנד, בין איך אַזוי געזעסן אויף אַ באַנק אין פּראָספּעקט פּאַרק ביים וואַסער, טאַקע מיט מיין באָי־פרענד, ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען איך האָב זי דערזען זיצנדיק נעבן מיר. איך האָב זי פאָרגעשטעלט פאַר מיין באָי, איר געוויזן דעם ענגיידזש־מענט רינג, וואָס איך האָב פון אים געקראָגן, און געפרעגט: „נו, ווי גלייכסטו עפּעס, וואָס איך, די גרינע, בין שוין אַ כלה?". זי האָט זיך שטאַרק פאַרשעמט און איז אַנטלאָפן. דאָס איז געווען מיין סאַטיספעקשאָן און כ'בין געוואָרן „איווען" מיט איר.

# מיין שוועסטער גיט מיר אַ גוד טיים

די געשיכטע האָט פּאַסירט מיט יאָרן צוריק.

איינמאָל אין מאַי איז מיין יונגערע שוועסטער מיך געקומען באַזוכן, רופט זי זיך אָן צו מיר:

— פּעני, לאָמיר אָפּמאַכן צו פאָרן קיין קוני איילאַנד מיט די קינדער. דו וועסט זען, אַז איך וועל דיר געבן אַ גוד טיים.

— טו זיך אָן דעם בעידינג סוט אין דער היים — רעדט מיין שוועסטער ווייטער צו מיר — און נעם מיט דיינע צוויי קינדער. וועגן עסן דאַרפסטו נישט זאָרגן. איך וועל שוין מיטברענגען גע־נוג עסן, אַז עס וועט סטייען פאַר אונז אַלע.

איך האָב געוואוסט, אַז מיין שוועסטער וויל מיך סורפּרייזן און געבן מיר דעם אמת׳ן גוד טיים. געווען זיינען מיר דעמאָלט ערשט נישט לאַנג אין לאַנד, און קוני איילאַנד איז נאָך געווען פאַר אונז ניי. הייס איז געווען, האָב איך אָנגענומען מיין שוועסטערס פאָר־שלאָג.

מיין שוועסטער האָט זיך גענומען ריכטיק צוגרייטן. זי האָט אָפּגעקאָכט וואַרעניקעס, האָט קאָרנס, און אויסערדעם האָט זי ערשט מיטגענומען די ריכטיקע סענדוויטשעס און פרוכט. זי האָט דע־מאָלט געהאַט צוויי קליינע קינדער, אַ מיידעלע פון זעקס יאָר און אַ מיידעלע, קוים 11 חדשים אַלט. זי האָט די אַלע גוטע זאַכן איינ־געפּאַקט אין צוויי שאַפּינג בעגס און צו דעם אַלעם אַריינ־געלייגט אַ הייסע באָטל פאַר דער בייבי.

צום באַשטימטן טאָג, וואָס איז נאָך דערצו געווען זייער אַ הייסער, בין איך געקומען. געלט האָבן מיר ביידע מיטגענומען אַביסל קליינ־געלט אויף קאַר־פעיר און אויף וואַסער, און אַזוי האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער רייזע קיין קוני איילאַנד.

מיין שוועסטער האָט זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק. זי האָט אָנגעטאָן אַ קאָרסעט, און דעם בעדינג סוט האָט זי מיט־גענומען מיט זיך. קומענדיק אויפן עלעווייטאָר האָבן מיר אַוועק־געזעצט אַנטקעגן אונז אונזערע צוויי עלטערע קינדער, וועלכע מיר האָבן אויך געגעבן צו האַלטן די בעגס מיטן עסנוואַרג, און די צוויי קלענערע קינדער האָבן מיר געהאַלטן נעבן זיך. מיר האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין דעם אמת׳ן געשפּרעך. מיין שוועסטער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּלויבן פון דעם טייערן עסנוואַרג, וואָס זי האָט אַלץ מיטגענומען.

— דו וועסט זען, אַז איך וועל דיר היינט שוין איינמאָל געבן דעם ריכטיקן גוד טיים! — פרייט זיך מיין שוועסטער.

אַזוי ריידענדיק, וואַרפט מיין שוועסטער אַ בליק צו די על־טערע קינדער, זעט זי ווי פון אַ בעג פאַלן אַרויס אויף דעם פלאָר פון עלעווייטאָר וואַרעניקעס, האָט קאָרנס, טאָמייטאָס און פרוכט, רופט זי זיך אָן צו מיר:

— זע נאָר, פעני, אַ יענטע פאָרט קיין קוני איילאַנד, פירט זי דאָס מיט אַזוי געשיקט עסן. זי וועט שוין היינט נישט עסן, נאָר פעכניען אויפן פּיסק!

— אַ בראָך איז מיר — רוף איך אויס, צוקוקענדיק זיך אויף דעם בעג — דאָס איז נישט קיין יענטעס, טייערע שוועסטער, דאָס איז טאַקע אונזער בעג, דאָס זיינען אונזערע צוויי באָנדלעך...

מיר האָבן זיך צוגעלאָזט צו די באָנדלעך. ווער־וואָס, אַלץ ליגט שוין אויפן פלאָר. פון אונז גיסט זיך וואַסער פון אויפרעגונג, אָבער די פּאַסאַזשירן אין עלעווייטאָר לאַכן.

ווען דער עלעווייטאָר האָט געסטאָפּט ביי אַ סטיישאָן, האָבן מיר שנעל געכאַפּט אונזערע קינדער פאַר די הענטלעך און דאָס וואָס איז נאָך געבליבן אין איין באָנדל און זיך אַרויסגעלאָזט פון דער טרעין. אין דער טרעין איז אָבער געבליבן אַ באָנטש קריסט־לעכע לויפערס, האָבן זיי אָנגעהויבן צענויפקלייבן פון פלאָר און אונז נאָכוואַרפן, שרייענדיק:

— לעידי, לעידי, קעטש אַ וואָרעניק, לעידי, לעידי, קעטש אַ האַט קאָרן!

כאָטש די צרות אונזערע זיינען געווען זייער גרויס, האָבן מיר זיך אָבער נישט געקאָנט איינהאַלטן און גענומען לאַכן הויך אויפן קול. די קינדער אָבער, וואָס האָבן געזען, אַז מיר האָבן די אַלע גוטע זאַכן איבערגעלאָזט אין דער טרעין פון וועלכער מיר זיינען אַרויס, האָבן גענומען וויינען. און אַזוי זיינען מיר צוויי סטיישאַנס פאַר קוני איילאַנד אַריין אין אַן אַנדערער טריין, מיר לאַכנדיק און די קינדער וויינענדיק.

איך גיב אַ קוק, אויף מיין שוועסטערס פענסי הוט הענגען נאָך סטרינג בינס.

די מענטשן אין עלעווייטאָר קוקן אויף אונז און קאָנען נישט פאַרשטיין וואָס דאָ איז, וואָס לאַכן מיר און וואָס וויינען די קינדער?

אָנגעקומען אין קוני איילאַנד, האָבן מיר שוין געמוזט פאַרגעסן אין באָדן זיך, ווייל נאָכן באָדן קריגט מען געוויינלעך אַפּעטיט און מיר האָבן דאָך נישט געהאַט קיין עסנוואַרג און נישט קיין געלט צו קויפן קיין עסן. האָבן מיר אָנגעטאָן די עלטערע קינדער זייערע בעידינג סוטס, אַז זיי זאָלן זיך כאָטש קאָנען באָדן, און פאַר די עטלעכע פעניס, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט, האָבן מיר פאַר זיי געקויפט עסן.

מיין שוועסטער איז געווען שרעקלעך אַנטוישט. זי האָט אַזוי שווער געהאָרעוועט מיר צו געבן אַ גוד טיים. זי האָט אַזויפיל אָנגעקאָכט און דאָ איז אַלץ געגאַנגען פאַרן טייוול. איידער מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, האָב איך טאַקע געקראָגן אַפּעטיט און האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און גע׳טענה׳ט צו מיין שוועסטער, אַז איך שטאַרב פון הונגער, אָבער וואָס קאָן מען טאָן, אַז מיר האָבן נישט קיין געלט צו קויפן עפּעס צו עסן.

הייס איז געווען, אַז מען האָט געקאָנט פאַרברענט ווערן. מיין שוועסטער איז פון דער גאַנצער געשיכטע און פון דער היץ גע־

וואָרן אַזוי ווילד, אַז זי האָט גענומען אַריינשפּאַצירן אין ים מיט די שיך און מיטן קאָרסעט און הוט, וואָס זי האָט געטראָגן.

אַ מאַן האָט באַמערקט ווי אַ פרוי גייט אַזוי אַריין אין ים, האָט ער זי אָנגעכאַפּט ביי די הענט:

— גאָט איז מיט אייך, מיסיס, וואָס איז דער טראָבל מיט אייך, וואָס איר גייט זיך נעמען דאָס לעבן?

ענטפערט אים מיין שוועסטער:

— מיין ליבער ייד, האָט נישט מורא. איך גיי זיך נישט נעמען דאָס לעבן, נאָר עס איז מיר שרעקלעך הייס, וויל איך זיך אביסל איינטונקען אין קאַלטן וואַסער, דערנאָך וועל איך זיך אָפּטריקענען אַזוי ווי איך שטיי און גיי.

דער ייד איז געבליבן שטיין און אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט:

— פריש און געזונט און משוגע!

מיין שוועסטער האָט זיך טאַקע אָפּגעבאָדן אין די קליידער און דערנאָך זיך אָפּגעטרוקנט, און איך בין שפּעטער, הונגעריק און אַזוי הייס ווי איך בין געקומען, צוריק אַהיימגעפאָרן.

איך האָב שוין געהאַט דעם אמת׳ן גוד טיים!

# אַ גוטער סוף

געבראַכט קיין אַמעריקע האָט מיך מיין פאַרהייראַטע שוועסטער. איך בין דעמאָלט געווען זעכצן יאָר. אַ שיפסקאַרטע האָט מיר געקויפט מיין טאַטע. ער האָט מיר מיטגעגעבן אַביסל געלט אויף זייטיקע הוצאות.

מיין שוועסטער האָט געהאַט אַ געווועלבל, וואָס מיין פאָטער האָט איר געגעבן אַלס נדן. ווען זי האָט באַשלאָסן צו עמיגרירען קיין אַמעריקע, האָט זי געוואָלט פאַרקויפן דאָס געווועלבל, אָבער מיין פאָטער האָט איר געבעטן, אַז זי זאָל עס נישט פאַרקויפן, ווייל ער דאַרף עס האָבן פאַר זיך, נאָר ער האָט נישט קיין געלט עס אָפצוקויפן.

איז איינמאָל מיין פאָטער געפאַלן אויף אַ פּלאַן ווי אַזוי ער זאָל פאָרט קריגן דאָס געווועלבל אָן געלט. ער האָט פאַרזיכערט מיין עלטערער שוועסטער, אַז קומענדיק אין אַמעריקע, וועל איך איר אָפּגעבן די סומע וויפל זי וואָלט געקראָגן ווען זי פאַרקויפט דאָס געווועלבל. מיין שוועסטער האָט דערצו מסכים געווען און אַזוינאָך איז מיין פאָטער געוואָרן דער באַלעבאָס פון מיין שוועס־טערס געווועלבל, אָבער דאָס איז געמאַכט געוואָרן אָן מיין הסכמה. ווי איך האָב דערהערט מיין טאַטנס פאַרזיכערונג, האָב איך באַלד דערקלערט, אַז ער זאָל איר נישט צוזאָגן, ווייל איך וועל דעם חוב נישט באַצאָלן.

— נישקשה — האָב איך געזאָגט — דיין טאָכטער וואָלט דיר געמעגט איבערלאָזן דאָס געווועלבל ווי אַ פּרעזענט.

— וואָס שאַדט דיר, אַז דו וועסט איר צוזאָגן — האָט מיך מיין טאַטע איינגענומען — די ברירה וועט זיין ביי דיר. וועסטו וועלן, וועסטו באַצאָלן, וועסטו נישט וועלן, וועסטו נישט באַצאָלן.

זיינען מיר אַזוי געפאָרן קיין אַמעריקע. צוויי וואָכן האָב איך זיך אויסגערוט פון דער רייזע און דערנאָך האָב איך געפונען אַר־בעט אין אַ שאָפּ פון מענער־העמדער. מ׳האָט מיך אויסגעלערנט מאַכן קאָלנערס צו העמדער און איך האָב באַלד פאַרדינט פיר דאָלער אַ וואָך. געוואוינט האָבן מיר אין ניו־יאָרק, אין ברוקלין, אויף נאָרד זעקסטע גאַס. דאָס איז געווען אַן איטאַליענישע געגנט. מיין שוועסטער האָט מיט מיר אָפּגעמאַכט, אַז פאַר עסן און שלאָפן ביי איר זאָל איך איר צאָלן צוויי דאָלער אַ וואָך, און צוויי דאָלער אַ חודש זאָל איך שיקן צו דער מאַמען. אַזוי ווי זי האָט געהאַלטן, אַז מיין לעבנסמיטל קאָסט מיך ביי איר אַזוי ווייניק, האָט זי מיר געשטעלט אַ באַדינג, אַז אַך זאָל איר אויך העלפן אין דער הויז־אַרבעט נאָכדעם ווי איך קום אַהיים פון שאָפּ, ווייל זי איז אַ שוואַכע און איך האָב נאָך די אמת׳ע מיידלשע כוחות. איך האָב צוגעשטימט, כאָטש עס איז מיר נישט געווען לייכט, ווייל נאָכן אַרבעטן שווער אַ גאַנצן טאָג אין שאָפּ, האָב איך געדאַרפט, באַלד נאָכדעם ווי איך האָב נאָר אַראָפּגעשלונגען דעם סאַפּער, ווידער זיך איינשפּאַנען אין שווערע אַרבעט. אָפט פלעגט מיר מיין שוועס־טער צוגרייטן אַ סורפּריז: זי האָט איינגעווייקט אַ וואַש־טאָפּ מיט וועש, און אויב נישט וועש, האָבן אַ דאַנק גאָט, נישט געפעלט אַנדערע לייטישע אַרבעטן. איך האָב זיך באַקלאָגט, אַז עס איז צו שווער פאַר מיר, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. מיר האָבן דאָך געמאַכט אַן אָפּמאַך. איך האָב נאָר געהאָפט, אַז ווען איך וועל אָנ־הייבן פאַרדינען מער געלט, וועל איך אַרויסמופן פון מיין שוועס־טער, ווייל אויסער דער אַרבעט האָב איך געליטן פון נאָך אַ זאַך ביי מיין שוועסטער:

מיין שוועסטער איז געווען פאַנאַטיש פרום. מיט אַמאָל האָט זי גענומען טענה׳ן צו מיין שוואָגער, אַז ער זאָל זיך פאַרלאָזן אַ באָרד. ער האָט איר אָנגעוויזן, אַז ער איז אַ ווינדאָו־קלינער און אַרבעט אין אַ קריסטלעכער געגנט, און וויבאַלד די קינדער אין גאַס וועלן אים זען מיט דער באָרד, וועלן זיי אים אָנטאָן צרות,

ווייל אין יענער צייט פלעגן די אינגלעך טאַקע אויסטיילן גע־ברענטע צרות יעדן איינעם, וועמען זיי האָבן געזען מיט אַ באָרד. אָבער זי האָט אַזוי לאַנג גערעדט צו אים ביז ער האָט איר געפאָלגט און ער האָט זיך פאַרלאָזט אַ באָרד. ער האָט אויך אויפגעהערט צו אַרבעטן שבתים. דאַכט זיך, איז דאָך שוין גוט, האָבן זיך אָבער ערשט אָנגעהויבן זיינע צרות. די קינדער אין גאַס האָבן זיך טאַקע גענומען צו אים. מיין שוואָגער פלעגט אַהיימקומען מיט טרערן אין די אויגן, אַז די אינגלעך דערגייען אים די יאָרן און ער וויל דעריבער צוריק אָפּשערן זיין באָרד, אָבער מיין שוועסטער האָט נישט דערלאָזט. איינמאָל איז ער אַהיימגעקומען מיט אַ בייל אויפן קאָפּ און זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד:

— וואָס ווילסטו פון מיר? דו ווילסט דווקא ווערן אַן אַלמנה? די קינדער וועלן דאָך מיך אַמאָל דער׳הרג׳ענען.

מיין שוועסטער האָט באַקוקט די בייל אויפן קאָפּ, איז באַלד אַוועק אין קיך, געבראַכט אַ מעסער און גענומען אַריינקוועטשן דערמיט די בייל. מיין שוואָגער האָט פון דעם קוועטשן געהאַט גרויסע יסורים, אָבער מיין שוועסטער האָט אים ווידער גענומען איינריידן, אַז די יסורים, וואָס ער האָט, וועלן אים פאַררעכנט ווערן אויף יענער וועלט ווי אַ גרויסע מצוה און ער זיכערט זיך דורכדעם דעם גן־עדן.

איך האָב אפילו געקוקט אויף מיין שוואָגער ווי אויף אַ יאָלד, וואָס לאָזט זיך פירן ביי דער נאָז פון אַ פאַנאַטישע פרוי, אָבער איך האָב מורא געהאַט אַ וואָרט צו זאָגן. ערשט ווען מיין שוועס־טער איז צופעליק אַרויסגעגאַנגען פון שטוב צו אַ שכנה, האָב איך געגעבן מיין שוואָגער די אמת׳ע לעקציע:

— פאָלג מיך — האָב איך געזאָגט — זיי נישט קיין כניאָק, גיי אַוועק צו אַ באַרבער, שער דיר אָפּ די באָרד, און זאָל דיין ווייב האָבן דעם גאַנצן גן־עדן. ווייסטו גאָר וואָס, גיי טאַקע שוין אַראָפּ צום באַרבער און ווען מיין שוועסטער וועט צוריקקומען און דיך נישט טרעפן וועל איך איר שוין אַלץ דערקלערן.

ער האָט מיך געפאָלגט און איז באַלד אַראָפּ צום באַרבער. ווען מיין שוועסטער איז צוריקגעקומען פון דער שכנה און נישט געטראָפן איר מאַן, האָט זי מיך געפרעגט צי איך ווייס נישט אַמאָל וואו ער איז געגאַנגען.

— דיין מאַן איז אַנטלאָפן פון דיר — האָב איך איר געזאָגט — און עס איז גאַנץ רעכט אויף דיר! וואָס דערגייסטו אים די יאָרן?

מיין שוועסטער איז געבליבן ווי געפּלעפּט.

— וואָס עפּעס אַנטלויפן? פּאָר מיינעטוועגן זאָל ער זיך אַראָפּנעמען די באָרד, אָבער אַנטלויפן גאָר פון שטוב!

— נו אויב אַזוי — זאָג איך — זאָלסט טאַקע וויסן, אַז אַנט־לאָפן איז ער נישט, נאָר ער איז געגאַנגען צום באַרבער זיך אַראָפּנעמען די באָרד.

ווען מיין שוואָגער איז אַרויס פון באַרבער אַ גאַנצער פּראַנט, האָט ער פּשוט מורא געהאַט צוריקצוקומען אין שטוב, האָב איך אים אָפּגעוואַרט און אָנגעזאָגט אַז ער האָט נישט וואָס מורא צו האָבן, ווייל אַלץ איז שוין אַלרייט.

— פּעני — האָט ער אויסגערופן — דו ביסט אַ מזיק! דו וועסט זיין אַלרייט אין אַמעריקע.

עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט און איך האָב שוין פאַרדינט פינף דאָלער אַ וואָך. איך האָב זיך שוין געקויפט אַ פּאָר אַמע־ריקאַנער שיך און עטלעכע ביליקע דרעסעס ווי אויך אונטערוועש, און איך האָב באַשלאָסן אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר דאָלער אין באַנק. מילא ווי אַ זאַך מאַכט זיך. איך בין אָרעם, מיין שוועסטער איז אויך נישט קיין גביר'טע, טאָמער וועט ווערן סלעק. איך האָב עס דערציילט מיין שוועסטער, האָט זי געזאָגט, אַז דאָס געפעלט איר.

— דאָס איז זייער אַ גלייכע זאַך. אָבער צו וואָס, פּעני, זאָלסטו יעדע וואָך זיך שלעפּן אין די בענק אַריינצולייגן די עטלעכע דאָלער? אָט האָסטו אַ באָקסל, לייג עס אַריין אין דער שופלאָד פון דעם דרעסער, און קלייב דיר דערווייל דאָרט ביז דו וועסט אָנקלייבן

25 דאָלער, דעמאָלט וועסטו אַריינלייגן דאָס געלט אין דער באַנק.

איר עצה איז מיר געפעלן. איך האָב אָנגעהויבן אָוועקצולייגן צו צוויי דאָלער אַ וואָך אין דעם באָקסל. איך האָב זיך נישט פאַרגינען אַ פּעני אויף קענדי אָדער אַן עפּל, ווייל איך האָב שוין געוואָלט וואָס פריער דערלעבן דעם טאָג צו גיין אין די בענק און ווערן אַ דעפּאָזיטאָר. ענדלעך האָב איך דערלעבט אַריינצולייגן אין באָקסל דעם לעצטן דאָלער פון די 25. מיין גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען יעדע נאַכט צו ציילן מיין פאַרמעגן. איך האָב דאָס געלט געהיט ווי מיינע אויגן אין קאָפּ.

איך האָב אָנגעזאָגט מיין שוועסטער די גוטע בשורה, אַז מאָרגן גיי איך אין דער באַנק אַריינלייגן דאָס געלט. איך האָב דערביי געשיינט פון גליק. זי אָבער איז געשטאַנען און מיר גאָרנישט געענטפערט.

— וואָס זאָגסטו מיר גאָרנישט? — האָב איך זי געפרעגט.

— אַ גדולה האָט מיך געטראָפן — האָט זי זיך אָנגערופן — איך וועל האָבן אַ רייכע שוועסטער!

ביינאַכט פאַרן שלאָפן האָב איך נאָך אַמאָל איבערגעציילט מיין פאַרמעגן. איך האָב פאַרמאַכט דאָס באָקסל און איך האָב באַשלאָסן, אַז מאָרגן באַלד אין דער פרי גיי איך אין דער באַנק, ווייל עס איז גראָד דעמאָלט געווען סלאָו מיט אַרבעט.

אַזוי איז טאַקע געווען צו מאָרגנס. איך בין אויפגעשטאַנען, האָב זיך אָנגעטאָן דאָס שבת׳דיקע קליידל, ווייל ווי אַ זאַך מאַכט זיך אפשר וועט אין דער באַנק ביים דעסק זיצן אַ שיינער יונגער קלוירק... איך האָב קוים אַראָפּגעשלונגען מיין ברעקפעסט. איך בין געווען שרעקלעך אויפגערעגט, ווייל איך בין דאָך שוין אַ רייך מיידל, איך פאַרמאָג שוין גאַנצע 25 דאָלער. פאַר גרויס פרייד האָב איך גענומען איבעררעכענען וויפל דער אוצר איז אין גאַליציע אויף קראָנען.

אָבער ווי איך בין צוגעגאַנגען צו דער שופלאַד, וואו דאָס באָקסל איז געלעגען מיטן געלט, האָט מיך באַשלאָגן אַ היץ, ווער

באָקסל, וואָס באָקסל, דאָס באָקסל איז נישטאָ, אויסגעריגענע געוואָרן! איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך האָב גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות: „געוואַלד, מ׳האָט מיך באַ׳גנב׳עט״.

מיין שוועסטער איז אַריינגעקומען מיט דראָבנע טריט און גאַנץ קאַלטבלוטיק געזאָגט:

— זיי נישט אַזוי אויפגערעגט, מיין טייערע שוועסטער, איך האָב דאָס געלט גענומען. דו פאַרגעסט שוין, אַז דער טאַטע האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ווען דו וועסט האָבן געלט, וועסטו מיר באַצאָלן פאַרן געוועלבל. נו, דו האָסט איצט געלט, איך ווידער בין גראָד איצט געענגט אין געלט, האָב איך עס מיר גענומען.

איך בין געוואָרן ווילד און האָב גענומען שרייען:

— וואָס ווילסטו פון מיר? דער טאַטע איז דיר שולדיק, טאָ פאָר צו אים קיין גאַליציע און זאָל ער דיר צאָלן. ווי קענסטו האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן און צונעמען מיינע ערשטע אָפּגעשפּאָרטע פאָר דאָלער?!

אָבער רעד צו דער וואַנט! זי ענטפערט נישט אַ וואָרט.

— איך וועל דיר שוין באַצאָלן — האָב איך אויסגערופן און זיך געלאָזט ווילד לויפן פון דער שטוב. אויפן קאָרנער איז גע־שטאַנען אַ שיינער העלדישער פּאָליסמאַן, בין איך צו אים צוגע־גאַנגען און וויינענדיק אים אַלץ דערציילט. ער האָט געהאַט רחמנות מיט מיר, האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קאָם אָן, ליטל גוירל, זי וועט דיר שוין אָפּגעבן דיין געלט!

ווי מיר זיינען אַריין אין שטוב און מיין שוועסטער האָט נאָר דערזען דעם פּאָליסמאַן, האָט זי זיך דערשראָקן, איז געוואָרן ווייס ווי שניי, ווייל זי האָט פאַרשטאַנען וואָס עס גייט אויף איר, און דאָ האָט דער פּאָליסמאַן נאָך אויסגעשריגן הויך אויפן קול, און טאַקע בייז:

— ליידי, גיב שוין אָפּ דער מיידל איר געלט, אַז נישט נעם איך דיך גלייך אונטער אַרעסט!

מיין שוועסטער איז געבליבן אָן לשון. זי איז באַלד אַריינ־

געלאָפן צו זיך אין בעדרום, געבראַכט דאָס באָקסל מיטן געלט און עס דערלאַנגט דעם פּאָליסמאַן.

ווען דער פּאָליסמאַן האָט געקראָגן דאָס באָקסל, האָט ער גע־זאָגט צו מיר:

— קום, מיידעלע, איך וועל דיר העלפן אַריינלייגן דאָס געלט אין דער באַנק.

איך האָב אים האַרציק באַדאַנקט און בין אַ שטאָלצע אַוועק מיטן שיינעם פּאָליסמאַן אין דער באַנק.

אַהיימגעקומען, האָב איך געטראָפן מיין שוועסטער ברענען ווי אַ פייער. זי האָט מיך גענומען זידלען און שרייען אויף מיר:

— דאָס איז אַ חוצפּה צו ברענגען צו מיר אַ פּאָליסמאַן, אַז ער זאָל מיך אַרעסטירן. עס איז מיר אַ שאַנדע פאַר די שכנים פון גאַנצן בלאָק. איך וועל דאָך מוזן מופן פון דאַנען. אָבער, ניין פאַרוואָס זאָל איך מופן? איך וויל מער נישט אָנקוקן דיין טריף פּנים! שוין מאָרגן זאָלסטו מופן פון דאַנען. איך וויל זען צי אַ פרעמדע וועט דיר געבן עסן פאַר צוויי דאָלער אַ וואָך.

איך האָב זיך אָבער נישט דערשראָקן און האָב איר געענט־פערט:

— סטראַשע נישט די גענז. גיב מיר נאָר עטלעכע טעג צייט און איך וועל מיר שוין אויסזוכן אַ פּלאַץ און דיינע פּטור ווערן. מ׳שטיינס געזאָגט וואָס פאַראַ פאַרגעניגס איך האָב ביי דיר. דעם גאַנצן טאָג אַרבעט איך שווער אין שאַפּ און ביינאַכט דאַרף איך זיין אַ דינסט ביי דיר. אָבער איין זאַך וויל איך דיר זאָגן, אַז דו וועסט מיר מוזן געבן אַ דאָלער אַ מאָנאַט צו שטייער פאַר דער מאַמען ווייל איז איז דיין מאַמע פונקט ווי מיינע.

— אַז דו וועסט דאָס דערלעבן — ענטפערט זי מיר — וועסטו משיח׳ן אויך דערלעבן.

מיר האָבן זיך נאָך גאַנץ גוט דורכגערעדט און איך בין אַריין אין מיין צימער לייענען אַ צייטונג. דערווייל איז מיין שוואָגער צוריקגעקומען פון דער אַרבעט און ווען ער האָט גע־

טראָפּן זיין פּרוי אויפגערעגט, האָט ער זי געפרעגט וואָס עס איז געשען, האָט זי אים געענטפערט:

— אַ קליייניקייט! מיין שוועסטערל, די פּרימאַדאָנאַ, האָט דאָך געבראַכט אַ פּאָליסמאַן מיך צו אַרעסטירן. וואָס ווייסטו, ווי איך האָב זיך דערשראָקן ווען איך האָב געזען אַריינקומען דעם פּאָ־ליסמאַן?, ווען איך האָב אַ טבע פון חלשות, וואָלט איך דאָך גע־חלש'ט אויפן אָרט.

און זי נעמט אים דערציילן די גאַנצע מעשה און פאַרענדיקט:

— און דו מיינסט עפּעס גלאַט אַ פּאָליסמאַן, אַזוי גרויס ווי עוג מלך הבשן, און שטאַרק מסתמא ווי שמשון הגבור. אַז איך האָב אים בלויז אָנגעקוקט, האָב איך דאָך פאַרלאָרן דאָס לשון.

— טאָ וואָס איז געווען דער סוף? — פרעגט מיין שוואָגער.

— איך האָב איר אָוועקגעגעבן אירע לויזיקע פאַר דאָלער.

דערהערט דאָס, האָט זיך מיין שוואָגער מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט זיך צעלאַכט אויפן קול:

— אַ שיינע מעשה, כ'לעבן, מ'וואָלט עס געקאָנט באַשרייבן אין די צייטונגען.

איך האָב זיך איינגעהערט אין מיין צימער און האָב זיך געשטיקט פאַר געלעכטער, אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז מיין שוועסטער זאָל נישט הערן מיין געלעכטער און אויסלאָזן איר ביטער האַרץ צו מיר, האָב איך זיך אַריינגעשטאָפּט אַ פאַ־טשיילע אין מויל, אַז איך זאָל נישט לאַכן אויפן קול.

ווען מיין שוואָגער האָט געענדיקט לאַכן, האָט מיין שוועס־טער אויסגעבטל'ט אַלע אירע בייזע חלומות צו איר מאַן און וואָס עס איז איר געווען אויפן האַרצן האָט זי אויסגעלאָזט צו אים.

אָבער מיין שוואָגער איז נישט געפאַלן ביי זיך און איר אָפּ־געשטעלט:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט זיך נישט טשע־פּען מיט דעם מיידל. וואָס האָט עס צו איר וואָס דיין טאַטע איז דיר שולדיק געלט? זי איז גערעכט, פאַר צו אים און זאָל ער

דיר באַצאָלן. וואָס ווילסטו פון איר? דו זעסט דאָך אַליין ווי זי פאַרגינט זיך נישט צו ספּענדן אַן עקסטראַ פּעני. זי האָט דאָך אַפילו נישט קיין לייטיש קלײדל אָנצוטאָן. דו טאָרסט נישט פאַר־געסן, אַז זי איז שוין מער נישט קיין קינד, זי איז שוין אַ מיידל פון זיבעצן יאָר. און נאָך אַלעמען איז זי דאָך עלנט. טאָמער וועט אַמאָל קומען צו אַ שידוך, ווער וועט איר עפּעס געבן? איך אַליין בין דאָך אַ קבצן, מוז זי דאָך אַליין זאָרגן פאַר זיך וועגן אַ שטיקל תכלית. ווער עס האָט נישט געזען, אָבער איך האָב זיך גוט צו־געקוקט מיט וואָס פאַראַ פרייד דאָס מיידל פלעגט יעדע נאַכט איבערציילן אירע פאַר אָפּגעשפּאָרטע דאָלער. און דו, אַ שוועסטער, האָסט נאָך געהאָט דאָס האַרץ דאָס צו פּרוּוון ביי איר צוצונעמען! נאָך אַ נס, וואָס עס האָט זיך אַזוי געענדיקט. פאָלג מיך, מאַך אַ סוף דערצו, ווער צוריק מיט איר שלום און זאָל אַלץ זיין פאַר־געסן!

— דאָס פעלט מיר נאָך — האָט מיין שוועסטער אים גע־ענטפערט — די פּרימאַדאָנע דאַרף נאָך הערן, אַז דו האַלסט מיט איר, אַז דו נעמסט זיך אָן איר קריוודע. דעמאָלט וועט זי מיך שוין גאָר באַגראָבן פאַר אַלע שכנים. ניין, עס איז נישטאָ קיין אַנ־דער אויסוועג ווי זי זאָל מופן פון אונז.

— ווי דו ווילסט — האָט איר מיין שוואָגער געענטפערט — נאָך אַלעמען איז זי דאָך דיין שוועסטער, און אויב דו קאָנסט באַשטיין צו מאַכן מופן דיין שוועסטער, קאָן איך אויך באַשטיין.

מיין שוועסטער האָט גענומען דערלאַנגען סאַפּער צום טיש און האָט געהייסן מיין שוואָגער, אַז ער זאָל מיך אַריינרופן עסן. איך בין אָבער געווען אַזוי פאַרביטערט, אַז איך האָב זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין צום טיש. איך בין בעסער אַוועק אין אַ דעליקאַטעסן סטאָר אין קאָרנער עפּעס דאָרט איבערצוכאַפּן. איך בין געזעסן, גע־געסן דעם סענדוויטש און זיך באַגאָסן מיט הייסע טרערן. מיין לאַגע איז געווען זייער אַ ביטערע. אמת, אַז איך האָב געראַטעוועט מיין אָפּשפּאָרעניש, אָבער וואָס זאָל איך ווייטער טאָן? בלייבן ביי

מיין שוועסטער קאָן איך נישט מער, בלייבט דאָך מיר צו גיין צו פרעמדע מענטשן און דאָ האָב איך זיך געשראָקן, ערשטנס, וואו איך וועל אַריינטרעפן, צווייטנס, ווער ווייסט וויפל מען וועט זיך הייסן באַצאָלן פאַר עסן מיט לאָזשי, ווייל איך האָב דאָך נאָר פאַרדינט פינף דאָלער אַ וואָך. אָבער איך האָב באַשלאָסן, אַז עס זאָל זיין וואָס עס איז, ביי מיין שוועסטער בלייב איך מער נישט פאַר קיין געלט אין דער וועלט.

ווי איך בין אַזוי געזעסן און געגעסן דעם סענדוויטש איינגע־טונקט אין טרערן, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ באַקאַנטע פרוי פון זעלבן בלאָק. זי האָט מיך באַגריסט מיט אַ שיינעם „האַלאָ“, דער־נאָך האָט זי מיך געפרעגט פאַרוואָס איך עס דאָ אַ סענדוויטש.

— וואָס איז — האָט זי געפרעגט — האָסט אַוועקגעמופט פון דיין שוועסטער?

— אַוועקגעמופט האָב איך נאָך נישט — האָב איך איר גע־ענטפערט און געפילט, אַז זי האָט מיר געטאָן די גרעסטע טובה אין דער וועלט מיט איר פראַגע — אָבער איך דאַרף ערשט מופן. מיין שוועסטער מאַכט מיך צו מופן.

און איך צעוויין זיך ערשט אויפן קול און דערצייל איר די גאַנצע געשיכטע, און פאַרענדיק דערמיט צי זי ווייס נישט אַמאָל פון אַ פאַמיליע אָרנטלעכע מענטשן, ווייל אַליין בין איך דאָך נאָך אַ גרינע און איך האָב פּשוט מורא פאַר פרעמדע מענטשן.

די פרוי נעמט מיך אָן ביי דער האַנט און זאָגט:

— דו צערייסט מיר מיין האַרץ, און איך האָב באַשלאָסן, אַז דו זאָלסט אַריינמופן צו מיר. איך וועל דיר זיין ווי אַ מאַמע, דאַרפסט זיך גאָרנישט זאָרגן וועגן געלט. איך וועל ביי דיר נעמען דריי דאָלער אַ וואָך פאַר עסן מיט שלאָפן.

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט פון אירע ווערטער, ווייל איך האָב געקענט די פאַמיליע, פיינע באַלעבאַטישע מענטשן. כאָטש דער מאַן אירער איז געווען אַן אַרבעטער, האָט מען זיי אין בלאָק געהאַלטן פאַר נגידים, ווייל זיי האָבן געהאַט אַן אייגן צוויי־פאַמי־

ליע־הויז. איך האָב דער פרוי האַרציק געדאַנקט און איר געזאָגט, איך גלויב, אַז דריי דאָלער אַ וואָך איז נישט גענוג געלט און זי וועט צו מיר צולייגן, אָבער זי האָט מיר דערקלערט, אַז זי גייט נישט מאַכן קיין לעבן פון באָרדערס, און דאָרט וואו דריי קינדער עסן, קאָן מען אַריינשטעלן נאָך אַ לעפל. קורץ, עס וועט שוין זיין אַלץ אין אָרדענונג, און מאָרגן אין דער פרי זאָל איך זיך גאָרנישט שעמען, איינפּאַקן מיינע זאַכן און אַריינקומען צו איר.

אַ פריילעכע בין איך אַהיים און געלאָזט וויסן מיט שטאָלץ מיין שוועסטער, אַז שוין מאָרגן מוף איך אַרויס פון איר. צומאָרגנס האָב איך שנעל איינגעפּאַקט מיין ביסל אָרעמקייט און בין אַוועק צו דער פרוי. זי האָט מיך אויפגענומען זייער פריינטלעך. זי איז ווירקלעך געווען זייער גוט צו מיר און איך האָב זיך געפילט זייער גליקלעך. איז דאָך שוין גוט, טויג עס ווידער נישט. די פרוי האָט געהאַט צוויי מיידלעך, איינע איז געווען אין מיין עלטער. די אַנדערע איז געווען צוויי יאָר אינגער, און אַ אינגל פון צוועלף יאָר. ווען די מיידלעך האָבן מיך דערזען, איז זיי פינצטער געוואָרן אין די אויגן. זיי האָבן גענומען שרייען „מיר דאַרפן נישט קיין גרינהאָרנס אין הויז. זאָל זי צוריקפאָרן קיין גאַליציע. מיר זיינען נישט אָרעם און מיר קאָנען זיך באַגיין אָן אַ באָרדער, אַ גרינ־האָרן. אַלע גרינהאָרנס זיינען טראָבל מאַכער. מיר האָבן געהאַט גענוג צרות פון אונזער אָנקל, דער מאַמעס אַ ברודער, און מיר האָבן אים קוים גע׳פּטר׳ט. איצט קומט די מאַמע מיט אַ שפּאָגל נייעם גרינהאָרן. מיר ווילן נישט״.

איך בין געבליבן שטיין דערשראָקן און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, אָבער זייער מאַמע האָט זיך נישט דערשראָקן און זי האָט גענומען שרייען אויפן קול צו דער עלטערער:

— סיידעלע, איך לעב נאָך, און דערווייל בין איך נאָך די באַלעבאָסטע, אויב עס געפעלט דיר נישט דער גרינהאָרן, האָסטו אַ ברירה צו מופן. זי בלייבט דאָ.

און צו מיר האָט זי זיך געווענדט:

— דו, פענילע, הער זיי ווי המן דעם גראָגער. זיי ווען מיך נישט פירן פאַר דער נאָז. ביי מיר האָט קיינער נישט קיין דעה. איך הער נישט מיין מאַן, וועל איך זיי הערן? זיי האָבן ביי מיר נישט קיין שום דעה. וואָס איך זאָג, איז געזאָגט!

די מיידלעך זיינען טאַקע באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. שטילערהייט האָב איך געדאַנקט גאָט וואָס איך האָב נושא חן געווען ביי מיין מיסעס. די צייט איז זיך געגאַנגען און איך האָב זיך דאָ זייער גוט געפילט. די פרוי ביי וועלכער איך האָב געוואוינט, פלעגט וואַשן מיין וועש, זי פּרעסן, און אַריינלייגן ריין אין מיין שופלאָד. זי איז געווען צו מיר ווי אַ גוטע מאַמע. זי פלעגט געבן אירע קינדער צו צוויי סענט אַ טאָג פאַר קענדי, פלעגט זי מיר אויך געבן, אַז איך זאָל זיך פילן ביי איר ווי אַן אייגן קינד, און זי האָט מיך באַשוואוירן, אַז איך מוז נעמען.

איין אומגליק איז אָבער געווען, וואָס ווי נאָר עפּעס האָבן זיך די מיידלעך אויף מיר צעשריגן „גרינהאָרן". איך האָב זיך זייער באַמיט צו מאַכן ביי זיי באַליבט, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. זונטיק, ווען איך פלעג נישט גיין אַרבעטן, פלעג איך אויפּרוימען אַלע צימערן, אָבער „שמיר זיי מיט האָניק", אַז עס העלפט נישט. ביי זיי איז געבליבן, אַז איך בין באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, וואָס איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין זייער אַמעריקע און דערצו נאָך צו זיי אין הויז וואו איך האָב געהאַט שכל זיך צוצושאַרן צו זייער מוטער און ביי איר אויסבעטלען אַביסל ליבע.

ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ נאַטירלעכער געפיל ביי קינדער אין אַ הויז ווען עס קומט אַריין אַ פרעמדער מענטש און די מוטער ווייזט אַרויס צו דעם גע־קומענעם אַ גוט געפיל. דאָס רופט אַרויס אַ שרעקלעכע אייפער־זוכט ביי די קינדער, און אייניקע מאָל ענדיקן זיך אַזעלכע געשיכ־טעס זייער טראַגיש. אָבער דעמאָלט האָב איך עס נאָך נישט פאַר־שטאַנען און איך האָב געטראַכט „וואָס בין איך שולדיק?, אמת, אַז אין דער אַלטער היים זיינען מיר געווען אָרעם, אָבער קיינער

האָט זיך מיט מיר נישט געוואָרפן. ביי מיינע עלטערן בין איך געווען דאָס אויבערשטע פון שטייסל. מען האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ קלוגע און פאַר אַ שיינע״.

ביינאַכט, אויף מיין געלעגער, פלעג איך וויינען פאַרוואָס איך האָב צרות פון די מיידלעך. אָבער לאַנג האָב איך נישט געוויינט, ווייל פון דער נאַטור בין איך געווען פול מיט לעבן און אַ טרוימער־רין דערצו. איך פלעג זיך אַליין, אין מיין פאַנטאַזיע, אויפבויען שלעסער אין דער לופטן. אין אַזעלכע מאָמענטן פלעג איך אַליין רעדן צו זיך „נאַרישע מויד וואָס דו ביסט, וואָס ווילסטו?, וואָס האָט דיך דערוואָרט אין דעם פינצטערן וויסטן שטעטל אין גאַ־ליציע, מ׳שטיינס געזאָגט? דער טאַטע וואָלט דיר מסתמא געבראַכט אַ קוני לעמל און דו וואָלסט געמוזט מיט אים חתונה האָבן. אָבער דאָ איז דאָך פאָרט אַמעריקע, אַ גאָלדענע מדינה״. און איך האָב גענומען פאַנטאַזירן און זיך פאַרגעשטעלט ווי אַ שיינער בחור פאַרליבט זיך אין מיר איבער די אויערן און איך גיי אַרום אַן אויסגעפּוצטע אין טייערע דרעסעס און באַהאַנגען פון קאָפּ ביז די פיס מיט דיימאַנדס און אַזוי בין איך מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויף די ליפּן איינגעשלאָפן.

איינמאָל בין איך אַהיימגעקומען זייער פאַרקילט און איך האָב זיך באַלד געלייגט אין בעט. מיין מיסעס איז גלייך אַריינ־לאָפן צו מיר, גענומען מיר טאַפּן דעם קאָפּ און אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַביסל היץ, האָט זי באַלד געוואָלט רופן דעם דאָקטאָר, אָבער איך האָב נישט געלאָזט און געבעטן, אַז מען זאָל וואַרטן ביז מאָרגן. צומאָרגנס האָב איך געפילט אַ שרעקלעכע קעלט אין די פיס. די מיסעס האָט באַלד גענומען אַרבעטן איבער מיר. דאָס ערשטע האָט זי מיר געגעבן אַן אַפּפיר־מיטל, דערנאָך האָט זי מיך אויסגעריבן מיט אַלקאָהאָל און צו לעצט האָט זי מיר גע־בראַכט טיי מיט מאַלינעס, אַז איך זאָל שוויצן. זי האָט מיך גוט איינגעדעקט און איך האָב טאַקע באַלד גענומען שוויצן. דאָ האָט זי אַריינגערופן אירע מיידלעך און צו זיי געזאָגט:

— איר זעט, פּעניִלע איז קראַנק געוואָרן דורך אייך, ווייל איר פאַרצאַפּט איר דאָס בלוט, איר שרייט אויף איר גרינהאָרן, איר וואַרפט זיך מיט איר, אָבער זי איז עלנט, זי איז אַ טייער קינד, זי האָט דאָ נישט קיינעם, בלויז אַ שוועסטער מיט וועלכע זי איז ברוגז. קינדער, עס איז אויף איר אַ גרויס רחמנות און איר וועט זיך פאַרזינדיקן אויב איר וועט נישט ווערן גוט צו איר.

דאָס עלטערע מיידל האָט זיך באַלד צעוויינט:

— מאַ, עס איז נישט מיין שולד, וואָס זי איז קראַנק געוואָרן. איך האָב נישט געוואָלט, אַז זי זאָל קראַנק ווערן.

און דאָס מיידל גייט צו צו מיר, און נעמט זיך בעטן:

— פּעניִלע, איי עם סאָרי, איך פּראָמיס דיר, אַז פון היינט אָן וועל איך שוין זיין גוט צו דיר, וועסט זען!

און דאָס אינגערע שוועסטערל שאָקלט אויך מיטן קאָפּ:

— איך וועל אויך זיין גוט צו דיר. ווער נאָר געזונט, וועסטו זען, איך וועל דיך לערנען ענגליש.

נו, טראַכט איך מיר, עס האָט שוין געלוינט קראַנק צו ווערן!

פון דעמאָלט אָן האָב איך זיך טאַקע איינגעלעבט מיט די צוויי מיידלך ווי מיט אייגענע שוועסטערס. אין שאַפּ האָט מען מיר אָנגעהויבן געבן אַרבעטן שטיק־אַרבעט און איך האָב אָנגעהויבן פאַרדינען מער געלט. מיט דער הילף פון די מיידלעך האָב איך זיך שנעל אויסגעגרינט. זיי האָבן מיך טאַקע גענומען לערנען ענגליש און איך האָב שנעל געכאַפּט די שפּראַך אין רעדן, לייענען און שרייבן. דערצו האָב איך שוין נישט געהערט מער דאָס וואָרט „גרינהאָרן״, איך האָב זיך גענומען שיין קליידן. מיט איין וואָרט, איך בין געווען גליקלעך.

עס איז אַזוי אַוועק אַ יאָר. מיין שוועסטער האָט אינצווישן אַוועקגעמופט אַזש קיין בראָנזוויל. איך בין נאָך געווען מיט איר ברוגז, אָבער איך האָב געוואוסט וואָס עס הערט זיך ביי איר. אַ פאַרהייראַטע קוזינע מיינע פלעגט מיר ברענגען אַלע פּאַטשטן

פון איר. איינמאָל איז זי געקומען צו מיר, אַז מיין שוועסטער האָט מיר באַפוילן, אַז איך זאָל צו איר קומען.

— וואָס הייסט? — פרעג איך — מיר זיינען דאָך ברוגז.

— נישקשה — האָט מיר די קוזינע געענטפערט — קיין קינד האָט זי דיר נישט געקוילעט, און ווידער, דו ביסט אינגער פון איר, דאַרפסטו זי איבערבעטן. פאָלג מיך, גיי צו צו איר און בעט זי איבער.

איך בין אָבער געווען איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט נאָכ־געבן.

איינמאָל איז מיין קוזינע ווידער געקומען צו מיר מיט אַזאַ מעשה:

— הער, נעקסט דאָר פון דיין שוועסטער האָט אַריינגעמופט אַ באָרדער, איז ער שיין ווי די גאַנצע וועלט, ער איז אַ געבילדע־טער בחור, האָט אַ גוטע פּאָזישאָן. מיט איין וואָרט, אַ בחור מיט אַלע מעלות.

— און קיין חסרונות האָט ער גאָרנישט? — פרעג איך מיט אַ געלעכטער.

— אָ, יעס, איין קליינעם חסרון האָט ער — ענטפערט מיר מיין קוזינע — ער איז נעבעך אַ ליטוואַק.

מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

— בקיצור — זאָגט ווייטער מיין קוזינע — דיין שוועסטער גיטל האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז דו זאָלסט קומען צו איר, וועט זי דיך פאָרשטעלן פאַר דעם שיינעם בחור.

דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט איבערהאַלטן און איך האָב באַשלאָסן צוצוגיין צו מיין שוועסטער.

איך האָב איינגעקויפט פאַרשידענע שפּילצייג פאַר מיין שוועסטערס קינדער, כ'האָב זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק, אַז איך האָב אַליין אָנגעקוואָלן פון זיך און דעם נעקסטן שבת האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט צו מיין שוועסטער.

ווען איך בין אַריינגעקומען צו מיין שוועסטער, האָט זי מיך

אויפגענומען ווי אַ זייער טייערן גאַסט. זי האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר, האָט מיך אַרומגעכאַפּט און זיך צעקושט, דערנאָך האָט זי מיך גענומען באַוואונדערן ווי שיין איך זע אויס און ווי געשמאַק־פול איך בין אָנגעטאָן, „אַ רעגולערע אַמעריקאַנער ליידי".

מיין שוואָגער האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון מיר:

— פעני, דו זעסט דאָך אויס ווי אַן אַקטריסע, פאָלג מיך און נעם אַראָפּ אַ בילד און שיק עס אַוועק קיין טאַרנערודא, וועלן זיי זען וואָס אַמעריקע קאָן מאַכן פון אַ מענטש. ווען איך זע דיך אין גאַס, וואָלט איך דיך אָסור דערקענט.

פון די קאָמפּלימענטן בין איך געבליבן שטיין אַ פאַרשעמע־לעטע און זיך נישט אויסגעטאָן.

— וואָס שטייסטו אַזוי ווי באַדאַסט? — האָט זיך מיין שוועס־טער אָנגערופן — טו זיך אויס און קום צום טיש, מיר וועלן עסן דינער.

עס איז געווען ווינטער־צייט. אין דרויסן האָט געסמאַלעט אַ פראָסט. אין שטוב איז געווען קאַלט, ווייל מיין שוועסטער איז געווען אַ פרומע און שבת פלעגט זי נישט איינהייצן דעם אויוון.

— עס איז דאָך זייער קאַלט ביי דיר, מען קאָן דאָך דאָ אָפּ־פרירן די נאָז — האָב איך איר באַמערקט.

— זאָרג דיך נישט, פרימאַדאָנאַלע מיינס — האָט זי מיר גע־ענטפערט — לאָמיר נאָר אָפּעסן. איך האָב היינט אַ קוגל, וואָס דו גלייכסט, אַ לאָקשענעם קוגל, איך האָב אים געשטעלט אָנוואַרעמען ביי מיין שכנה, אַ ליטוואַטשקע. נאָכן עסן וועלן מיר טאַקע אַריינ־גיין צו איר זיך אָנוואַרעמען, ווייל ביי איר איז וואַרעם.

— אוי, גוט! — האָב איך אויסגערופן.

— איך פאַרשטיי, אַז דו מיינסט נישט די הגדה נאָר די קניידלעך — האָט מיין שוועסטער מיר באַמערקט — דאָרט איז אויך דאָ דער שיינער בחור.

ווען מיר זיינען אַריינגעקומען צו דער שכנה, איז דער שיי־

נער בחור געזעסן און געגעסן. מיין שוועסטער האָט אונז פאַר־געשטעלט און איך בין ווירקלעך געוואָרן איבערראַשט.

ער איז געווען אַ יונג אין וועלכן יעדעס מיידל האָט זיך געקאָנט פאַרליבן. מיר זיינען דאָרט געזעסן בערך אַ שעה און זייער גוט פאַרבראַכט. מיר האָבן זיך ביידע פאַרליבט באַלד פון ערשטן בליק. ווען מיר זיינען צוריק אַריינגעקומען צו זיך, פרעגט מיך מיין שוועסטער:

— נו, ווי געפעלט דיר דער בחור?

— ער געפעלט מיר זייער — ענטפער איך אָפּנהאַרציק — אָבער איך ווייס דאָך נישט צי איך געפעל אים.

—דאָס איז טאַקע אַ פראַגע — זאָגט זי — ער האָט מיידן צען פאַר איינער. ער איז אַזוי שיין, אַז מען קאָן זיך נישט העלפן, און מען מוז זיך אין אים פאַרליבן.

אירע רייד האָבן מיר קיין גרויס נחת נישט פאַרשאַפט, און איך טראַכט מיר, אַז אויב עס איז באַשערט, איז גוט, אויב נישט, טאָ וואָס קאָן איך מיר העלפן?

איך האָב נאָך אַביסל פאַרבראַכט ביי מיין שוועסטער און דער־נאָך בין איך אַוועק צו מיין קוזינע וואו איך האָב געזאָלט בלייבן נעכטיקן. זי האָט געוואוינט עטלעכע בלאָק פון מיין שוועסטער. מיר זיינען דאָרט געזעסן און גערעדט וועגן פאַרשידענע זאַכן, אָבער איין גאָט איז מיין עדות, אַז די גאַנצע צייט האָב איך נאָר געטראַכט וועגן בחור. עס איז שוין געווען 8 אַ זייגער און איך האָב באַשלאָסן צו גיין זיך אָפּרוען. איך האָב זיך שוין גענומען אויסטאָן, ווי מיין שוועסטער באַווייזט זיך אַ פאַרסאָפּעטע. איך האָב זיך דערשראָקן.

— וואָס איז געשען?

— גאָרנישט איז געשען — ענטפערט זי.

— טאָ וואָס זשע ביסטו געקומען צו לויפן אַזוי הענדום פענדום?

— טו זיך צוריק אָן, שוועסטער מיינע, דער שיינער בחור וויל דיך נעמען אין טעאַטער.

— און דאָס הייסט ביי דיר, אַז עס איז גאָרנישט געשען?
— האָב איך כמעט ווי אויסגעשריגן און פאַר פרייד אַרומגעכאַפּט מיין שוועסטער און גענומען מיט איר טאַנצן. — זעסטו, שוועס־טער, פאַר אָט דער גוטער בשורה בין איך דיר אַלץ מוחל, און לאָמר פון היינט אָן זיין ווי אין דער אַלטער היים. ווי זאָגט די וועלט „בלוט איז פאָרט נישט קיין וואַסער".

צוויי יאָר בין איך אַרומגעגאַנגען מיט דעם בחור. דער סוף? מיר זיינען, אַ דאַנק גאָט, איינע פון די גליקלעכסטע פאַרהייראַטע פּאָר אויף דער וועלט.

# פעטש אַלס פּאָליסי

מיר האָבן מיט מזל געמופּט אין אַ שיינער געגנט.

דער עקספּרעסמאַן האָט אַרויפגעטראָגן מיין פּוירניטשור און איך האָב זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. דאָס ערשטע האָב איך גענומען אויספּאַקן מיינע דישעס און זיי אַוועקשטעלן, אַז מען זאָל באַלד קאָנען עסן. מיין זונדעלע דזשערילע האָב איך געבעטן, אַז ער זאָל בלייבן דאַן סטעירז כדי ער זאָל מיר נישט שטערן אין שטוב אַלץ צו ברענגען אין אָרדנונג.

מיין מאַן גייט צו צו דער ווינדאָו, זעט ער ווי עטלעכע פּרויען שטייען אונטן און ער הערט ווי זיי זאָגן, אַז זיי גייען אַרויף צו דער נייער טענערקע.

— פּעני — זאָגט מיין מאַן צו מיר — איך הער, אַז אַ קאָמיטע ווייבער קלייבט זיך צו דיר. איך דענק, אַז אונזער תכשיט, אונזער דזשערילע, האָט שוין אָנגעמאַכט טראָבל.

איך האָב זיך דערשראָקן פון זיינע רייד, אָבער איך בין פונ־דעסטוועגן ווייטער געבליבן סאָרטירן די דישעס. דאָ עפנט זיך די טיר און עטלעכע ווייבער שטעלן זיך אַריין, און איינע פון זיי, ווי אַ פאַרשטייערין, וואַרט נישט קיין מינוט און ווענדעט זיך צו מיר:
— מיסעס, איר דאַרפט זיך נישט אויספּאַקן. איר בעסער פּאַקט זיך צוריק איין און גייט זיך געזונטערהייט פון וואַנען איר זענט געקומען. מיר ווילן אייך מיט אייער כוליגאַן דאָ נישט לאָזן וואוינען.

פרואוו איך מיך מאַכן תמ׳עוואַטע און פרעג דער יידענע:

— וואָס איז דען מער?

— זע נאָר זע — ענטפערט זי מיר — זאָלסט מיר לעבן. זי האָט נאָך אַ נוירוו צו פרעגן „וואָס איז דען מער ?". אייער מערדער האָט דאָך שוין באַוויזן אויסצו׳הרג׳ענען אַלע קינדער פון דעם בלאָק !

— וואָס רעדט איר ? — שפּיל איך ווייטער די נאַיווע — איך בין אַזוי ביזי מיטן אויספּאַקן די דישעס, אַז איך האָב גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געוואוסט. אַ שאָד וואָס מיין באַיטשיק איז נישטאָ אין דער היים, אָבער איך גיב אייך מיין הייליק וואָרט, אַז ווי באַלד ער וועט קומען, וועל איך אים באַשווערן ער זאָל מיר זאָגן דעם אמת, וואָס עס איז געשען.

די ווייבער זיינען נאָך אַביסל געשטאַנען, און, אַז זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן מיט מיר גאָרנישט וואָס צו מאַכן, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן און זיינען אַרויס.

איך בין געבליבן שטיין ווי אין געהאַקטע וואונדן. וואָס זאָל איך איצט טאָן ? און דאָ גיט פּלוצלונג אַ קריך אַרויס פון הינטערן בעט מיין דזשערילע. דערזען פון וואַנען ער קומט אַרויס, האָב איך שוין פאַרשטאַנען מיין אומגליק, אַז די ווייבער זיינען געווען גערעכט, אָבער אַזוי ווי איך האָב זיי צוגעזאָגט אים צו פרעגן, האָב איך פאַר יוצא וועגן אים פאָרט געפרעגט :

— זאָג מיר נאָר, דזשערילע, האָסט נאָר וואָס אַריינגעמופּט אין דער געגנט, פאַרוואָס האָסטו עפּעס שוין געשלאָגן אַלע קינדער?

דזשערילע האָט גאָרנישט געפּרובט אָפּלייקענען און מיר געענטפערט :

— איך האָב זיי געוואָלט צייגן, מאַ, אַז איך בין אַ שטאַרקער, זיי זאָלן זיך נישט טשעפּן צו מיר, נאָר פאַר מיר מורא האָבן.

צומאָרגנס האָב איך דזשערילען געשיקט אין דער סקול פון יענער געגנט און אים מיטגעגעבן זיין רעפּאָרט־קאַרט און אַ טראַנספער. עס נעמט נישט קיין האַלבע שעה, מיין תכשיט איז דאָ צוריק אַ ווײנענדיקער. איך בין געווען זיכער, אַז דאָס האָבן קינדער אים געפּאַקט און זיך מיט אים אָפּגערעכנט.

— וואָס איז געשען, דזשערילע? — פרעג איך אים.

— איך וועל שוין מער אין דער סקול מיט די קרעיזי טי־טשערס נישט גיין — ערקלערט ער — איך בין אַריינגעקומען אין קלאַס, און אַזוי ווי די טיטשערקע האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין רע־פּאָרט קאַרט, האָט זי מיך געפרעגט „דאָס ביזטו דזשערי עדעל־מאַן?". אַזוי ווי איך האָב איר געענטפערט „יעס", האָט זי אויפגע־הויבן די האַנט און מיר דערלאַנגט צוויי פּעטש אין פּנים. איך האָב געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער טיר אין סקול און אָט בין איך דאָ, נאָו, מער וועל איך אין אַזאַ סקול נישט גיין!

די געשיכטע האָט מיך זייער פאַרדראָסן.

„וואָס הייסט דו שלאָגסט דאָס קינד? דער באַי האָט דאָך נאָך ביי דיר אפילו נישט געלערנט! ווי נעמט דאָס אַ לערערין און שלאָגט אַ קינד אומזיסט און אומנישט?!"

האָב איך צומאָרגנס גענומען מיין באַי און מיר זיינען צוזאַמען אַוועק אין סקול זיך דורכריידן מיטן פּרינציפּאַל. מיר האָבן אַביסל געוואַרט ביז דער פּרינציפּאַל איז געקומען און איך האָב אים דער־ציילט די גאַנצע געשיכטע און געפרעגט וואָס פאַרע טיטשער האָט ער דאָ, וואָס באַלד ווי מיין קינד איז דעם ערשטן טאָג געקומען אין סקול, האָט מען אים אפילו נישט געגעבן קיין טשענס אַוועקצו־זעצן, נאָר באַלד האָט מען אים געגעבן פּעטש. איז דאָס יושר? וועלכע מאַמע וועט עס לאָזן גיין איר קינד אין אַזאַ סקול ביי אַזעל־כע לערער?

דער פּרינציפּאַל איז געווען אַ גוטמוטיק מענטשל, האָט ער געשמייכלט צו מיר און זיך באַמיט מיך צו באַרואיקן:

— מיי דיר ליידי, האָט אַביסעלע געדולד, איך וועל באַלד שיקן נאָך דער לערערין און מיר וועלן הערן וואָס זי האָט צו זאָגן. די גאַנצע זאַך קומט מיר פאָר נישט קלאָר. אפשר האָט דער באַי־טשיק נישט דערציילט דעם אמת?!

עס האָט נישט לאַנג גענומען, איז די לערערין געקומען. דער פּרינציפּאַל האָט איר געפרעגט:

— איז דאָס אמת וואָס דער באַיטשיק דערציילט וועגן אייך, אַז ער איז נאָר וואָס אַריינגעקומען אין סקול, האָט נאָך נישט באַוויזן זיך אָוועקצוזעצן, און איר האָט נאָר בלויז אַ קוק געטאָן אין זיין רעפּאָרט־קאַרט, האָט איר אים געגעבן צוויי פּעטש אין פּנים?

די לערערין איז געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק. זי האָט זיך גע־פּרובט פאַרענטפערן, אַז זי האָט מיין קינד נישט געשלאָגן, נאָר בלויז געגעבן צוויי קליינע סלעפּס.

— אָבער פאַרוואָס האָט איר אפילו געגעבן סלעפּס? — פרעגט דער פּרינציפּאַל.

— איך האָב אַריינגעקוקט אין זיין רעפּאָרט־קאַרט, האָב איך געזען, אַז דאָס יונגל איז אַ ווילדעס, האָט ליב אָפּצוטאָן שפּיצלעך — פאַרענטפערט זיך די לערערין, — האָב איך פון פּראַקטיק באַ־שלאָסן, אַז אַזאַ חברה־מאַן קאָן מען נאָר איינשטילן ווען מען שרעקט אים איבער באַלד פון דער ערשטער מינוט.

דער פּרינציפּאַל איז אַליין נישט געווען צופרידן פון דעם ענטפער און שטרענג אָנגעזאָגט דער לערערין, אַז מער זאָל ער אַזעלכעס פון איר נישט הערן, און פאַרלאַנגט זי זאָל ביי מיר בעטן אַנטשולדיגונג.

איך האָב דער לערערין מוחל געווען, ווייל זי האָט דאָך גע־האַנדלט פּונקט אַזוי ווי מיין דזשערילע האָט געהאַנדלט מיט צוויי טעג צוריק ווען מיר האָבן אַריינגעמופט אין דער נייער געגנט. זי האָט געגעבן פּעטש אַלס פּאָליסי אָפּצושרעקן, פּונקט ווי דזשערילע האָט געטאָן מיט די קינדער.

איך האָב אַהיימגייענדיק דאָס ערקלערט דזשערילען. ער האָט איינגעזען, אַז פּונקט אַזוי שלעכט ווי די לערערין האָט געהאַנדלט, אַזוי שלעכט האָט ער געהאַנדלט, און ער האָט גענומען גיין מיט התמדה אין סקול און מער האָט ער די קינדער פון דעם בלאָק נישט געטשעפּעט.

# מיין דזשערילע גייט אין ביזנעס

מיין דזשערילע איז דעמאָלט אַלט געווען 13 יאָר, אָבער ער האָט שוין ליב געהאַט צו מאַכן געלט. ווי אַזוי מאַכט מען אָבער געלט? האָט ער געטאָן וואָס אַ סך קינדער אין זיין עלטער האָבן דעמאָלט געטאָן. זיי האָבן פאַרקויפט אייז־קרים, פּאָפּס און נאָך אַזעלכע זאַכן ביי די ביטשעס פון קוני איילאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר זומער ווען דער עולם איז דאָרט גרויס.

די ביזנעס לייט, וועלכע האָבן דאָרט געהאַט סטאָרס אָדער סטענדס אויף וועלכע זיי האָבן פאַרקויפט דיזעלבע זאַכן, איז דאָס אָבער נישט געפעלן. זיי האָבן געזען אין דעם אַ קאָנקורענץ פאַר זיך, האָבן זיי אָנגעשטעלט פּאָליסלייט, אַז מען זאָל אַרעסטירן די באָיעס, וואָס שלעפּן זיך אַרום ביי די ביטשעס.

נו, דאָס געזעץ איז געווען אויף זייער זייט. די פּאָליסלייט האָבן נאָך דערצו געקראָגן באַצאָלט, האָט מען טאַקע געפּאַקט די פּעדלער־באָיעס און זיי איינס ווי איינס אַרעסטירט.

איינמאָל האָט מען אַזוי אַרעסטירט מיין דזשערילען מיט זיין גאַנץ ביסל סחורה אייז־קרים, און אים געלאָזט וואַרטן אין אַרעסט אויפן דזשאָדזש. מיין דזשערילען איז אויסגעקומען צו זיצן אין דער בעק, נעבן אַן אָפּענעם פּענסטער פאַר וועלכע די קוני איילאַנד באַזוכער זיינען פאַרבייגעגאַנגען. מיין תכשיט איז נעבעך געזעסן אין זיינע צרות, ווייל ער האָט דאָך געוואוסט, אַז מען וועט אים באַשטראָפן פאַר פּעדלען אָן לייסענס און דערצו ווערט דערווייל אַ תל פון דעם אייזקרים, ווייל די היץ איז געווען שרעקלעך און עס האָט זיך געגאָסן פון אייזקרים ווי פון אַ פאָנטאַן, פאַלט מיין פאַרשוין אויף אַן איינפאַל: ער הייבט אָן שטילערהייט צו אַנאָנסירן צו די

פאַרבייגייער, אַז ער פאַרקויפט זיי אַ באַרגיין, 3 סענט אַנשטאַט 5 סענט אַ פּאַרציע אייזקרים. און וואָס פרעגט איר? ער האָט טאַקע אַזוינאַך אויספאַרקויפט זיין גאַנצן סטאַק.

פּטור געוואָרן די אייזקרים־ביזנעס און אײַנזעענדיק, אַז דאָס איז נישט קיין ביזנעס ביי וועלכע מען קאָן מאַכן אַ פּאָר סענט, איז ער גאָרנישט אַראָפּגעפאַלן ביי זיך און גענומען זוכן אַנדערע ביז־נעס. אין אַ שיינעם טאָג קומט ער אַהיים, מיט אַ גדולה, ער האָט אַ נייעם פּלאַן ווי אַזוי ער קאָן מאַכן געלט.

— און דאָס מאָל, מאַ, איז עס ריעל ביזנעס.

— וואָס פאַרע ביזנעס?

— איך גיי אַריין אין די פּעיפּער ביזנעס.

און ער נעמט מיר דערציילן אַזאַ געשיכטע:

— עס גייט איצט אָן אַ קאָנטעסט אין דער „ברוקלין דעילי טיימס״, אַז ווען מען קריגט 100 סובסקרייבער פאַר דער צייטונג, באַקומט מען דערפאַר אַ פּרייז פון 75 דאָלאַר אין קעש, און דאָס איז נאָך נישט אַלץ. די באָיעס, וועלכע וועלן געווינען דעם קאָנ־טעסט, וועט מען נעמען אויף אַ טריפּ קיין וואַשינגטאָן, וואו דער פּרעזידענט וועט זיי אויפנעמען. מען וועט דערפון נעמען פּיקטשורס, און די פּיקטשורס וועלן זיין געדרוקט אין די פּעיפּערס. אויך דאָס איז נאָך נישט אַלץ; מען וועט די באָיעס נעמען פאַר אַ וואָך צייט אין דעם שענסטן האָטעל אין וואַשינגטאָן, מען וועט זיי אַרומפירן און ווייזן די שענסטע זאַכן אין שטאָט. מיט איין וואָרט, עס וועט שוין איינמאָל זיין אַ טומל מיט די באָיעס. מאַ, דו וועסט זען, איך וועל נאָך ווערן זייער פּאָפּולער און דו וועסט האָבן פון מיר דעם ריכטיקן נחת.

איך הער וואָס מיין באָי דערציילט מיר און קוק אויף אים, ווייל איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז נאָך נישט אַלץ. מסתמא דאַרף ער האָבן עפּעס פון מיר.

יאָ, געטראָפן. ער דאַרף דריי דאָלאַר. אַז דעם קאָן ער נישט אָנ־הייבן די גאַנצע געשיכטע. די דריי דאָלאַר מוז ער איינצאָלן אין דעם פעיפּער און דאַן ווערט ער אַ ניוס באַי קעריער.

כאַפּ איך זיך דאָך אַן ביים קאָפּ:

— צו מיינע שונאים׳ס קעפּ. דאָס פעלט מיר נאָך!

איך הייב אים אָן צו דערקלערן און אויפווייזן, אַז ער זאָל זיך דאָס אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, ווייל פּונקט דעמאָלט האָבן מיר געהאַט עטלעכע אייגענע הייזער און געפירט אַ שיינע ביזנעס, טאַ וואָס וועלן מענטשן זאָגן, ווען זיי וועלן זען, אַז אונזער יונגל איז גאָר געוואָרן אַ פעיפּער קעריער.

— קינד מיינס, דזשערילע טייערער — רעד איך צו אים — מען וועט דאָך אונז פאַרשרייען, אַז מיר זיינען שנאָרערס, אַז מיר ווילן איינשלינגען די גאַנצע וועלט און שעמען זיך נישט צו שיקן אונזער יונגל איבער די גאַסן און הייזער ווי די אָרעמע קינדער, וואָס האָבן נעבעך נישט קיין אַנדער ברירה. דזשערילע קרוין, דיין פּאַפּאַ וועט זיך דאָך באַגראָבן פאַר חרפּה. אויסערדעם, וואָס מיינסטו, עס איז עפּעס אַזוי גרינג צו קריגן הונדערט סובסקרייבער?

אָבער רייד היינט, רייד מאָרגן. ער גיט נישט קיין גאַד דעם וואָס מענטשן וועלן ריידן. ער וועט אונז ווייזן, אַז ער וועט געווינען דעם קאָנטעסט און יאָ קריגן די 100 סובסקרייבער.

איך האָב געפּרובט פאַרלייגן דזשערילען, אַז איך וועל אים געבן וויפל געלט ער וויל אַבי ער זאָל נישט ווערן קיין פעדלער מיט פעיפּערס. איך האָב אים געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, אָבער ער איז פון קינדוויז אָן געוועזן אַ שרעקלעכער עקשן, און טאָמער האָט ער באַשלאָסן עפּעס צו טאָן, האָט קיינער נישט געקאָנט ענדערן זיין באַשלוס. באין ברירה האָב איך אים געגעבן די דריי דאָלאַר.

ער האָט מיר געדאַנקט און פאַרזיכערט, אַז נאָכן קאָנטעסט וועט ער מיר אַלץ אָפּגעבן מיט דאַנק, און נישט נאָר וועט ער מיך און מיין מאַן נישט דיסקרעדיטירן, נאָר אונז נאָך מאַכן באַרימט און שטאָלץ אויף אים.

ער איז אַוועק און איינגעצאָלט אַ דעפּאָזיט אויף די פּעיפּערס, וועלכע מען וועט אים געבן צו טראָגן. אין דער ערשטער וואָך האָט ער פאַרדינט דריי דאָלאַר. עס איז געווען ווינטער־צייט ווען עס איז נישט אַזוי גרינג אַרומצוגיין איבער די הייזער, אָבער דאָס האָט דזשערילען נישט אָפּגעהאַלטן. ער האָט ווירקלעך געאַרבעט זייער שווער. ווען ער האָט געזען, אַז עס איז נישט אַזוי לייכט צו קריגן סובסקרייבער, האָט ער זיך אַן עצה געגעבן און אָנגעהויבן קלאַפּן אויף די סטרונעס פון רחמנות. ער האָט יעדן איינעם דערציילט אַ שרעקלעכע געשיכטע, אַז ער איז זייער אַן אָרעמער באָי, ער וויל גיין אין האַי סקול און ער האָט נישט קיין מעגלעכקייטן. די איינציקע האָפענונג זיינע איז, ער זאָל געווינען דעם קאָנטעסט, דעמאָלט וועט ער קאָנען פאַרווירקלעכן זיין חלום און גיין אין האַי סקול. אָבער כדי דאָס זאָל מעגלעך זיין, מוז ער דאָך שאַפן סובסקרייבער, דערי־בער בעט ער, אַז מ׳זאָל אויף אים האָבן רחמנות און ווערן אַ סובס־קרייבער, אפילו נאָר אויף עטלעכע מאָנאַטן.

מיט זיין שאַרף צינגל איז אים געלונגען צו מאַכן מענטשן גלויבן אין זיינע רייד און מיט יעדן טאָג איז אַלץ געוואַקסן ביי אים די צאָל סובסקרייבער. נאַטירלעך האָט ער נישט געקאָנט „אַרבעטן״ אין די געגנטן וואו מען האָט אונז געקענט. דאָ האָט דאָך נישט געקענט אָנגיין זיין „האַרד לאַק סטאָרי״. האָט ער זיך אויסגעזוכט געגנטן, וואו מען האָט אים נישט געקענט און ער האָט איינגעלייגט וועלטן.

איינמאָל איז ער אַהיימגעקומען מיט נאָך אַ באָיטשיק, טאָקע פון אונזער בלאָק, אַן איטאַליעניִשער באָי, אין איין עלטער מיט אים, אָבער דזשערילע איז געווען שיין געוואַקסן און פעסט געבויט, און דער פריינט זיינער איז געווען אַ דאַרער און אַ בלאַסער באָיטשיק, און ער האָט אויסגעזען ווי אַ קינד אין פאַרגלייך צו מיין זונדל.

דאָס ערשטע האָט אים דזשערילע פאָרגעשטעלט פאַר מיר:

— מאַ, באַקען זיך מיט מיין פרענד, פרענקי. ער וואוינט דאָ טאָקע ביי אונז אין בלאָק.

באַקוק איך דאָס איטאַליעניש̈ע יונגל און זאָג, ווי דער שטייגער:
— זייער אָנגענעם.
— איצט, אַז דו קענסט אים שוין — זאָגט דזשערילע — וועל איך דיר זאָגן פאַרוואָס איך האָב אים געבראַכט צו דיר. דאָס איז סטריקטלי ביזנעס, פאַרשטייסט? איך וויל, אַז דו זאָלסט לייען פרענקין דריי דאָלאַר, וועט ער אויך טראָגן פעיפּערס. זיין מאַמע איז אָרעם און האָט נישט אים צו געבן קיין דריי דאָלאַר.
— וואָס גייט דיר אַזוי אין לעבן אַז פרענקי זאָל טראָגן פעי־פערס? — פרעג איך מיין תכשיט.
— דאָס איז, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, סטריקטלי ביזנעס — ענטפערט ער מיר — איך וועל אים לייען די דריי דאָלאַר און דערנאָך וועט ער מיר אָפּגעבן מיט אַ העלפט פון זיין פאַרדינסט, אַ דאָלאַר מיט 50 סענט.
איך האָב גענומען אויפוייזן דזשערילען, אַז דאָס וועט נישט אַרבעטן, ווייל, ערשטנס, איז דער באַי אַ שוואַכער און ער דאַרף גיין אין סקול און ער וועט נישט קאָנען אַוועקגעבן אַזויפיל צייט ווי דאָס פאָדערט. ער וועט טראָגן אַ טאָג־צוויי און היזק האָבן די דריי דאָלאַר, וואָס ער גיט דעפּאָזיט אין אָפיס, און ער וועט דערנאָך נישט האָבן צוריקצוגעבן די געבאָרגטע דריי דאָלאַר.
אָבער מיין דזשערילע ווערט נישט איבעראַשט פון מיינע אַרגו־מענטן. ער גיט אַ זעץ מיט די פיס און אַ געשריי:
— דאָס איז מיין געלט, איך האָב דערויף געאַרבעט, דעריבער וויל איך, מאַ, אַז דו זאָלסט מיר שוין געבן דריי דאָלאַר. איך וויל נעמען אַ טשענס אין ביזנעס.
איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך וועל גאָרנישט אויספירן, האָב איך אים געגעבן די דריי דאָלאַר פאַר פרענקין, אָבער איך האָב אים געוואָרנט:
— דו וועסט זען, אַז דו וועסט זיין סאָרי. דו וועסט די דריי דאָ־לאַר שוין מער נישט צוריקזען.

— לאָז דאָס איבער צו מיר — האָט מיין זונדל געענטפערט, געכאַפּט די דריי דאָלאַר און שנעל אַוועק מיט דעם איטאַליענער אין אָפיס פון דער צייטונג און איינגעצאָלט פאַר אים דעם דעפּאָזיט פון דריי דאָלאַר, אַז דער איטאַליענער זאָל קריגן אַ „ראָוד״.

פאַרשטייט זיך, אַז געדעכט בין איך געווען. דער איטאַליענער האָט אָפּגעטראָגן צוויי טעג די צייטונגען און ערקלערט, אַז מער וויל ער נישט. עס איז צו שווער פאַר אים.

— נו, דזשערילע, וואָס זאָגסטו איצט? — פרעג איך מיין זונדעלע, וואָס איז שוין אַרומגעגאַנגען אָן אַ קאָפּ — איך האָב דיך פריער געוואָרנט, אַז דו זאָלסט זיך נישט אַריינלאָזן מיט פרענקין. ער וועט נישט וועלן אַרבעטן?!

— זאָרג זיך נישט, מאַ, — ענטפערט מיר צוריק מיין תכשיט — ער וועט שוין ביי מיר טראָגן די פּעיפּערס, אויב נישט אַ לעבעדיקער, וועט ער עס טאָן אַ טויטער. איך וועל אים דער׳הרג׳ענען.

— בעסער וואָלסטו געפאָלגט דייך מאַמען, וואָלט צו די צרות נישט געקומען — טענה איך, אָבער צו וועמען רייד איך? מיין דזשערילע איז שוין נישטאָ אין שטוב!

עס נעמט נישט קיין 5 מינוט, דערהער איך פון דער גאַס באַנומענע קולות. איך גיי צו צום פענסטער, וואָס זע איך? — אַ בילד וואָס איך וועל נישט פאַרגעסן מיין גאַנץ לעבן. מיין דזשערילע לויפט און טראָגט אויף די פּלייצעס פרענקין, און זיין מאַמע לויפט זיי נאָך און שרייט אויף איטאַליעניש, אַז ער זאָל אים אָפּלאָזן. איך האָב שוין פאַרשטאַנען מיינע צרות, אַז דזשערילע וויל דעם באַי אַזוי אַריינטראָגן אין אָפיס און אים צווינגען צו צעטראָגן די פּעיפּערס. איך האָב זיך אַזוי אַרויסגעבויגן, אַז איך בין שיער פון פענסטער אַרויסגעפאַלן. אויף דער גאַס האָט זיך געטאָן חושך. מענטשן, וואָס האָבן געזען דאָס בילד, זיינען נאָכגעלאָפן דזשערין און געשריגן. מען האָט שוין געוואָלט רופן פּאָליס. דער סוף איז געווען, אַז ווען מיין זונדל איז צוגעקומען צום קאָרנער האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך פרענקין און איז אַליין אַנטלאָפן.

אָבער מיין זונדל האָט זיין געלט פאַרט נישט פאַרלאָרן. געזען, אַז ער קען זיך אויף זיין חבר נישט פאַרלאָזן, האָט ער אַליין איבערגענומען בײדע ראָודס, און ער האָט באַזאָרגט די פּעיפּערס אי צו זיינע קאָסטאָמערס אי צו דעם איטאַליענערס, און צום סוף וואָך האָט ער באַקומען גאַנצע זעקס דאָלאַר.

און נישט נאָר דאָס: ער האָט טאַקע אויסגעהאַלטן און געוואונען דעם קאָנטעסט און צוזאַמען מיט נאָך איניקע באָיעס האָט ער באַקומען די 75 דאָלאַר קעש, האָט זיך פאָטאָגראַפירט מיטן רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, איז געפאָרן קיין וואַשינגטאָן, האָט דאָרט פאַרבראַכט אַ וואָך צייט, איינגעשטאַנען אין אַ גרויסן האָטעל, געזען פון אַנדערע שיינע זאַכן אין אונזער הויפּט־שטאָט און האָט זיך, מיט די אַנדערע באָיעס, פאָטאָגראַפירט מיט פּרעזידענט קולידזש. ער טאַקע דער ערשטער נעבן פּרעזידענט. דאָס בילד איז ביז צום היינטיקן טאָג אַ הייליקטום ביי אים.

אַזוי זיינען אַוועק צוויי יאָר. דזשערילע איז געגאַנגען אין סקול און עס איז געוועזן שאַ שטיל. איך האָב געמיינט, אַז דער באָי האָט זיך שוין באַרואיקט און צו מער קיין אַוואַנטורעס וועט ער שוין נישט שטרעבן.

ערשט איינמאָל, אין אַ שיינעם טאָג, קומט ער צו גיין מיט אַ נייע מעשה. וואָס איז? ער האָט אַ נייעם פּלאַן.

— וואָס איז דאָסמאָל? — פרעג איך געלאַסן, ווייל קיין זאַך פון מיין דזשערילען האָט מיך שוין נישט איבעראַשט.

איין קלייניקייט. ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין יוראָפּ.

דערהערט דאָס, גלאָץ איך אויס אַ פּאָר אויגן אויף אים:

— דו מיינסט עס ערנסט? איך וויל האָפן, אַז דאָס איז ביי דיר בלויז אַ שפּאַס.

— ניין, מאַ — ענטפערט ער — איך מיין עס טאַקע ערנסט. איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן אַ טריפּ קיין יוראָפּ. אַזוי ווי עס גייט צו וואַקיישאָן־צייט אין סקול, וויל איך די צייט ביז די סקול וועט זיך ווידער עפענען דערוייל זיך אַריבערכאַפּן קיין יוראָפּ. איך וויל

זען די וועלט. און ווייסטו, מאַ, וואָס נאָך? ווען די שיף וועט סטאָפּן אין יוראָפּ, וועל איך זיך אַראָפּכאַפּן קיין גאַליציע, אין דעם שטעטל וואו דו, מיין טייערע מאַמע, ביזט געבוירן געוואָרן. איך בין זייער נייגעריק צו זען דאָס גליקלעכע שטעטל, וואו מיין מאַמע איז געבוירן געוואָרן. מיין האַרץ גייט מיר אויס זיך צו באַקענען מיט דיין פאַמיליע, וואָס דו האָסט דאָרט געלאָזט, ספּעשל מיין זיידע און באָבע. איך בין שוין עקסיידעד ווען איך שטעל מיר פאָר די סצענע ווי איך קום צו זיי.

דערהערט זיינע פּלענער, האָב איך דערפילט, אַז דאָס מיינט ער נישט קיין שפּאַס, נאָר ער איז גאַנץ ערנסט, האָב איך גענומען טענה'ן מיט כעס:

— דזשערילע, ביז איצט האָב איך דיר אַלץ נאָכגעגעבן, אָבער דאָס משוגעת צו פאָרן קיין יוראָפּ שלאָג דיר אַרויס פון קאָפּ. דאָס וועט קיינמאָל נישט זיין. וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז אַ באָי פון 15 יאָר זאָל זיך אַריינעמען אַזעלכע משוגע'נע זאַכן אין זיין מוח? היינט גלוסט זיך דיר פאָרן קיין יוראָפּ, מאָרגען וועט דיר איינפאַלן פליען אויף דער לבנה. ניין, גענוג!

— אָבער באַרואיק זיך, מאַ — בעט זיך דאָס יונגל ביי מיר.

— ניין, איך וועל זיך נישט באַרואיקן — שריי איך — איך געדענק נאָך גאַנץ גוט ווי עס האָט אויסגעזען מיין רייזע ווען איך בין פון יוראָפּ דאָ אַהערגעקומען. ווי קראַנק איך בין געווען אויף דער שיף, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך וועל נישט דערלעבן אַהערצוקומען. ווען עמיצער גיט מיר אַ מיליאָן דאָלאַר, אַז איך זאָל פאָרן קיין יוראָפּ, ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקע, טו איך דאָס נישט.

— אַזוי? — ענטפערט מיר מיין תכשיט — דו וועסט נישט פאָרן פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר?! איך האָב אָבער נישט קיין מורא, איך וועל יאָ פאָרן!

— נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען! — פאַרענדיק איך דעם שמועס און טראַכט מיר, זאָל נאָר מיין מאַן אַהיימקומען, וועל איך אים

דערציילן די גאַנצע מעשה און ער וועט שוין עפּעס טאָן צו דעם ווילדן איינפאַל.

ענדלעך האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין מאַן איז אַהיימגעקו־מען. איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע און דערוואָרט, אַז ער זאָל זיך אויפּקאָכן און באַלד אריינרופן דזשערילען און אים דערלאַנגען דעם אמת׳ן חלק. ערשט מיין מאַן הערט זיך רואיק אויס און ער זאָגט:

— נו, אַז ער וויל פאָרן, זאָל ער פאָרן! ווער האַלט אים דען צו?

איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען און קלאָגן, ווייל דאָס איז געווען פאַר מיר א ביטערער קלאַפּ. איך האָב געוואוסט וואָס פאַר אַן עקשן מיין דזשערילע איז, אָבער איך האָב געהאַפט, אַז ווען טאַטע־מאַמע וועלן זיךביידע שטעלן אַוועק פעסט קעגן אים, וועלן מיר אפשר ביי אים פּועל׳ן, אַז ער זאָל ענדערן זיין באַשלוס, אָבער וויבאַלד דער טאַטע האַלט אויך מיט אים, האָב איך דאָך שוין זיכער פאַרלאָרן.

איך בין געוואָרן זייער אויפגערעגט און גענומען שרייען אויף מיין מאַן:

— אַ טאַטע ביסטו? אַ שמאַטע, נישט קיין טאַטע! דו לאָזט דאָך דיר קריכן אויפן קאָפּ. וואָס דער יונג וויל, טוט ער! ביי לייטישע טאַ־טע־מאַמע האָבן קינדער מורא, רעכענען זיך מיט זיי, און דאָ, וואָס דעם יונג פאַלט איין אין קאָפּ וועלכע משוגעת, טוט ער און פרעגט נישט קיינעם!

מיין מאַן האָט געזען, אַז איך נעם די געשיכטע מיר אַזוי שטאַרק צום האַרצן, האָט אים אויך גענומען ווי טאָן און ער האָט מיך אָנ־געהויבן באַרויקן:

— וואָס קאָכסטו זיך אַזוי? נאַר איינער, עס זאָגט זיך לייכטער ווי עס טוט זיך. האָב אביסל שכל, וועסטו זען, אַז עס איז נאָך נישט אַזוי הייס. צו פאָרן דאַרף מען האָבן מיט וואָס. פאַר אַ שיף־רייזע דאַרף מען באַצאָלן, דזשערילע אַליין האָט נישט קיין געלט און איך וועל אים נישט געבן אַ סענט. נו, זאָל ער ווייזן אַ קונץ און פאָרן!

איך האָב זיך טאַקע אַביסל באַרואיקט און ווען עס איז מיר שפּעטער ווידער אויסגעקומען צו ריידן מיט דזשערילען, האָב איך אים דאָס געזאָגט, אַז אויב ער מיינט, אַז מיר וועלן אים געבן געלט אויף הוצאות, האָט ער אַ גרויסן טעות.

— נישט איך מאַך אַ טעות, נאָר איר מאַכט אַ טעות — ענט־פערט מיר דזשערילע — איר מיינט, אַז כדי צו פאָרן אויף דער שיף דאַרף איך האָבן געלט. אָ, דאָס איז אייער מיסטעיק, איך דאַרף נישט קיין געלט. נישט איך דאַרף געלט, נאָר איך וועל נאָך ברענגען געלט ווען איך וועל צוריקקומען. מיר וועט מען נאָך צוצאָלן ווען איך וועל פאָרן אויף דער שיף.

— ווי אַזוי ? — האָב איך און מיין מאַן זיך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטן און געפרעגט.

— איך וועל זיין אַ וועיטער אויף דער שיף, וועל איך קריגן אומזיסטע רייזע, צו עסן און וועל נאָך מאַכן טיפּס.

דאָס איז גאָר געווען אַן איבעראַשונג פאַר אונז. מיין מאַן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אונטערגעגעבן.

— פעני — האָט ער געזאָגט צו מיר — איך האָב מורא, אַז עס וועט שוין גאָרנישט העלפן און דער באַי וועט פאָרן. און דו, מיין ווייבל, נעם דיר נישט צום האַרצן וואָס דער באַי טוט, וואָרום אונזער דזשערילע וועט אויפן פייער אויך נישט פאַרברענט ווערן. איך האָב צוטרוי צו אים, און מיר מעגן רואיק שלאָפן.

איך האָב זיך אָבער נאָך נישט אונטערגעגעבן. איך האָב גע־וויינט און געבעטן מיין יונגל, אַז ער זאָל האָבן רחמנות אויף מיינע יונגע יאָר און ער זאָל נישט פאָרן. אָבער רייד היינט, רייד מאָרגן, עס העלפט ווי אַ טויטן באַנקעס, ווי צו דער וואַנד!

אין אַ שיינעם טאָג רופט דזשערילע אָפּ מיין מאַן אין סטאָר, אַז ער איז שוין מיט מזל אויף דער שיף. די שיף גייט אָפּ אין אַ צוויי שטונדן, בעט ער אים, אַז ער זאָל אים גלייך צוברענגען אויף דער שיף אביסל אונטערוועש, זאָקן און אַזוי ווייטער. ער איז אַרויף אויף דער שיף אַזוי ווי ער שטייט און גייט, ווייל ער האָט מורא געהאַט

עס צו נעמען אין שטוב, אַז די מאַמע זאָל נישט באַמערקן און מאַכן אַ סקאַנדאַל. און יאָ, „ביז צו דער קרעטשמע דאַרף מען אויך אַ טרונק בראַנפן“, ביז ער וועט אַהיימקומען מיט געלט פון אַט דער רייזע, דאַרף ער דערווייל אַ פּאָר דאָלאַר אין טאַש אַריין אויפן וועג.

מיין מאַן האָט תיכף פאַרמאַכט דעם סטאָר, האָט געכאַפּט אַ טעקסי, איז אַהיימגעלאָפן אין איין אָטעם און זאָגט מיר, אַז ער מוז תיכף כאַפּן אַ טעקסי און צוטראָגן די אַלע זאַכן צו אונזער תכשיט, ווייל באַלד גייט אַוועק די שיף. איך האָב נישט אַזוי פויגלדיק געפילט ווען איך האָב געהערט, אַז מיינע בקשות האָבן נישט געווירקט און דזשערילע געפינט זיך שוין אויף דער שיף, אָבער גלייכצייטיק האָב איך איינגעזען, אַז איך קאָן שוין גאָרנישט ענדערן, האָב איך וויינענדיק איינגעפּאַקט די אַלע נויטיקע זאַכן און האָב שטילערהייט גענומען תפילה טאָן צו גאָט, אַז ער זאָל בשלום אַהינברענגען מיין יונגל און אים אויך בשלום ברענגען צוריק אַהיים צו טאַטע־מאַמע.

די רייזע אַהין און צוריק האָט גענומען ביי דזשערילען טאָקע, ווי פריער אויסגערעכנט, צוויי מאָנאַטן. ווען די שיף איז אָנגעקומען אין יוראָפּ, איז דזשערילע אַריינגעפאַלן קיין גאַליציע, האָט אויפגע־זוכט מיין געבורטס־שטעטל און זיך געזעען מיט מיינע עלטערן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטעטל ווען דזשערילע, אַ באַי פון אַ יאָר 15, איז איינער אַליין אָנגעקומען אַהין פון אַמעריקע. מיינע עלטערן האָבן גאָרנישט געוואוסט וואָס מיט אים צו טאָן. זיי האָבן מיר געהאַלטן אין איין שרייבן בריוו אין וועלכע זיי האָבן מיט די שענסטע פאַרבן געשילדערט דעם איינדרוק, וואָס מיין קינד האָט אויף זיי געמאַכט. זיי האָבן באַוואונדערט זיין מוט און זיין אונטערנעמונגס־גייסט. „וואַרט צו — האָט מיר מיין טאַטע געשריבן — דיין זון וועט נאָך אַמאָל זיין פּרעזידענט פון אַמעריקע“.

אייניקע טעג איז מיין זון געווען ביי אונז אין שטעטל. דער־נאָך איז ער צוריקגעפאָרן אין דער פּאָרט־שטאָט, פון וואו די שיף איז אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע, און אין אַ שיינעם טאָג איז

דזשערילע מיט געזונט צוריקגעקומען אַהיים, אָנגעלאָדן מיט פּרע־זענטן פאַר טאַטע־מאַמע און פאַר זיין ברודער און שוועסטער. אויסערדעם האָט ער נאָך מיטגעבראַכט 100 דאָלאַר קעש. ער איז געווען זייער שטאָלץ אויף זיך און אין אַ הויכן טאָן האָט ער זיך גע־ווענדעט צו מיר:

— נו, מאַ, האָסטו זיך געדאַרפט אַזוי רייסן און וויינען? האָסטו געדאַרפט זיך שרעקן פאַר מיר? איך האָב דיר געזאָגט, אַז איך וועל מיינס דורכפירן און צוריקקומען אָלרייט. ווער איז געווען גע־רעכט. איך בין איצט אַן אמת׳ער אַמעריקאַנער, אַ סעלף מעיד מען!

איך בין געשטאַנען אוןווירקלעך באַוואונדערט מיין זון און גע־טראַכט צו וואָס האָב איך טאַקע אי אים אי אונז פאַרשאַפט אַזויפיל צער און עגמת נפש, אַלץ דערפאַר, וואָס איך האָב נישט געהאַט גענוג צוטרוי צום יונגל מיינעם.

אויסגעפּאַקט די זאַכן, זיך אַרומגעוואַשן, האָבן מיר אָנגעהויבן אים אויסצופרעגן אויף יעדער זאַך, וואָס ער האָט געזען אין יוראָפּ, באַזונדערס אָבער ביי אונז אין שטעטל.

— נו, ווי האָסטו געגליכן יוראָפּ?

— ווילסטו הערן מיין אָפּיניאָן, מאַ? וועל איך זאָגן דעם אמת, איטס סטינקס, אָדער ווי מען זאָגט אין יוראָפּ „פע״. איך וויל בע־סער זיין דאָ אין יונייטעד סטעיטס אָוו אַמעריקאַ. די מענטשן דאָ ווייסן גאָרנישט ווי גוט זיי האָבן דאָ אין אונזער גאָלדן לאַנד. מען דאַרף דאָ קושן די ערד. ווען איך זע נישט מיט מיינע אייגענע אויגן ווי אַזוי מען לעבט דאָרט, וואָלט איך מיר דאָס גאָר קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געקאָנט צוגלויבן.

— און ווי אַזוי זיינען דיר געפעלן מיינע עלטערן?

— אָ, דיין פּאַפּאַ און מאַ זיינען גאָר אַנדערע טייפּס. זיי זיינען טייערע מענטשן. זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט מיר. זיי האָבן מיר געגעבן פון בעסטן און שענסטן. איך האָב גע־האַט אַ סך פאַן פון די מענטשן אין אייער שטעטל. זיי זיינען זיך אָנ־

געלאָפּן צום זיידן אין שטוב מיך אָנקוקן ווי איך וואָלט געווען אַ בער אָדער עפּעס אַ מענטש פון אַן אַנדער פּלאַנעט. זיי האָבן מיר גע־שטעלט אַזעלכע פראַגן וועגן אַמעריקע, אַז איך האָב מער ווי איינ־מאָל געלאַכט אָן א שיעור.

וואָכן־לאַנג האָט דזשערילע געהאַט צו דערציילן פון דעם וואָס ער האָט געהערט און געזען אין יוראָפּ און מיר האָבן זיך שטאַרק אַמוזירט פון די סצענעס אָדער טיפּן, וועלכע ער האָט נאָכגעמאַכט. ער האָט פאַר אונז ווידער אויפגעלעבט שטיקער לעבן פון וועלכע מיר זיינען שוין געווען אָפּגעפרעמדט, אָבער וועלכע זיינען געווען אַזוי ענג פאַרבונדן צו אונז, אַזוי נאָנט צו אונזער האַרץ...

און איצט, ווען מיין בוך דרוקט זיך און דזשערילע האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ מיידל, וועלכע ער האָט ליב ווי זיין לעבן, האָט ער די ערשטע זאַך איר דערציילט זיין אַוואַנטוריסטישע רייזע קיין אייראָפּע, און זי האָט האַרציק געלאַכט.

# אַ צעשלאָגן אויג פאַר צען סענט

איך האָב דעמאָלט געוואוינט אין אַן אָרעמער געגנט, אין מאַרסי עוועניו. נעקסט צו מיר האָט געוואוינט איינע אַ מיסעס שאָר, וועלכע איז שוין געווען 10 יאָר אין לאַנד, אָבער זי איז נאָך אַלץ פאַרבליבן אַ גרינע. זי איז געווען שרעקלעך אומוויסנד. מער ווי צום בוטשער, צו דער גראָסערי און אין פּרוכט־סטאָר איז זי קיינמאָל אין ערגעץ נישט געגאַנגען. זי האָט נישט געקאָנט לעזן און נישט שרייבן, און זי האָט דעריבער מורא געהאַט ערגעץ וואו אַרויסצוגיין. טאָמער האָט זי געדאַרפט ערגעץ וואו גיין, האָט מען זי געדאַרפט אַהינפירן און צוריקברייגנען.

איינמאָל איז זי אַריינגעקומען צו מיר און מיך געבעטן אַ טובה. עס איז אַזאַ מעשה: זי האָט אַ שוועסטער אין אונגאַרן, נעבעך אַ קריפּל, און דערצו אַ גרויסער אָרעמאַן, זי האָט נישט קיינעם אויסער איר, וויל זי איר צושיקן 10 דאָלאַר. אַזוי אָבער ווי זי אַליין איז די צווייטע פרוי ביי איר מאַן, און זי וויל נישט, אַז ער זאָל וויסן, אַז זי שיקט געלט קיין יוראָפּ, דעריבער מוז זי אַליין אָפּשיקן דאָס געלט. אָבער אַזוי ווי אַליין ווייס זי נישט וואו צו פאָרן צום פּאָסט אָפיס, בעט זי ביי מיר, אַז מיין זונדל, דזשערילע, אַ יונגל פון 7 יאָר, זאָל זי צופירן און צוריקברענגען פון פּאָסט אָפיס אויף בראָדוויי. דערפאַר וועט זי אים געבן 10 סענט פאַרן וועג.

איך האָב געוואוסט, אַז מיין יונגל איז זייער אַ ווילדער און ער קאָן אָפּטאָן שפּיצלעך, אויסערדעם איז ער אַן אויפגערעגטער און אויב עס זאָל אים אַ זאַך נישט געפעלן, קאָן ער אָנטאָן צרות, האָב איך איר געענטפערט:

— איך וואָלט אים מיט פאַרגעניגן געשיקט מיט דיר און דיר געטאָן די טובה, אָבער איך קען מיין יונגל און איך האָב מורא, אַז ער וועט דיך נישט ברענגען צוריק אַהיים.

נעמט זי מיך טרייסטן, אַז זי האָט דערפאַר קיין מורא נישט. זי קען מיין קינד פאַר אַ גוד באָי און אויב איך וועל אים נאָר דער־לויבן צו גיין מיט איר, איז זי זיכער אַז אַלץ וועט זיין אין בעסטן אָרדנונג.

נו, האָב איך נאָכגעגעבן.

זיי זיינען אַוועק פון דער שטוב אַרום איינס און איך האָב זיי דערוואַרט צוריק אַרום 2 אָדער העכסטענס האַלב נאָך צוויי, ווייל זי האָט באַדאַרפט צוגרייטן סאַפּער פאַר איר מאַן און זיינע צוויי טעכטער, וועלכע זיינען געווען ביי דער אַרבעט. אַרום צוויי אַזייגער זע איך, אַז מיין תכשיט, מיין דזשערילע, איז דאָ, אָבער, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אָן מיין שכנה.

— וואו איז די מיסעס שאָר ? — פרעג איך אים.

לאַכט ער, מיין תכשיט, און זאָגט :

— עס איז איר אייגענע שולד. איך האָב איר געבעטן די צוגע־זאָגטע 10 סענט ווען מיר זיינען צוגעקומען צום פּאָסט־אָפיס, האָט זי מיר אָפּגעזאָגט צו געבן, האָט עס מיך פאַרדראָסן, און דו ווייסט דאָך, מאַ, אז איך קאָן נישט ליידן קיין עולה, בין איך געוואָרן אין כעס, האָב געכאַפּט אַ שטיין און איר געוואָרפן און געטראָפן נעבן אויג, איר געמאַכט אַ בלוי אויג און זי איבערגעלאָזט ביים פּאָסט־אָפיס.

דערהערט דאָס, איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן. וואָס זאָל איך איצט טאָן ? דאָס בעסטע וואָלט געווען צוגיין צום פּאָסט־אָפיס און זען וואָס עס איז דאָרט מיט איר געוואָרן, אָבער איך האָב נישט געקענט אַוועקגיין, ווייל איך האָב געהאַט אַ קליין קינד, טאָ וואָס וועט איצט זיין ?

מיין איינציקע טרייסט איז געווען, אַז זי וועט זיך שוין מסתמא דערפרעגן אַהיים, און אַזוי בין איך געשטאַנען און געקוקט צו דער גאַס, אַז זי זאָל אָנקומען.

דער זייגער איז שוין אָבער 4. עס ווערט שוין 5, עס איז שוין 6 אין אָוונט, און מיין שכנה איז נאָך אַלץ נישטאָ. דער מאַן מיט די קינדער זיינען שוין אַהיימגעקומען צו סאַפּער, אָבער זייער טיר איז פאַרשלאָסן. דער מאַן האָט געוואוסט, אַז זיין פרוי כאַפּט זיך טיילמאָל אַריין צו מיר, האָט ער אָנגעקלאַפּט ביי מיר און געפרעגט צי איך ווייס נישט וואו זיין פרוי איז. דערציילן אים דעם אמת, האָב איך נישט געוואָלט אויסגעבן זיין ווייבל און דערצו האָב איך דאָך מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך נישט וואַרפן אויף מיין זונדל, האָב איך אים געזאָגט, אַז אַזוי ווי עס איז געווען אַ סייל אויף דרע־סעס אויף בראָדוויי, האָט זיין ווייב געבעטן מיין דזשערילען, אַז ער זאָל זי דאָרט צופירן. מיין זונדל איז שוין דאָ צוריק און זי האָט ער דאָרט איבערגעלאָזט. איך האָב צוגעגעבן, אַז איך באַדויער זייער וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט, אָבער איך בין נישט שולדיק, ווייל איך האָב פריער געוואָרנט זיין פרוי, אַז מען קאָן זיך אויף מיין יונגל נישט פאַרלאָזן.

דער מאַן האָט דאָס אויסגעהערט און האָט געגלויבט וואָס איך זאָג אים, אָבער ווען איך האָב געזען, אַז ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקט, זאָג איך צו אים:

— פאָלגט מיך, גייט אַרונטער, רופט אָפּ די פּאָליס סטיישאָן, אַזוי ווי זי ווייס נישט אַליין וואו אהיימצוגיין, האָט מען זי דאָרט אודאי פאַרהאַלטן און מען וואַרט אַז איר זאָלט זי קומען אָפּנעמען.

אַזוי ווי דער מאַן האָט געוואוסט, אַז זיין פרוי איז אַזאַ איגנאָ־ראַמוס, אַז זי ווייסט זאָגאַר נישט וואו זי וואוינט, אויסער אויף מאַרסי עוועניו, האָט ער איינגעשטימט, אַז איך בין גערעכט און ער איז אַראָפּ טעלעפאָנירן. עס נעמט נישט קיין 5 מינוט קומט דער מאַן צוריק אַ דערשלאָגענער.

— וואָס איז?

ער האָט גערעדט מיטן פּאָליס סטיישאָן, האָט מען אים געזאָגט, אַז עס זיצט דאָרט עפּעס אַ פרוי. זעט אויס עפּעס אַ באָמערקע... זי האָט אַ בלוי אונטערגעהאַקט אויג.

איך האָב דאָך געוואוסט דאָס שטיקל וואָס מיין תכשיט האָט אָפּגעטאָן, זאָג איך צו אים:

— און איך וואָלט אייך געזאָגט, אַז איר זאָלט יאָ צוגיין, וואָרום עס קאָן גראָד זיין, אַז עס איז יאָ אייער פרוי. איי, ווי קומט צו איר אַן אונטערגעהאַקט אויג, איז מעגלעך, אַז זי איז ערגעץ וואו געפאַלן און האָט דערפון באַקומען אַזאַ אויג.

ער האָט מיך טאַקע געפאָלגט און איז אַוועק אין פּאָליס סטיישאָן, און, פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט דאָרט געטראָפן זיין יענטע, כאָטש זי איז געווען אַנדערש געשלייערט. אַזוי ווי ער האָט זי אהיימגעבראַכט, איז זי דאָס ערשטע אַריין צו מיר אין שטוב.

נו, האָב איך זי טאַקע נישט דערקענט. אויסער וואָס זי האָט געהאַט דאָס אונטערגעהאַקטע אויג, איז זי געווען שרעקלעך דערשראָקן און געציטערט. זי האָט גענומען וויינען.

— זעט נאָר, וואָס אייער מערדער האָט געטאָן צו מיר!

איך האָב זיך מיט אַלע כחות איינגעהאַלטן נישט אויסצושיסן מיט אַ געלעכטער. אַזוי קאָמיש האָט זי אויסגעזען.

— איך האָב דאָך דיך געוואָרנט, אַז דו וועסט האָבן צרות פון מיין שטיפער — האָב איך איר געפּרובט איינשטילן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, ביז איך האָב אַריינגערופן מיין דזשערילען, און ער האָט אָפּגעשפּילט פאַר איר אַ סצענע פון חרטה, אַז ער וועט איר שוין מער קיינמאָל גאָרנישט טאָן, און ער איז „ווערי, ווערי סאָרי״. ערשט דעמאָלט האָט זי זיך באַרואיקט, איז אַריינגעגאַנגען צו זיך און זיך באַלד געשטעלט מאַכן דעם סאַפּער פאַר איר מאַן און זיינע קינדער.

# אויסגעפירט אַן עקשנות

מיין אינגערער זון איז היינט אַ דאָקטאָר, און נישט סתם אַ דאָק־טאָר, נאָר אַ דאָקטאָר אין דער קענסער אָפּטיילונג פון מאָנ־טעפיאָרע האָספּיטאַל, און ער באַטייליקט זיך אויך מיט וויסנשאַפט־לעכע אַרבעטן אין דעם מעדיצינישן זשורנאַל. פון דער פריעסטער יוגנט אָן האָט ער געהאַט אַ שטרעבונג צו זיין אַ דאָקטאָר.

זאָגן דעם אמת בין איך דערפאַר נישט געווען באַגייסטערט. איך האָב גאָר געוואָלט, אַז ער זאָל ווערן אַ לאָיער אַזוי ווי זיין על־טערער ברודער.

איך האָב געוואָלט, אַז ער זאָל שטודירן אַלס לאָיער, נישט אַלס דאָקטאָר צוליב עטלעכע אורזאַכן. ערשטנס, האָט עס געדאַרפט קאָסטן צופיל געלט, און, צווייטנס, האָט עס געדאַרפט דויערן צו לאַנג, און נאָך אַ וויכטיקע סיבה איז געווען דאָס, וואָס איך האָב מיר אַראָפּגענומען אַ ביישפּיל פון מיין שוועסטערס אַ זון.

מייר שוועסטער האָט דעמאָלט געוואוינט אין ברידזשפּאָרט סקע־נעדיקוט. איר זון האָט שטודירט אין ניו־יאָרקער מעדיקל סקול. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זען ווי שווער דער באָי האָט גע־אַרבעט אויף זיין שטודיום, ווי ער האָט געשוויצט טאָג און נאַכט און ממש די ליכטיקע וועלט נישט אָנגעקוקט. ער פלעגט קומען צו מיר עטלעכע מאָל אַ וואָך און איך האָב פשוט נישט געקאָנט צוקוקן ווי דער באָי האָט זיך געפּלאָגט. די גאַנצע זאַך איז אים אָנגעקומען זייער שווער, ווייל ער האָט באַדאַרפט וואוינען אין דער פרעמד און מיין שוועסטער איז נישט געווען אימשטאַנד צו שיקן אים אַזויפיל געלט וויפל ער האָט באַדאַרפט, פלעגט ער מוזן צוביסלעך צואַרבעטן. ער איז געווען זייער אַ קלוגער באָי, אַ פאַראַנטוואָרטלעכער און ער

האָט דורכאויס געוואָלט קריגן אין סקול די בעסטע מאַרקס און דערפאַר האָט ער שטודירט מיט אַזאַ התמדה.

קוקנדיק ווי אַזוי ער לעבט און אַרבעט, איז מיך באַפאַלן אַ שרעק, ווייל איך האָב מורא געהאַט אַז ער זאָל חלילה נישט צוזאַמענברעכן. און ווען איך האָב גענומען טראַכטן, אַז עפּעס ענלעכעס וועט דאַרפן דורכגיין מיין זון ווען ער וועט נעמען שטודירן אַלס דאָקטאָר, האָב איך געקראָגן „קאַלטע פיס". איך האָב אַ סך מאָל געטראַכט, אַז עס לוינט זיך גאָרנישט צו פּטר׳ן די שענסטע יאָרן צו שטודירן אַלס דאָקטאָר...

אמת, אַז מיין שוועסטערס זון האָט זיין ציל דערגרייכט. ער איז היינט אַ דערפאָלגרייכער דאָקטאָר טאַקע אין ברידזשפּאָרט, אָבער אין יענער צייט ווען איך האָב געזען וויפל געזונט און כוח דער באָי לייגט אַוועק פאַר זיין שטודיום, איז מיר פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט צו האָבן אַ זון אַ דאָקטאָר. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך בין מוחל דעם כבוד פון זיין אַ דאָקטאָר, ווארום אַ לאָיער איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. איך האָב דעריבער ביי יעדער געלעגנהייט געפירט דיסקוסיעס מיט מיין זון און גע׳טענה׳ט צו אים:

— קינד מיינס, זון מיינער, שלאָג דיר אַרויס פון קאָפּ צו זיין אַ דאָקטאָר. זע ווי שווער עס אַרבעט דיין קוזין צו ווערן אַ דאָקטאָר, און אסור צי דער גאַנצער עסק לוינט זיך.

ער פלעגט זיך אָבער האַלטן ביי זיינס און ער פלעגט מיר ענטפערן:

— זאָרג זיך נישט פאַר מיר, איך האָב אַ פּאָר געזונטע פּלייצעס און איך וועל דיר ווייזן, אַז איך וועל ווערן אַ דאָקטאָר, און טאַקע נישט קיין געוויינלעכער דאָקטאָר, נאָר אַ פּראָפעסאָר. דו וועסט זען, אַז דו וועסט נאָך שטאָלצירן צו האָבן אַ זון אַ פּראָפעסאָר!

אַז איך האָב געהערט מיין זון ריידן, האָב איך מיר געטראַכט „נו, יאָ, מאָרגן קומט דער קייסער". מיין זון האָט פאַרשטאַנען, אַז

איך קוק אויף אים ווי אויף אַ פאַנטאַזיאָר, האָט ער מיר געפּרובט ער־קלערן:

— פאַרשטיי, מאַמע, מיין קוזין קומט אַן שווער דאָס שטודירן, ווייל זיינע עלטערן זענען נישט אימשטאַנד אים אויסצוהאַלטן. ער דאַרף זיך זאָרגן, אַז ער זאָל פאַרדינען אויסער זיין שטודיום, ווייל אַנ־דערש וועט ער נישט קאָנען עקזיסטירן, אָבער איך, אַ דאַנק גאָט, בין גליקלעכער פון אים, וואָס איך האָב טייערע עלטערן, וועלכע קאָ־נען זיך דערלויבן דעם לוקסוס מיך אויסצוהאַלטן, איך וועל נישט דאַרפן אַזוי שווער אַרבעטן, וועט דער שטודיום מיר אָנקומען לייכ־טער, איך וועל האָבן עסן צו דער זעט, נישט דאַרפן זאָרגען און וועל אַפילו קאָנען געניסן פון דער וועלט.

און געשען איז אַזוי: מיין איטשעלע האָט געענדיקט באָיס היי סקול מיט די העכסטע אויסצייכנונגען און דערנאָך איז ער אַריינ־געטראָטן אין דער ניו יאָרק פּרימעד סקול, ווייל פון דאָרט האָט ער געהאַט אַ שאַנס אַריינצוגיין אין אַ מעדיקל סקול.

איך האָב אים נאָך אַלץ געפּרובט דערפון אָפּריידן און אים דערקלערט מיט גוטן, אַז ער קאָן גיין אין ברוקלין קאָלעדזש אָן אַ סענט, וואו אַנדערע באָיס וואָלטן זיך געפילט גליקלעך ווען זיי קאָ־נען דאָרט גיין. איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל כאָטש דאָרט לערנ־נען איין יאָר, און איך האָב אים געגעבן מיין ערן־וואָרט, אַז אויב נאָכן יאָר לערנען אין ברוקלין קאָלעדזש וועט ער נאָך אַלץ וועלן שטודירן אַלס דאָקטאָר, וועט ער קאָנען אַריינטרעטן אין וועלכן קאָ־לעדזש ער וועט נאָר וועלן.

אָבער ער איז געבליבן ביי זיינס און געזאָגט:

— מאַמע, דו דאַרפסט מיך שוין קענען, אַז איך בין אַן עקשן אַזוי ווי דער פּאַפּאַ, און אַז איך באַשליס עפּעס, מוז איך עס דורכ־פירן. איך בין זיכער, אַז איך וועל גוט מאַכן, ווייל דאָס איז מיינס אַ שטרעבונג פון קינדהייט אָן.

איך האָב אים געפּרובט אָפּשרעקן, אַז עס איז שווער אַריינצוקו־מען אין אַ מעדיקל סקול און ער קאָן אַמאָל האָבן אַן אַנטוישונג,

אָבער אויב ער וועט מיך פאָלגן, וועט אים זיין גוט, ווייל מיין עלטע־רער זון האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַ לאָיער אָפיס און אַלס אָנפאַנ־גער האָט ער געמאַכט זייער גוט. און אויב ער זאָל שטודירן אַלס לאָיער, וועט ער האָבן אַ גרויסע שטיצע אין זיין ברודער. דאָס האָט אַביסל געווירקט. ער האָט איינגעשטימט צו שטודירן איין יאָר אין ברוקלין קאָלעדזש.

אין קאָלעדזש האָט ער זיך זייער גוט געלערנט און ער פלעגט אַהיימברענגען די בעסטע מאַרקס. איך האָב ווידער גערעכנט, אַז מיט דער צייט וועט זיך מיר איינגעבן אים איינצורעדן, אַז ער זאָל שטודירן אַלס לאָיער. ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך אים אָנ־געוויזן, אַז אויסשטודירן אַלס לאָיער נעמט נישט לאַנג, נאָר דריי יאָר אין לאָו סקול, אין דער צייט וואָס צו ווערן אַ דאָקטאָר דאַרף מען זיך פּלאָגן אַ סך יאָרן.

אַז מיין זון האָט געזען ווי איך גיב זיך נאָך אַלץ נישט אונטער און האָף נאָך אַלץ, אַז ער וועט נאָכן יאָר נעמען שטודירן אַלס לאָיער, זאָגט ער צו מיר איינמאָל:

— הער, מאַמ, איך וועל דיר דערציילן אַ געשיכטע, וועסטו אפשר פון איר איינמאָל פאַר אַלע מאָל דיר אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם גע־דאַנק און די האָפנונג, אַז איך וועל נאָך אַמאָל ווערן אַ לאָיער. איך האָב איינמאָל זיך אָפּגערעדט מיט מיין ברודער דזשערי צו טרעפן אין אַ געוויסן לאָיער־אָפיס. ער איז געווען אין רום ביי איין לאָיער און איך האָב דערווייל געוואַרט אין דער רום פון אַן אַנדערן לאָיער, וואו עס איז געזעסן אַ קליענטקע, און זיצנדיק אין אַ זייט, האָב איך אָבער געהאַט אַ געלעגנהייט צו הערן די קעיס וואָס די קליענטקע האָט איבערגעגעבן דעם לאָיער. און שטעל דיר פאָר, מאַמאַ טייערע, אַז עס איז געווען אַזאַ געשיכטע: די יונגע פרוי האָט אַ צוויי פאַ־מיליע־הויז אין וועלכן עס וואוינט אויך איר אַלטער ברודער מיט איר. דער ברודער האָט איבערגעשריבן דאָס הויז אויף איר נאָמען, האָבן זיי זיך גענומען אַרומקריגן. די שוועסטער קאָן נישט אויסקומען מיט דעם ברודער, האָט זי באַשלאָסן איין קלייניקייט, אַז אַזוי ווי דאָס הויז איז

דאָך שוין אויף איר נאָמען, איז זי דאָך די גאַנצע בעלעבאָסטע, ווייל זי גיט מעהר און ניט ווייניקער ווי אַרויסוואַרפן איר אַלטן ברודער. נו, וואָס זשע מיינסטו, האָט דער לאַיער איר געענטפערט? ער האָט איר אפשר אויסגערעדט די געמיינהייט, וואָס זי גייט אָפּטאָן? ניין! ער האָט זי רואיק אויסגעהערט, איר געהייסן אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, אָפּגעמאַכט אַ פּרייז פאַר זיין אַרבעט און איר צוגעזאָגט, אַז אַלץ וועט שוין זיין אין בעסטן אָרדנונג. דו פאַרשטייסט, ביי דעם לאַיער איז געוועזן רעכט, אַז פאַר עטלעכע דאָלאַר, וואָס ער האָט געקראָגן, זאָל ער אַרויסוואַרפן אַן אַלטן מאַן אויף דער גאַס און נאָך צוהעלפן, אַז דאָס זאָל טאָן אַ שוועסטער צו אַן אייגענעם ברודער. נו, זאָל איך שטודירן אַזאַ פּראָפעסיע? אַ, ניין, קיינמאָל נישט! ווען איך וואָלט אפילו געוואָרן אַ לאַיער, וואָלט איך געוועזן אַ שלעכטער לאַיער מיט זייער ווייניק פּראַקטיק, ווייל איך האָב נישט ליב די פּראָפעסיע, אָבער אַלס דאָקטאָר וועל איך זיכער זיין אַ סוקסעס, ווייל די פּראָפעסיע האָב איך זייער ליב. איך וועל זיך פילן זייער גליקלעך ווען איך וועל קאָנען העלפן ראַטעווען אַ מענטשן.

און ער האָט געגומען ממש מיט טרערן אין די אויגן זיך בעטן:

— מאַמע טייערע, לאָז מיך ווערן אַ דאָקטאָר! איך וועל בעסער שטאַרבן פאַר הונגער ווי גיין קעגן מיינע איבערצייגונגען. אויב נישט אַ דאָקטאָר, וועל איך בעסער ווערן אַ שוסטער ווי אַ לאַיער!

און אַזוי וויינענדיק איז ער אַרויס פון שטוב.

ווען ער איז אַוועק, האָב איך ווי געעפּנט מיינע אויגן, אַז מיין זון איז פולשטענדיק גערעכט און איך טאָר אויף אים נישט ארויפ־צווינגען מיינע מיינונגען. איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אויב נישט קיין דאָקטאָר, וועט ער קיין לאַיער קיינמאָל אין לעבן נישט ווערן. ווען מיין מאַן איז אַהיימגעקומען, האָב איך אים אַלץ דערציילט און מיר האָבן איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַשלאָסן מער נישט צו שטערן דעם באָי אין זיין ציל און אים לאָזן גיין אין וועלכן קאָלעדזש ער וועט וועלן.

ווען איטשעלע איז שפּעטער אַהיימגעקומען און איך האָב אים דערציילט וועגן אונזער באַשלוס, איז ער געוואָרן מלא שמחה, אַז ענדלעך האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז מיר ווייסן וואָס ער וויל. ער האָט געלערנט נאָר איין יאָר אין ברוקלין קאָלעדזש, דערנאָך איז ער אַוועק קיין בלומענגטאָן, אינדיאַנאַ, וואו ער האָט שטודירט און פון דאָרט איז אים אָנגעקומען זייער לייכט אריינצוטרעטן אין מעדיקל סקול, ווייל ער איז געווען איינער פון די בעסטע שילער. ער האָט געוואונען אַ פּרייז און איז געוואָרן אַ מיטגליד פון „פּיי בעטאַ קאַפּאַ״, דעם באַרימטן קלוב פון ערן־סטודענטן, און ווען ער האָט שוין געענדיקט אַלס דאָקטאָר, איז ער אינגאַנצן אַלט געווען 23 יאָר.

און איך מוז זיך מודה זיין, אַז נישט איך און נישט מיין מאַן, נאָר ער איז געווען גערעכט. דאָס שטודירן איז אים אָנגעקומען נישט שווער. ער האָט די גאַנצע צייט אויסגעקוקט זייער גוט און ער פלעגט אויך האָבן צייט צו גיין זיך אַמוזירן. וועגן אויסהאַלט האָט ער נישט געדאַרפט זאָרגן, ווייל וויפל ער האָט פאַרלאַנגט, האָבן מיר, די עלטערן, אים צוגעשיקט. קיין גרויסער אויסברענגער איז ער דער־צו קיינמאָל נישט געווען, האָט ער גאָר קיין סך נישט געדאַרפט. און אַזוי ווי ער האָט געענדיקט, איז ער געוואָרן אַן אינטורירן אין אַ האָספּיטאָל, באַלד דערנאָך איז ער אַריין אין דער אַרמיי אַלס ערשטער לייטנאַנט, און אַזוי ווי ער איז געווען סטאַנציאָנירט אין מערילאַנד, פלעגט ער פון צייט צו צייט אַהיימקומען אויף פאַרלאָו.

און איינמאָל, אַהיימקומענדיק טאַקע אויף פאורלאָו, האָט מיט אים פּאַסירט אַזאַ געשיכטע, וואָס איר אָנהייב איז פאַרבונדן מיט זיינע קינדער־יאָרן.

ווען איטשעלע איז נאָך געווען אַ קינד און איז נאָך געגאַנגען אין פּאָבליק סקול, האָבן מיר דעמאָלט געוואוינט אין וויליאַמסבורג. אַ געוויסע מיסעס בלום האָט דאָרט געוואוינט צו דער בעק. מיין איטשעלע און נאָך באַיס האָבן זיך ליב געהאַט צו שפּילן אין יאַרד, ווייל קיין פּלעי גראַנדס זיינען דעמאָלט אין יענער געגנט נישט

געוועזן. ווי געוויינלעך, יונגע, געזונטע קינדער, פלעגן זיי ביים שפּילן גוואַלדעווען און אָנמאַכן אַ טומל. מיסעס בלום איז געווען אַ נערוועזע פרוי, און האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם טומל, פלעגט זי בעטן אין אָנהייב די קינדער מיט גוטן, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין פון יאַרד, אָבער ווען דאָס פלעגט, נאַטירלעך, נישט העלפן, פלעגט זי ווערן בייז און אָנלערנען די קינדער דרך ארץ. גאַנץ אָפט פלעגט זי זיי באַ־גיסן מיט אַ טאָפּ וואַסער. מער ווי איינמאָל פלעגט מיין זון אַהיימ־קומען נאַס פון קאָפּ ביז די פיס. איך פלעג זיך בעטן ביי מיין קינד, אַז ער זאָל דאָרט מער נישט גיין שפּילן, ווייל איך האָב זיך נישט געוואָלט קריגן מיט דער מיסעס בלום. די באָיס זענען דוקא געגאַנגען זיך שפּילן דאָרט אין יאַרד און טו זיי עפּעס! מיין באָי ווי די אַנדערע באָיעס פלעגן איר האָסן פון טיפן האַרצן און איר שעלטן מיט טויטע קללות, ווייל זי פלעגט זיי שלעכט באַהאַנדלען. יאָרן זיינען אַוועק, מיר זיינען אַוועק פון יענער געגנט, און איך האָב מער קיינמאָל נישט באַגעגנט די מיסעס בלום.

העלפט גאָט, אַז ווען איטשעלע איז איינמאָל אַהיימגעקומען אויף פאָרלאו — ער איז שוין דעמאָלט געווען אין טיטל קאַפּיטאַן — פאַרגלוסט זיך אים אריינצופאָרן מיט זיין נייער קאַר אין וויליאַמס־בורג זיך ווידער צו טרעפן מיט זיינע חברים פון די קינדער־יאָרן. עס איז געווען אָוונט־צייט ווען ער איז דאָרט אָנגעקומען, ווי פּלוצ־לינג האָט ער דערהערט אַ פרויען־שטים, וואָס האָט זיך געבעטן: „מיסטער, פּליז, האָט רחמנות, ראַטעוועט מיין שוועסטער. זי האָט אַראָפּגעשלונגען אַ ביין און זי ווערגט זיך. פּליז, נעמט זי אַריין אין אייער קאַר אָפּצופירן אין אַ האָספּיטאָל״.

ווי מיין זון האָט דערהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז ער באַלד אַרויפגעלאָפן אין דער וואוינונג פון וואַנען די ביטע איז געקומען, אָבער אָנשטאָט צו נעמען און פירן די פרוי אין האָספּיטאָל, האָט ער געזאָגט „איר האָט ווירקלעך גליק וואָס איר האָט זיך גע־ווענדעט צו מיר, ווייל איך בין גראָד אַ דאָקטאָר און וואָס מען קאָן

נאָר טאָן זי צו ראַטעווען, וועל איך פּרובן אַליין טאָן און טאַקע אויפן אָרט און שטעל". מיין זון האָט זיך תיכף גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט באַלד געבראַכט דערצו, אַז די פרוי זאָל אַראָפּרעכן און אַזוי־נאָך איז אויך אַרויס דער ביין. די פרוי, וואָס האָט געמיינט, אַז זי ווערט שוין דערשטיקט, האָט ווידער פריי אָפּגעאָטעמט. מיין זון האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער באַלד דערקענט, אַז די פרוי, וועל־כע האָט אים אַרויפגערופן, איז נישט קיין אַנדערע ווי די מיסעס בלום, וועלכע האָט אים אָנגעטאָן אַזעלכע צרות ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד, און אויף וועלכער ער האָט געטראָגן אַזאַ כעס. זי האָט אים אָבער נישט דערקענט.

ביידע פרויען זענען געווען זייער גליקלעך. זיי האָבן שטאַרק געדאַנקט מיין זון, און די פרוי, וועלכע ער האָט געראַטעוועט, האָט אים געזאָגט:

— דאָקטאָר, איר זאָלט מיר לעבן און געזונט זיין און זאָלט קיינ־מאָל אין אייער לעבן נישט וויסן פון קיין שלעכטן טאָג. פריער גאָט, דערנאָך איר, האָט דאָך מיך געראַטעוועט. נישט אַנדערש ווי גאָט אַליין האָט אייך צוגעשיקט פּונקט אין דער ריכטיקער מינוט.

און זי דערלאַנגט מיין זון 10 דאָלאַר.

— נעמט עס, ווייל איר האָט עס כשר פאַרדינט, טייערער דאָק־טאָר.

אָבער מיין זונדל צעשמייכלט זיך און זאָגט:

— ניין, איך דאַנק אייך, איך וועל ביי אייך גאָרנישט נעמען, ווייל איך בין איצט אין דער אַרמיי, און דאָרט צאָלט מען מיר, דערצו האָב איך נישט קיין אָפיס, און מיין לוין באַשטייט אין דער פרייד, וואָס איך האָב אָפּגעראַטעוועט אַ מענטשלעך לעבן.

דערווייל איז אָנגעקומען דער מאַן פון דער פרוי, מר. בלום, און מען האָט פאַרבעטן מיין זון צום טיש, אַז ער זאָל כאָטש עפּעס טרינקען מיט זיי. ערשט ביי אַ לחיים, ווען מיסעס בלום איז שוין געווען אינגאַנצן געקומען צו זיך און האָט זיך בעסער איינגעקוקט אין מיין זונס פּנים, גיט זי זיך אַ רוף אָן צו איר מאַן:

— זע נאָר, יאָסל, כאַפּט נישט דער דאָקטאָר דעם גאַנצן אָנ־בליק פון מיסעס עדעלמאַנס זון, וועלכן איך פלעג אַלס יונגל אָפּגיסן מיט וואַסער פאַר אָנמאַכן מיט די אַנדערע באַיס דעם טומל אין יאַרד ?

דאָ האָט זיך מיין זונדל שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט זיך צעלאַכט:

— יאָ, מיסעס בלום, איר האָט נישט קיין טעות. דאָ שטייט טאַ־קע פאַר אייך דאָקטאָר עדעלמאַן, וועלכן איר האָט אַזוי געטריבן פון אייער יאַרד. נו, זעט איר, וואָס קאָן אַלץ פּאַסירן אויף דער וועלט. ווען איך בין געווען אַ קינד, האָט איר מיך געטריבן פון דעם הויז, און איצט האָט איר מיך געבעטן, אַז איך זאָל אַרויפקומען. נו, לאָמיר ווערן שלום און זאָל אַלץ זיין פאַרגעסן!

פאַרשטייט זיך, אַז ערשט איצט האָבן מיסעס בלום, איר מאַן און די געראַטעוועטע שוועסטער נישט געהאַט קיין ווערטער. זיי זיינען געבליבן זיצן זייער צעטומלט און זיך געפילט זייער שולדיק פאַר זייער אַמאָליק באַהאַנדלען אַזוי מיין קינד.

מיין זונדל קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין דעם מערקוויר־דיקן עפּיזאָד און נאָך זיין חתונה מיט זיין טייער געליבט ווייבעלע, אַ פרוי, וואָס רעדט ווייניק, אָבער פאַרשטייט אַ סך, האָט ער זי דורכגעפירט אין יענער געגנט, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיינע קינ־דער־יאָרן און וואו דער עפּיזאָד האָט זיך אָפּגעשפּילט.

# מיין טעכטערל עסטערל

עסטערל איז ביי אונז אַן איין און איינציק טעכטערל, און דערצו אויך די מוזינקע. געוויינלעך ווען אַ מיידל ווערט געבוירן, הערשט נישט קיין גרויסע שמחה, ווייל מען וויל שטענדיק בעסער האָבן אַ אינגל ווי אַ מיידל. אָבער ווען אונזער מיידעלע איז געבוירן געוואָרן, האָט ביי אונז געהערשט אַ גרויסע פרייד, ווייל אין מיין מאַנס משפחה זיינען נישטאָ קיין מיידלעך, און עס איז שוין דער כלל אין דער וועלט, אַז דאָס וואָס מען האָט נישט, וויל מען האָבן.

עסטערל איז ביי מיין מאַן געווען דאָס אויג פון קאָפּ. ער האָט אייגנטלעך זייער ליב אַלע אונזערע קינדער, אָבער פאַר עסטערלען איז אים נישט געווען קיין זאַך צו טייער. ווי זאָגט מען עפּעס, דאָס טעלערל פון הימל וואָלט ער פאַר איר אַראָפּגעבראַכט, ווען ער וואָלט נאָר געקענט. עס קאָן זיין, אַז אַ גרויסע אורזאַך צו דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער ליבע איז געווען דאָס, וואָס איך האָב פריער דערמאָנט, אַז אין זייער פאַמיליע זיינען נישטאָ קיין מיידלעך.

יאָ, וואָס הערט זיך עפּעס וועגן מיין באַציאונג און געפילן צו מיין טעכטערל? אַלס מוטער האָב איך מיין קינד זייער ליב געהאַט, אָבער איך האָב געהאַלטן, אַז איך דאַרף אָט די ליבע אַרויסווייזן אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן ווי מיין מאַן. איך פלעג כסדר טענה׳ן צו מיין מאַן, אַז עס טויג נישט ווען עלטערן האָבן צופיל ליב אַ קינד, איבערהויפּט נאָך ווען זיי האָבן אין שטוב עטלעכע קינדער, דאַרף קיינס פון זיי נישט זיין מער מיוחס ווי דאָס אַנדערע. און טאַקע ביי מיר זיינען אַלע אונזערע דריי קינדער געווען גלייך.

איך האָב זיי געהאָדעוועט מיט ליבע און צערטלעכקייט. גלייכ־צייטיק בין איך נישט געווען פאַר זיי די מאַמע, די דעה־זאָגערין, נאָר אַ מאַמע — אַ פריינדין. יעדעס קינד האָט געהאַט זיין אייגענעם ווילן און איך האָב זיי געגעבן די מעגלעכקייט דורכצופירן זייער ווילן ווען זיי האָבן אָנגעהויבן אונטערצוואַקסן און אַרויסווייזן פאַרלאַנגען און שטרעבונגען.

געלויבט איז גאָט, אַז איך קאָן מיט פרייד זאָגן, אַז איך האָב דריי טייערע קינדער מיט וועלכע עלטערן קאָנען שטאָל־צירן, און אויך די געזעלשאַפט האָט פון זיי גרויס הנאה און נעמט זיי אויף מיט כבוד און אַכטונג.

ביי יעדער געלעגנהייט פלעג איך אויפווייזן מיין מאַן, אַז עלטערן טאָרן נישט צעבאַלעוועו אַ קינד, ווייל דערמיט טוט מען דעם קינד נישט קיין טובה. ווען אַ קינד ווערט צעבאַלעוועט, ווערט עס דערצו צוגעוואוינט, און מיינט, אַז עס קומט אים אַזוי, אַז אַנדערש קאָן נישט און דאַרף נישט זיין. זיי ווערן צוגעוואוינט, אַז אַנדערע דאַרפן פאַר אים זאָרגן און אַליין דאַרפן זיי גאָר־נישט טאָן. דאָס לעבן איז אָבער ווייט נישט אַזוי לייכט, עס איז גאָרנישט אַזוי אויסגעבעט מיט רויזן. ווען די קינדער ווערן אַביסל עלטער, ווען זיי ווערן שוין דערוואַקסענע מענטשן און דאַרפן אַריינטרעטן אין לעבן, ווערן זעלבסטשטענדיק, שטויסן זיי זיך אָפּט אָן אויף שוועריקייטן צו וועלכע זיי זיינען, דורך די איבער־געטריבענע לאַסקעס און צערטלעכקייטן פון זייערע עלטערן, גאָר־נישט צוגעוואוינט און אַפילו נישט באַקאַנט וועגן זיי. דאָס קינד ווערט דעמאָלט אומבאַהאָלפן, פאַרצווייפלט, און עס קומט צו די ערגסטע אומגליקן. אַזעלכע צעבאַלעוועטע קינדער בלייבן אייביקע קינדער, נישט געקוקט אויף זייער עלטער. זייערע עלטערן האָבן שטענדיק פאַר זיך קליינע קינדער פאַר וועלכע זיי דאַרפן זאָרגן. די עלטערן זיינען שוין אָבער דערווייל געוואָרן עלטער, מאַנכע מאָל ממש אַלטע לייט. דאָס וואָס זיי האָבן נאָך געקאָנט טאָן ווען זיי זיינען געווען יונגער, קאָנען זיי מער נישט טאָן. זיי האָבן

שוין מער נישט די כוחות דערצו. אָפּט פּאַסירט עס אויך, אַז די עלטערן זיינען אינצווישן געשטאָרבן, און זייערע קינדער ווערן די ריכטיקע הילפלאָזע יתומים.

דעריבער האָב איך געפירט אַ כסדר׳דיקע דיסקוסיע מיט מיין מאַן, וואָס איז געווען דער צאַרטסטער פאָטער צו קינדער, וואָס איך האָב ווען קענען געלערנט. דאָס וואָס דער גוטער טאַטע האָט קאַליע געמאַכט דורך זיין איבערגעטריבענער איבערגעגעבנ־קייט, האָב איך זיך באַמיט צו פאַרבעסערן, און עס איז מיר געלונגען.

אונזער טעכטערל עסטערל איז אויסגעוואַקסן שיין ווי אַ בלום. זי האָט מיט מזל געענדיקט סקול מיט די בעסטע אויסצייכענונגען. זי האָט שוין גענומען גיין אין קאָלעדזש. דער פאָטער האָט זיך אין איר געשפיגלט ווי מען שפיגלט זיך אין אַ טייערן ברילייאַנט. זי איז געווען ביי אים עסטערל, זיין מאַמעלע, זיין געליבטע.

די צייט איז נישט געשטאַנען, מיין עסטערל איז געוואָרן אַ דערוואַקס מיידל, אַ יאָנג ליידי און זי האָט זיך באַקענט מיט אַ וואוילן יונגנמאַן און אָנגעהויבן מיט אים אַרויסצוגיין כסדר, דאָס וואָס מען רופט אין אַמעריקע „קיפּינג סטעדי קאָמפּאַני״. דער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו אונז אין שטוב. ער איז געווען אַ האַרציקער יונג מיט אַלע מעלות, שיין, יונג, הויך, קלוג און דערצו אַ פאַרמעגלעכער. ער איז געווען זעלבסטשטענ־דיק אין ביזנעס.

וואָס נאָך קאָן זיך אַ מאַמע ווינטשן פאַר איר קינד? האָט טאַקע די מאַמע געקוואָלן פון נחת. גאַנץ אַנדערש האָט אָבער דעם גאַנצן ענין אויפגענומען דער גוטער טאַטע. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי איינער וואָלט אים דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ. אייגנט־לעך האָט ער גאָרנישט געהאַט צו דעם יונגנמאַן. ער האָט אים זייער געגליכן און האָט אים פיין באַהאַנדלט. ער האָט זיך נאָר נישט געקאָנט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז דער יונגערמאַן האָט עפּעס אַ שייכות מיט זיין עסטערל. מיין מאַן האָט כסדר גע׳טענה׳ט, אַז

זיין מיידעלע איז נאָך גאָר אַ קינד, און זי האָט נאָך צייט פאַר יונגעלייט. זי דאַרף צוערשט ענדיקן קאָלעדזש. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די אַלע תירוצים באַנוצט מיין מאַן נאָר דערפאַר, ווייל עס לייגט זיך אים גאָרנישט אויפן שכל, ווייל ער קאָן זיך גאָרנישט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז עפּעס אַ פרעמדער יונגער־מאַן, וועלכן ער האָט ביז איצט גאָרנישט געקענט, זאָל פּלוצלינג צונעמען זיין מיידעלע, זיין עסטערל. אין זיין גרויסער ליבשאַפט צו עסטערלען, האָט מיין מאַן ווירקלעך זיך איינגעבילדט, אַז עס־טערל איז נאָך אַלץ אַ קינד און קיינער טאָר זיך מיט איר נישט שפּילן, ווי נאָר דער טאַטע. און דאָ קומט אַ יונגערמאַן, וואָס יע־דער ריר זיינער, יעדע באַוועגונג, יעדער בליק זאָגט, אַז ער האָט ליב עסטערלען און וויל האָבן איר נאָענטקייט און אינטערעס.

און נישט נאָר איך אַליין האָב דאָס באַמערקט, נאָר טאַקע אויך עסטערל. איינמאָל זאָגט זי צו מיר:

— מאַ, וואָס טוט מען? דו ביסט דאָך עפּעס אַ קלוגע, גיב מיר אַן עצה. איך פיל סאָרי פאַרן פאַפּאַ. איך זע, אַז ער גייט אַרום ווי אַן אַ קאָפּ זינט מיין באַי פרענד קומט דאָ אַריין און רעדט וועגן חתונה האָבן מיט מיר. איך זאָג דיר, מאַ, אַז דער פאַ האַנדלט ווי ער וואָלט געווען אייפערזיכטיק אויף מיין חתן. וואָס טוט מען?

— נעם דיר נישט צום האַרצן, מיין קינד — האָב איך איר געענטפערט — זיי גאַנץ רואיק. פאַפּאַ וועט מוזן עפענען זיינע אויגן און זען, אַז דו ביסט שוין, אַ דאַנק גאָט, אַ דערוואַקסן מיידל, נישט מער קיין קינד, און דו מעגסט שוין אָנהייבן טראַכטן וועגן אויפ־בויען דיר אַן אייגן לעבן, און אַז דו האָסט אַ רעכט צו געניסן פון דיין יונג לעבן און פאַרברענגען מיט וועמען דיין האַרץ גלוסט. איי, וואָס דער פאַפּאַ איז אַזוי אייפערזיכטיק?, זאָרג זיך נישט, מיין קינד, ער וועט קומען צו זיך און איינזען, אַז אַזוי טאָר מען נישט און מען קאָן נישט זיין. זעסטו, מיין קינד, וואָס דו דאַרפסט יאָ טאָן, איז אַנטווייגען דיין פאַפּאַ פון זיינע צערטלעכקייטן צו דיר. יאָ, אַנטוויינען איז דער ריכטיקער אויסדרוק. דו מוזט אים דער־

פון אַנטווייגען ווי מען אַנטווייגט אַ קליין קינד פון דער ברוסט, און דאָך געשעט גאָרנישט קיין שלעכטס צום קינד. אויך דעם טאַטן וועט גאָרנישט זיין. ווי אַזוי דאָס זאָל געשען, לאָז איך איבער פאַר דיר. דו ביסט גענוג אַ קלוג מיידל און דו ווייסט שוין וויסן וואָס צו טאָן.

און אַזוי איז טאַקע געווען: מיין מאַן האָט זיך מיט דער צייט צוגעוואוינט צו קוקן אויף עסטערלען נישט מער ווי אויף אַ קליין קינד, אַ מיידעלע, נאָר ווי אויף אַ יאָנג ליידי, אַ כלה־מיידל. ער האָט אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען איר באַי פרענד ווי אַ צוקונפטיקן מיטגליד פון אונזער משפּחה, און אַזוי ווי מיין מאַן האָט זייער ליב זיין טעכטערל, האָט ער די זעלבע ליבע אויך אַריבערגעטראָגן אויף זיין צוקונפטיקן איידעם.

וואָלט אַלץ געווען גוט און וואויל, ווען דאָ מישט זיך נישט אַריין די מלחמה. מיין טאָכטערס חתן האָט געדאַרפט אַוועקגיין אין דינסט, און אין אַ שיינעם טאָג איז מיין טאָכטער אַהיימגעקומען מיט דער בשורה, אַז זיי האָבן באַשלאָסן, אַז איידער איר געליבטער גייט אַוועק אין דינסט, זאָלן זיי פּריער חתונה האָבן. איך האָב באַלד דערצו צוגעשטימט. אָבער מיין מאַן האָט גענומען מאַכן גוואַלדן, אַז ניין און ניין. ער וועט דערצו נישט דערלאָזן. ער גלייכט טאַקע זייער דעם יונגנמאַן און ער גלויבט אויך, אַז ער איז דער פּאַסיקער שידוך פאַר אונזער עסטערלען, אָבער ווען איז דאָס גערעדט ווען עס וואָלט געווען אַ נאָרמאַלע צייט, זיי האָבן חתונה און זיי בלייבן אין ניו־יאָרק, אָבער איצט אין מלחמה־צייט, גיין חתונה האָבן און באַלד דערנאָך אָפּפאָרן אין דינסט ?, ניין, איין גאָט ווייסט וואָס עס קאָן פּאַסירן... טאָ צו וואָס דאַרף מען פאַרבינדן צוויי יונגע מענטשן אונטער אַזעלכע אומשטענדן. זיי האָבן זיך ליב, גוט, עסטערל וועט וואַרטן אויף אים, אָבער זאָל זי נישט חתונה האָבן. און אויב עס איז באַשערט, וועט דער יונ־גערמאַן אַהיימקומען נאָך דער מלחמה און זיי וועלן דעמאָלט חתונה

האָבן. נישקשה, זיי זיינען נאָך ביידע גענוג יונג, און זיי מוזן זיך נישט איילן, זיי דאַרפן נישט כאַפּן.

מיין טאָכטער האָט גע׳טענה׳עט, אַז זי איז וויליק, צו נעמען אַ שאַנס ווי די אַנדערע מיידלעך, וועלכע האָבן אויך חתונה מיט זייערע חתנים. זי איז גרייט מיטצופאָרן, נאָך דער חתונה, וואו איר מאַן וועט געשיקט ווערן.

בקיצור, עס איז געווען די אמת׳ע טרעוואָגע אין דער שטוב.

פאַרשטייט זיך, אַז אויסגעפירט האָבן די קינדער. זיי האָבן מיט מזל חתונה געהאַט און צוויי וואָכן נאָך דער חתונה איז אונזער איידעם אַוועק אין מיליטער־דינסט. גראָד איז ער נישט געשיקט געוואָרן איבערן ים, נאָר מען האָט אים אָפּגעשיקט אין אַ קליין שטעטל אין מיזורי סטייט, און מיין טאָכטער, זיין יונג ווייבל, איז מיט אים מיטגעפאָרן אַהין. דורך דער צייט פון איר באַקענען זיך מיט דעם יונגנמאַן ביז צו זייער חתונה האָט זי דערוויזן באַוויזן צו ענדיקן קאָלעדזש און ווערן אַ סאָשל וואָירקער און זי האָט טאַקע אין דעם זעלבן שטעטל באַקומען אַ דזשאָב אַלס אינוועסטיגייטאָר אין אָרטיקן וועלפעיר דעפּאַרטמענט. וויל איך דאָ וויי־טער איבערגעבן אַ געשיכטע, וואָס עס איז איר אויסגעקומען אויסצופאָרשן. אָבער איידער איך גיי דערציילן אָט די געשיכטע, וויל איך נאָר באַמערקן אַז מיין מאַנס ליבע צו זיין עסטערלען האָט זיך גאָר נישט אָפּגעקילט. זי איז געוואָרן נאָך שטאַרקער, נאָר איצט איז די זעלבע ליבע אויך אויסגעגאָסן צו איר מאַן און צו זייער טייער קינד, אונזער ליב אייניקל.

און איצט וויל איך דערציילן אַ מערקווירדיקע געשיכטע, וועלכע עס איז אויסגעקומען מיין עסטערלען מיטצומאַכן אויף איר דזשאָב:

אַן אַלטער מאַן האָט זיך געווענדט וועגן אָלד פּענשאָן. ווען עסטערל איז געקומען צו דעם מאַן אין שטוב, האָט זי געטראָפן אַן אַלטע חורבה צוזאַמענגעשטעלט פון קלעצער. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין

דער טיר, איז אַרויסגעקומען אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט אויסגע־קוקט ווי אַ זקן פון הונדערט יאָר, אָבער באמת איז ער געווען נישט עלטער ווי 65 יאָר. דאָס איז געווען אַ נידעריק געוואַקסענער מאַן, הויט און ביינער, די אויגן זיינען אים געווען אַריין אין קאָפּ, דאָס פּנים איינגעפאַלן. אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד אַריין.

און אָט וואָס מיין טאָכטער האָט מיר אַמאָל דערציילט וועגן דער געשיכטע:

— איך האָב אים איבערגעגעבן ווער איך בין און אים געבעטן דערציילן זיין קעיס. ער איז געווען גליקלעך פון מיין באַזוך, ווייל ער האָט זיך שוין אויסגעקוקט די אויגן, אַז מען זאָל צו אים קומען. איך בין אַריין אין פראָנט רום, האָב איך נישט געגלייבט וואָס מיינע אויגן האָבן געזען. אַ פערד איז געשטאַנען און געגעסן. אין הויז איז געווען אַ ריח, אַז מען האָט געקאָנט דערשטיקט ווערן.

— וואָס טוט דאָ אייער פערד? — האָב איך אים געפרעגט.

— אָט דאָס פערד, מיין ליב קינד — האָט ער מיר געענט־פערט — איז מיין איינציקער פריינט אין לעבן. איך בין עלנט און קראַנק, און דאָס איינציקע וואָס איך האָב אָפּגעשפּאָרט איז אָט דאָס פערד. די גאַנצע צייט האָט עס מיר געהאָלפן מאַכן אַ אַ לעבן. אָבער איצט בין איך שוין אַלט און קראַנק און קאָן מער נישט אַרבעטן. איך בין אַ סיטיזן און איך בין באַרעכטיקט צו אַלד עידזש פענשאָן. איך וויל האָבן אויך אַ פענשאָן פאַר מיין פערד. עס איז שוין אַלט און קאָן שוין מער גאָרנישט טאָן.

איך האָב דעם מאַן דערקלערט, אַז ער וועט קריגן פענשאָן וויפל ס׳קומט אים, אָבער פאַרן פערד קאָנען מיר אים קיין פענ־שאָן נישט געבן, ווייל עס איז נישטאָ אַזאַ געזעץ.

— פאַרוואָס? — קוקט מיך אָן דער מאַן — וואו איז יושר? אָט דאָס פערד איז מיר טייערער ווי מיין אייגן לעבן. איך רייד דערצו ווי צו אַ מענטש און עס פאַרשטייט מיך. עס איז מיר זייער טייער. עס שלאָפט אין פראָנט רום און איך שלאָף אין דער בעק.

איך גיב אַ קוק אויפן דיל. זע איך, אַז קיין דיל איז גאָר נישטאָ, נאָר ערד און עס וואַקסט גראָז. דער אַלטער גייט אַרום שמוציק און אָפּגעלאָזן. צעריסענע שמאַטעס הענגען אַראָפּ פון אים, ער קייט טאַבאַק און יעדעס מאָל גיט ער אַ שפּיי אויף דער ערד, אַז עס קערט זיך איבער די גאַל.

— קאָנט איר מיר ווייזן וואו איר שלאָפט? — פרעג איך אים.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פינצטערן צימער. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ בעט אָן בעטגעוואַנט. אויפן בעט זיינען געלעגן אַביסל שמוציקע שמאַטעס, וואָס האָבן געזאָלט דינען אַלס מאַטראַץ און צודעק.

ווען איך האָב דאָס אָנגעקוקט, האָב איך געטראַכט „און דאָס קומט פאָר אין דעם רייכן אַמעריקע, וואו אַזוי פיל מענטשן לעבן אין לוקסוס און רייכטום?". ווען איך זע דאָס נישט מיט די אייגענע אויגן, וואָלט איך עס אויך נישט געגלייבט ווען מען דערציילט עס מיר.

— און וואו איז אייער קיך, וואו קאָכט איר עפּעס צום עסן?

— אַ קיך פרעגט איר? — ענטפערט ער און פירט מיך צו צום צווייטן ווינקל פון דעם פינצטערן צימער און ווייזט מיר אָן אויף אַן אַלטן פאַרזשאַווערטן אויוון מיט אַ פּאָר שמוציקע טעפּלעך — אָט דאָס איז מיין באַלעבאַטישקייט.

— האָט איר נישט קיין קישן אויף וואָס צו ליגן און אַ קאָלדרע מיט וואָס זיך צוצודעקן?

— ניין, איך בין אַן אָרעמאַן און איך האָב נישט קיין געלט צו קויפן די זאַכן. דאָס איז שוין צופיל לוקסוס פאַר אַזאַ קבצן ווי איך בין.

אַרויסגייענדיק פרעג איך אים:

— וואו האָט איר געהערט, אַז אַ מענטש זאָל וואוינען מיט אַ פערד אין איין הויז, און דאַן, ווי אַזוי גייט אייער פערד אַרויס

אויף דער גאַס? איך וועל זיך באַמיען, אַז איר זאָלט באַלד קריגן רעליף, אָבער איר מוזט מיר צוזאָגן, אַז איר וועט דאָס פערד אַרויסנעמען פון פראָנט רום. עס איז מיר נישט קיין וואונדער, וואָס איר זענט קראַנק. עס איז גיכער אַ וואונדער ווי אַזוי איר האָט אַזוי לאַנג אויסגעהאַלטן.

— גוט, איך זאָג אייך צו אַרויסצונעמען דאָס פערד פון פראָנט רום. און דאָס וואָס איר האָט געפרעגט ווי אַזוי דאָס פערד גייט אַרויס פון דער שטוב, וועל איך אייך באַלד עפּעס ווייזן.

דער אַלטער איז צוגעגאַנגען צום פערד, עפּעס איינגערוימט אים אין אויער. דאָס פערד האָט זיך באַלד אויפגעשטעלט און איז אַרויס אין גאַס.

איך האָב געהאַלטן וואָרט. מען האָט דעם אַלטן באַלד אַוועק־געשטעלט אויף אַלד פּענשאָן, אָבער אויסערדעם האָב איך די געשיכטע וועגן זיין גרויסער אָרעמקייט און זיין צוגעבונדנקייט צום פערד דערציילט עטלעכע פון מיינע פריינדינס, און דער רע־זולטאַט איז געווען, אַז מיר האָבן צווישן זיך צונויפגעקליבן אַ שיינע סומע און מיר האָבן דערפאַר געקויפט אַ קישן, אַ קאָלדרע, עטלעכע ליילעכער און איך האָב עס, צוזאַמען מיט אַ ביסל געלט, אַוועקגעשיקט צו דעם אַלטן.

עטלעכע וואָכן שפּעטער בין איך ווידער צוגעגאַנגען צו דעם אַלטן זען ווי עס זעט איצט אויס ביי אים.

אַזוי ווי איך בין אַריין, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ געלעכטער. דאָס פערד איז ווידער געשטאַנען אין פראָנט רום, אָבער אָנשטאָט אויף דער ערד, איז עס געלעגן אויף דער קאָלדרע מיטן קישן אונטערגעבעט. דער אַלטער האָט מיר אויך געוויזן, אַז ער האָט געקויפט אַ נייעם כאָמוט פאַר זיין באַליבט פערד. דער אַלטער האָט געשיינט פון פרייד. ווען ער האָט געזען דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט אויף מיר דער פאַקט וואָס ער האָט נישט גע־

האַלטן וואָרט און צו וועלכן צוועק ער האָט אויסגענוצט אונזערע מתנות, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך בעט אייך, זייט נישט בייז וואָס איך האָב אַזוי געטאָן. איך דאַרף נישט דאָס קישן און די קאָלדרע. אָבער מיין פערד איז זיך דערמיט מחייה, און גלייבט מיר, אַז מיין פערד האָט פון מיר פאַרדינט אַ גוטע באַהאַנדלונג, און מיין גליק איז איצט פולקום.

פון דעמאָלט אָן איז ביי מיין עסטערלען געבליבן קלאָר, אַז עס איז נישטאָ קיין באַשטימטע זאַך וואָס עס איז אַזוינס גליק. גליק איז דאָס מיט וואָס אַ מענטש פילט זיך גליקלעך.

# מיין מאַנס סוד

געווען אַ צייט, וואָס איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּאַר־ביטערט האַרץ אויף מיין מאַן. די אורזאַך איז געווען, וואָס ער איז געווען אַ שקלאַף. ער האָט זייער שווער געאַרבעט, מיט איבערמענטשלעכע כוחות. ער האָט אַלע זיינע יאָרן געאַרבעט פאַר צוויי מענטשן. ער האָט געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט. ער האָט אַזויפיל געאַרבעט, אַז עס איז פשוט שווער צו גלייבן.

איך פלעג ריידן צו אים מיט גוטן און מיט בייזן, אָבער עס האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. ער איז פון דער נאַטור אַ גרויסער עקשן און קיינער קאָן אים נישט איבערשפאַרן אויב ער באַשליסט עפּעס.

איך אַליין האָב אויך גענוג געאַרבעט. די קינדער זיינען געווען קליין, און איך האָב געטאָן אַלץ אַליין אין שטוב. איך האָב געוואַשן וועש און גענייט פאַר די קינדער און אויך פאַר זיך. יונג און געזונט זיינען מיר, אַ דאַנקן גאָט, געווען, האָב איך אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע צו העלפן זיך „אַרויפאַרבעטן". מיר האָבן געשפּאָרט אַ פּעני צו אַ פּעני. פון לוקסוס האָבן מיר נישט געוואוסט. אָבער ווי קומט מיין אַרבעט צו מיין מאַנס ?

ענדלעך האָט גאָט געהאָלפן, אַז מיין מאַן איז געוואָרן אויס אַרבעטער ביי יענעם. דאָ האָב איך געמיינט, אַז עס קומט שוין די צייט וואָס מיין מאַן וועט אַזויפיל נישט אַרבעטן. ער האָט אָפּגע־קויפט אַ ביזנעס ביי אַן עלטערן מאַן, וואָס האָט ריטייערט. איך האָב זיך געפרייט, אַז איצט ווען מיין מאַן וועט זיין אַ באָס, וועט ער שוין אַזוי נישט שקלאַפן, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! ערשט איצט האָט ער גענומען אַרבעטן נאָך שווערער ווי פריער. עס איז גענוג צו זאָגן,

אַז דער מענטש האָט געאַרבעט זיבן טעג אַ וואָך, טאָג און נאַכט. דעם איינציקן אָפּרו, וואָס ער האָט זיך גענומען דורכן יאָר, איז געווען אין די הייליקע טעג פון ראש השנה און יום כפור. דעמאָלט האָט ער פאַרמאַכט זיין סטאָר און זיך אַביסל אויסגערוט.

וואָס אמת איז אמת, אַ געטרייער טאַטע איז ער שטענדיק געווען. זיינס אַ קינד האָט ביי אים נישט געטאָרט אַרבעטן. אַלע קינדער האָבן נאָר געדאַרפט שטודירן אין קאָלעדזש, און ער האָט אויסגעפירט זיין עקשנות. אַלע אונזערע קינדער זיינען געענדיקטע. דער עלטערער זון איז געוואָרן אַ לאָיער, דער יונגערער זון איז געוואָרן אַ דאָקטאָר און אונזער טאָכטער איז אויך זייער געבילדעט און אינטעליגענט.

אָבער עס רעדט זיך אַזוי לייכט, לאָזן אויסשטודירן דריי קינדער אין יענע יאָרן! איך האָב געאַרבעט זייער שווער און דעם טאַטען האָט מען נישט אָנגעזען אין די אויגן, ווייל ער איז כסדר געווען אין סטאָר. איך בין דעריבער געווען צו די קינדער אי דער טאַטע, אי די מאַמע. און דעם אמת געזאָגט, איז דאָס געווען אַ שווערער דזשאָב, אָבער וואָס האָב איך מיר געקענט העלפן?

אַ כעס האָב איך געטראָגן אויף מיין מאַן, וואָס ער אַרבעט אַזוי ווי אַ פערד, אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער געווען פאַר מיר אַ וואונדער און רעטעניש; ווי קאָן אַ מענטש אַזוי אַרבעטן אָן אַן אויפהער?. אַ מענטש איז דאָך נישט פון אייזן, און אייזן, זאָגט מען, אַרבעט זיך אויך אויס, און דאָ, אַ מענטש פון בלוט און פלייש, ווערט גאָר קיינמאָל נישט מיד און האָט, אַ דאַנקן גאָט, כוח כסדר אַזוי צו אַרבעטן.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען. די רעזולטאַטן פון דער אָנגעשטריינגטער אַרבעט זיינען שוין געווען קענטיק. מיר זיינען שוין געווען אַ שיין ביסל אַרויפגעאַרבעט. מיר האָבן שוין געהאַט אַ ביסל מזומן אין די בענק און אייניקע טענעמענט הייזער, און איך האָב געטראַכט, אַז איצט איז שוין ענדלעך געקומען די צייט ווען מיין מאַן מעג זיך אַביסל אָפּרוען. איך האָב אים גענומען צורעדן,

אַז מיר זאָלן אַרויספאָרן אויף עטלעכע וואָכן אין דער קאָונטרי. ער האָט מיך אָבער אָנגעקוקט ווי משוגע.

— ווער דאַרף קאָונטרי? — האָט ער גע'טענה'ט — איך פיל מיך גאַנץ פיין אין ברוקלין. דאָ איז מיין קאָונטרי. אויב דו ווילסט, פאָר אַליין מיט די קינדער. איך האָב גאָרנישט דאַקעגן, נאָר מיך לאָז צו רו!

איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין האַרץ אים אַליין איבערצולאָזן אין דערהיים ווייטער אַזוי אונערמידלעך אַרבעטן אין סטאָר און מיר זאָלן זיך אַוועקפאָרן הוליען. איך האָב געוואוסט, אַז אויב איך לאָז אים אַליין, וועט ער נישט נאָר ווייטער אַרבעטן אַזוי שווער, נאָר ער וועט אפילו נישט עסען ווי געהעריק, ווייל אַזוי האָט ער זיך אויך נישט פאַרגונען אַהיימצוקומען, ווי אַלע, עסן, כאָטש מיר האָבן גע־וואוינט אינגאַנצן עטלעכע בלאָק פון סטאָר, נאָר איך האָב אים געדאַרפט יעדן טאָג ברענגען דאָס טעפל עסן אין סטאָר אַריין. איך האָב געהאַט אַ רעכט צו פייערן אַ יובילייאום, ווייל 25 יאָר האָב איך אַזוי געטראָגן דאָס עסן צו מיין מאַן אין סטאָר. אָבער אפילו דאָס ביסל עסן האָט ער נישט געגעסן באַלד, ווייל פריער פאַר אַלץ איז געקומען אין באַטראַכט דער קאָסטאָמער, אָדער ער איז געווען פאַר־נומען מיט אָנווייזן די אַרבעטער וואָס צו טאָן. מער ווי איינמאָל איז דאָס עסן געוואָרן קאַלט ביז ער האָט זיך גענומען צייט דערצו. איך פלעג אים באַוואונדערן, אַז ער איז שטאַרקער פון אייזן, וואָס ער ברעכט נישט צוזאַמען. איצט האָט ער שוין געאַרבעט נישט פאַר צוויי, נאָר פאַר דריי מענטשן.

איינמאָל האָט אונזער עלטערער זון באַשלאָסן צו ווירקן אויף אים און ער האָט גענומען צו אים טענה'ן:

— פאַ, אום גאָטס ווילן, נעם אַלץ אַביסל גרינגער. דו האָסט דאָך גאָרנישט געלעבט. היט אָפּ אַביסל דיין געזונט!

האָט אים מיין מאַן באַלד אָפּגעפאַרטיקט:

— מיין קינד, מיט געזונט אַליין קען מען קיין פרנסה נישט האָבן. מען דאַרף אַרבעטן!

מיט איין וואָרט, רייד אַהער, רייד אַהין צו אים. ער וועט זיך נישט ענדערן. ער וועט טאָן ווי ער פאַרשטייט. קיינער זאָל אים נישט זאָגן קיין דעות.

איך האָב איינגעזען, אַז איך וועל מיט מיין מאַן גאָרנישט מאַכן, איך פלעג זיך שעמען פאַר אַנדערע פרויען וואָס פלעגן קומען אין געזעלשאַפט מיט זייערע מענער, פלעגן אויסגיין אין טעאַטערס אָדער אַנדערע פאַרוויילונגס־פלעצער מיט זייערע מענער אָדער וואָס פלעגן איינאָרדנען אויפנאַמעס ביי זיך אין שטוב. איך האָב פון דעם אַלעם נישט געוואוסט, ווייל מיין מאַן האָט דאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט אויסצוגיין מיט מיר אָדער צו זיין אין שטוב. עס איז מיר געווען זייער ביטער, נאָר ער איז דאָך פאָרט מיין מאַן. מיט קיין אַנדערע פאַרברענגט ער נישט. זיין געלט, אויף וועלכן ער האָרעוועט אַזוי שווער, גיט ער נישט אַוועק קיין פרעמדע. פאַר די קינדער איז נישטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל אים זיין צו טייער. אָבער מיין נשמה פאַדערט דאָך פאָרט עפּעס... די קינדער זיינען שוין דערוואַקסן, זיינען שוין פאַלנע מענטשן און איך האָב שוין מער צייט פאַר זיך. מילא, די טעג בין איך נאָך, ווי עס איז, פאַרנומען; מיט קלינען דאָס הויז, קאָכן און באַקן פאַר דער שטוב, אָבער וואָס טוט מען מיט די נעכט? די קינדער זיינען זיך געגאַנגען זייער וועג. יעדער האָט זיך געהאַט זיין געזעלשאַפט, זיינע אינטערעסן. מיין מאַן איז געווען אין זיין סטאָר און איך פלעג זיצן אַליין מיט די פיר ווענט. מיין מאַן פלעגט אַהיימקומען אַרום 12 ביינאַכט אַ מידער, אַן אויסגעמאַ־טערטער און ער האָט געהאַט שטענדיק איין לידל:

— האָסט אפשר אַ קאָפּע קאַפע?

ווען איך האָב אים געוואָלט דערציילן, וואָס איך לעב איבער, וועגן אַ קינד אָדער וועגן אַ שכנה, פלעגט ער ווערן אויפגערעגט און זאָגן:

— איך רייד פלעגטי אַ גאַנצן טאָג צו מיינע קאַסטאָמערס אין סטאָר. אין שטוב ביי מיר וויל איך האָבן רו און האָב נישט דעם קאָפּ צו דיינע נאַרישע מעשות. טו מיר אַ טובה און לאָז מיך צו רו.

איך פלעג פילן ווי ער וואָלט מיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער. איך פלעג טראַכטן וואָס טויג מיר זיין ארבעט, וואָס טויג מיר דאָס געלט וואָס מיר מאַכן, אַז איך האָב נישט קיין הנאה פון מיין לעבן, אַז איך האָב נישט קיין פריינט מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצוריידן. איז דאָס אַ לעבן?, פלעג איך מיך אַליין פרעגן.

איינמאָל האָב איך מיר אַראָפּגערעדט מיין ביטער האַרץ פאַר מיין עלטערער שוועסטער, האָט זי מיר אָנגעוויזן, אַז מיר איז גאַר גוט ווי די וועלט: איך האָב טייערע קינדער, קיין געלט פעלט מיר נישט, טאָ וואָס וויל איך נאָך, איך זינדיק קעגן גאָט.

— גיב אַכטונג, פעני, דו וועסט זיך נאָך פאַרזינדיקן!

פאַרשטייט זיך, אַז דערפון איז מיר נישט געוואָרן לייכטער אויפן געמיט, און איינמאָל ווען איך בין געזעסן אַזוי פאַרביטערט און נאָכגעטראַכט וועגן מיין שיקזאַל, און מיין מאַן איז אַריינגעקומען מיטן זעלבן לידל „אפשר האָסטו אַ קאָפּע קאָפּע?", האָב איך אים געגומען נאָכקרומען זיינע רייד און האָב זיך שטאַרק צעוויינט.

ער האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, נאָר געקוקט אויף מיר. דאָס האָט מיך נאָך מער אויפגעבראַכט, און איך האָב אויסגעשריגן:

— דו מוזט איינמאָל פאַר אַלע מאָל ענדערן דיין סאָרט לעבן. איך וויל האָבן אַ מאַן ווי אַלע אַנדערע פרויען. איך קאָן מער נישט פירן אַזאַ אַרט לעבן.

— איך קאָן אַנדערש נישט זיין — האָט ער מיר געענטפערט און נישט געקוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין — טו ווי דו פאַר־שטייסט דיר בעסער צו מאַכן.

איצט ערשט האָב איך איינגעזען, אַז דאָס איז אַ שפּיל פאַרן טייוול. מענטשן זיינען מיך מקנא, אַזעלכע שיינע געראָטענע קינ־דער, אַ קלוגן מאַן, אַ גרויס געשעפט, אַ לענדליידי פון טענעמענט הייזער, אָבער גיי עפן פאַר יעדן דאָס האַרץ און זאָג זיי ווי אַזוי איך פיל, און ווער ווייס צי מען וועט מיך פאַרשטיין. אָט האָב איך דאָך גערעדט צו מיין אייגענער שוועסטער און זי פאַרשטייט מיך אויך נישט.

אין מיין פרייער צייט האָב איך אַ סך געלייענט און איך האָב געוואוסט וועגן אַזעלכע ענלעכע פאַלן אין פאַמיליע־לעבן און וועגן די טראַגעדיעס צו וועלכע אַזאַ לעבן דערפירט, באַזונדערס ווען די פרויען לאָזן זיך אַריין אין אַ נישט־געזעצלעך, פריי לעבן מיט געליבטע און פאַרערער. איך האָב באַשלאָסן אַזאַ וועג נישט צו גיין. דאָס וואָלט מיר קיין פרייד נישט פאַרשאַפט און דאָס וואָלט נישט געשטילט מיין בענקשאַפט צו געניסן פון לעבן. איך האָב געפונען אַן אַנדערע רפואה צו דער מכה: איך דאַרף אָנהייבן צו לעבן אַ זעלבסטשטענדיק געזעלשאַפטלעך לעבן. און אַזוי האָב איך געטאָן:

איך בין אַריינגעטראָטן אין פאַרשידענע וואוילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס. איך בין דאָרט נישט געווען אַ מעמבער בלויז אויפן פאַפיר, ווי פיל אַנדערע. אין יעדער סאָסייעטי, וואו איך האָב זיך פאַרשריבן, האָב איך טאַקע גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל, און אין מאַנכע פון זיי האָב איך אפילו אָנגענומען אַמטן. מיין ליידיקע צייט איז אויסגעפילט געוואָרן. איך האָב נישט געפילט וואו דער טאָג און נאַכט קומען אַוועק. אַזויפיל אַרבעט האָב איך געהאַט. היינט, דאָס פאַרגניגן און די הנאה פון דעם באַוואוסטזיין, אַז איך טו נוצלעכע אַרבעט פאַר דער מענטשהייט. יעדעס מאָל ווען איך האָב געזעען ווי אַ מאַן אָדער אַ פרוי ווערן געהאָלפן אַ דאַנק מיינע באַמיאונגען אָדער הילף, האָט מיר דאָס האַרץ אָנגעקוואָלן און איך האָב פאַרגעסן אין מיינע שטוב־צרות. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז עס האָט מיך שוין נישט געאַרט, וואָס מיין מאַן קומט אַהיים שפּעט און איך האָב מיר שוין גאָרנישט געמאַכט פון זיין שטענדיקן פזמון „האָסט אפשר אַ קאָפּע קאָפּע?“, אָבער מיין מאַן, וועלכער האָט געוואוסט, אַז איך בין אויף אים אין כעס, האָט מיט אַמאָל אַליין געענדערט זיין ווערטל און אַהיימקומענדיק שפּעט ביינאַכט, האָט ער מיט אַ שמייכל מער נישט געפרעגט „האָסט אפשר אַ קאָפּע קאָפּע?“, נאָר „האָסט אפשר אַ גלאָז אָקריפּ?, מען טאָר דאָך נישט דערמאָנען קאָפּע“.

איך האָב געשמייכלט צו מיינע צרות. מילא, כאָטש אַ ניי וואָרט. אָבער, קענטיק, אַז איך האָב מער געשמייכלט דערפאַר, ווייל מיין געמיט איז שוין נישט געווען אַזוי אויפגערעגט ווי פריער. מיין נשמה האָט זיך געקוויקט מיט מיין פילאַנטראָפּישער אַרבעט. איך בין מער נישט געווען אַזוי אויפגערעגט און ווען דאָס געמיט איז רואי־קער, קאָן מען זיך שוין דערלויבן אפילו צו טראַכטן, און אַזוי האָב איך גענומען נאָכטראַכטן וואָס מיין שוועסטער האָט מיר געזאָגט, אַז מען טאָר נישט זינדיקן. ווען מען קוקט אַראָפּ, נישט אַרויף, זעט מען אַמאָל ערגערס. איך האָב אָנגעהויבן אַביסל אַנדערש צו טראַכטן וועגן מיין מאַן און איך האָב געזען, אַז אייגנטלעך איז ער זייער אַ גוטער ביזנעסמאַן, אַ געלערנטער מענטש, צוגעלאָזן צו לייטן און די ביזנעס וואַקסן, אַ דאַנקן גאָט. איי, וואָס ער האָט נישט קיין צייט פאַר מיר און פאַרנאַכלעסיקט מיך, נו, אפשר וועט צו דעם אויך אַמאָל קומען אַן אַנדערע צייט ?

אָבער דאָ איז געקומען דאָס וואָס מען האָט געדאַרפט דערוואַרטן. איך האָב אָנגעהויבן באַמערקן, אַז מיין מאַן איז זייער נערוועז. פאַר יעדער קלייניקייט צינדט ער זיך אָן. איך האָב זיך פּשוט דערשראָקן, אַז ער זאָל נישט צוזאַמענברעכן. איך האָב זיך גענומען ביי אים בעטן רחמים, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן אויף עטלעכע וואָכן אין קאָונטרי.

— פאָלג מיך — האָב איך געזאָגט — און פאָר אַביסל אַוועק אויף וואַקיישאַן, וועסט ווערן גאָר אַן אַנדער מענטש.

— מיט עצות בין איך פאַרזאָרגט — האָט מיר מיין מאַן גע־ענטפערט — און פון ווען אָן פרעגט דאָס אַ ליטוואַק עצות ביי אַ גאַליציאַנער ?

און ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן, נאָר ווייטער געאַרבעט, בלויז וואָס זונטיק אָוונט פלעגט ער שוין יאָ אַהיימקומען. דאָס האָט ער שוין אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און פאַרמאַכט דעם סטאָר יעדן זונטיק 8 אין אָוונט. אָבער ער איז שוין געווען אַזוי מיד און דענערווירט, אַז איינמאָל אַ זונטיק אָוונט ווען ער איז אַהיימגעקומען און איך האָב אים אונטערגעטראָגן אַ פיינעם סאָפער און דערביי

עפּעס געזאָגט, איז זיין ענטפער געווען, וואָס ער האָט דאָס גאַנצע עסן אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד. איך האָב זיך דערפון זייער דער־שראָקן, ווייל דאָס איז נישט געווען זיין טבע און איך האָב דאָס אויס־געטייטשט זייער צום שלעכטן. איך בין געוואָרן אַזוי איבערגע־שראָקן, אַז איך בין גלייך אַרויס פון שטוב און מורא געהאַט צוריק אַרויפצוגיין ביז אַ קינד אונזערס איז אונטערגעקומען.

אויף צו מאָרגנס האָב איך אַריינגערופן אונזער פאַמיליע־דאָק־טאָר און אים אַלץ דערציילט. אמת, אַז איך האָב אַ געטרייען מאַן, ער וויל מיך פאַרזאָרגן אויף דער עלטער אָדער חלילה אין פאַל פון אַן אומגליק, אָבער ווער טראַכט וועגן דעם וואָס עס וועט זיין, אַז איצט האָב איך נישט קיין לעבן. דער דאָקטאָר האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט טאָן אַלץ וואָס אין זיין מעגלעכקייט. בקיצור, צומאָרגנס אין דער פרי, ווען מיין מאַן האָט געעפנט די אויגן, האָט ער געפונען נעבן זיין בעט שטיין דעם דאָקטאָר. מיין מאַן האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מיין אַרבעט, איז ער געוואָרן מלא רציחה און אויסגעשריגן:

— איך בין געזונט, איך דאַרף נישט קיין דאָקטאָר. איר עקזאַ־מינירט בעסער מיין פרוי, אפשר דאַרף זי אַ דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר האָט ליבלעך אַרומגענומען מיין מאַן און אים פאַרזיכערט, אַז נישט איך האָב אים גערופן, נאָר אַזוי ווי ער איז געווען נעקסטדאָר ביי אַ פּאַציענט, און אַזוי ווי ער איז אונזער פאַ־מיליע־דאָקטאָר, איז ער אַביסל אַריינגעקומען, און ווי ער זעט, איז טאַקע מיין מאַן זייער נערוועז און ער וואָלט זיך טאַקע געדאַרפט לאָזן אונטערזוכן.

דעם דאָקטאָרס רייד האָבן אַביסל באַרואיקט מיין מאַן און ער האָט זיך געלאָזט עקזאַמינירן פון דאָקטאָר.

— ליבער פריינט — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צו מיין מאַן נאָכן עקזאַמען — ביז איצט האָט איר קיינעם נישט געוואָלט פאָלגען, אָבער איצט וועט איר ענדלעך יאָ מוזן פאָלגען. איר זאָלט וויסן זיין, אַז איר מוזט אויף עטלעכע וואָכן פאָרן אין קאַנטרי. יעדער נערוו

איז ביי איך אַנגעצויגן נאָר צום פּלאַצן. אייער לעבן איז נישט ווערט אַ פּעני. געדענקט וואָס איך זאָג אייך אָן. אויב איר וועט איצט ווייטער זיין איינגעשפּאַרט, בלייבט אייער פרוי אַן אַלמנה און אייערע קינדער יתומים. ווי גאָט איז איך ליב, האָט רחמנות אויף זיך אַליין און אויף אייער פרוי און קינדער. איר האָט אַ טייערע פרוי און זעלטן־גוטע קינדער. הערט אויף אַרבעטן ווי אַ פערד, אפילו אַ פערד מוז מען אויך אַוועקשטעלן אין שטאַל זיך אָפּצורוען, און דאַן ערשט קאָן עס ווייטער שלעפּן די משא׳ס. הײַנט נאָך אַ מענטש!

אַ פּנים, אַז דעם דאָקטאָרס רייד האָבן ענדלעך געווירקט אויף מיין מאַן, אָבער ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט אונטערגעבן אַוועקצופאָרן און ער האָט גענומען מיט אים אַרגומענטירן:

— אפשר, דאָקטאָר, קאָנט איר מיר געבן עפּעס אַ מעדיצין, עפּעס אַ טאָניק, אַז איך זאָל ניט דאַרפן אַוועקפאָרן, נאָר קאָנען ווײַ־טער אַרבעטן.

דער דאָקטאָר האָט זיך צעשמייכלט און געענטפערט:

— ניין, איך האָב נישט פאַר אייך קיין שום מעדיצין. איר דאַרפט האָבן אַבסאָלוטע רו. איצט איז זומער־צייט, פאָלגט מיך, פאָרט אַוועק אויף עטלעכע וואָכן אין קאַונטרי, דאָס וועט אייך מאַכן גוט פילן.

געזעען, אַז מיין מאַן גיט זיך נאָך נישט אונטער, זאָגט דער דאָק־טאָר צו מיין זון:

— יאָנגמען, אויב פּאַפּאַ וועט נישט וועלן פאָרן, זאָלסטו אים נעמען מיט גוואַלד. געדענק, אַז איר מוזט אים ראַטעווען איידער עס ווערט צו שפּעט.

ווען דער דאָקטאָר איז אַוועק, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג און באַשלאָסן, אַז צומאָרגנס מוז מיין מאַן פאָרן אין די בערג. איך האָב זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, כ׳בין אַוועק און געקויפט אַ וואַליז און נאָך זאַכן און האָב מיט מזל אַלץ פאַרפּאַקט ווי פאַר איי־נעם, וואָס פאָרט אַוועק אין דער פרעמד אויף עטלעכע וואָכן. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז מיין עלטערער זון זאָל נישט גיין אין אָפיס, נאָר

זאָל מיר העלפן אַרויסשיקן דעם טאַטן אין קאַנטרי, ווייל פאַר אים האָט ער אַביסל מורא געהאַט. מיר האָבן געהאַט גענוג אַרבעט צו פאַרזיכערן מיין מאַן, אַז ער זאָל זיך גאָרנישט זאָרגן וועגן די ביזנעס, מיר וועלן שוין אויף אַלעם אַכטונג געבן. מיין זון האָט געמוזט זיין פאָטער אָנטאָן ווי ער וואָלט געווען אַ קליינע בייבי, ווייל נאָך אַלעמען האָט ער נישט געהאַט קיין שטאַרקן חשק צו פאָרן.

אַזוי ווי מיין טעכטערל האָט גראָד דעמאָלט געהאַט וואַקיישאָן, האָב איך איר צוגערעדט, אַז זי און איר ברודער זאָלן אַרויסבאַגלייטן זייער פאָטער אין די בערג, דאָרט איבערשלאָפן, איבערלאָזן דעם פאָטער, און צומאָרגנס צוריקקומען אַהיים.

ווען עס איז געקומען צום אַרויספאָרן, האָט מיין מאַן געוויינט ווי אַ קליין קינד און געהאַלטן אין איין טענה׳ן, אַז ער ווייסט נישט וואָס מען האָט זיך אויף אים אָנגעזעצט, אַז ער פילט זיך גאָרנישט קראַנק און ער דאַרף האָבן די קאַונטרי אויף טויזנט כפּרות, אָבער טענה היינט, טענה מאָרגן. מיר האָבן אים אַריינגעזעצט אין דער קאַר און זיי זיינען אַפּגעפאָרן.

געזען ווי די קאַר נעמט זיך אין וועג אַריין, האָב איך פריי אָפּ־געאָטעמט, האָב גענומען רייניקן דאָס הויז און פון מידקייט זיך אַביסל צוגעלייגט. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין געשלאָפן, נאָר ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך געזען ווי מיינע קינדער, וועלכע זיינען מיטגעפאָרן מיט זייער פאָטער, שטייען נעבן מיר זייער פאַרזאָרגט.

— וואָס איז געשען ? — האָב איך דערשראָקן געפרעגט.

— מיר האָבן פאַרלאָרן דעם טאַטן — ענטפערן זיי מיר מיט שרעק.

— איר זאָלט מיר אָנזאָגן בעסערע בשורות — האָב איך זיי געענטפערט, און זיי דערציילן מיר אַ גאַנצע געשיכטע, אַז ווי די קאַר איז געקומען אויף דילענסי סטריט, האָט דער פאָטער צו זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן אַביסל וואַרטן, ווייל ער דאַרף זיך דאָ אַריינכאַפּן אין אַ סטאָר קויפן אַביסל ליינינג פאַר זיין סטאָר. ער קומט באַלד

צוריק. די קינדער האָבן גענומען וואַרטן, און ווען זיי האָבן געזען, אַז עס איז שוין אַריבער אַ שעה און זייער פאָטער איז נאָך נישטאָ צוריק, האָבן זיי זיך געלאָזט אים זוכן איבער אַלע סטאָרס, אָבער זיי האָבן אים אין ערגעץ נישט געפונען. האָבן זיי גענומען קלינגען אין פאַרשידענע פּלעצער, אָבער אויך דאָרט איז ער נישט געווען. אַריין אַזוי ווי אין וואַסער.

דערהערט די געשיכטע, האָט מיר שוין גענומען באַנג טאָן וואָס איך האָב איינגעלייגט אַזויפיל ווערטן, אַז ער זאָל אַרויספאָרן אין קאָונטרי. ווער ווייסט טאַקע וואָס עס איז מיט אים געשען.

אַזוי זיינען אַוועק נאָך עטלעכע שעה און מען הערט נישט און מען זעט נישט מיין מאַן. איך האָב זיך גענומען שטאַרק שרעקן, ווער ווייס צי דאָס וואָס איך בין אים אַזוי דערגאַנגען די יאָרן מיטן פאָרן האָט אים נישט געבראַכט צום ערגסטן, צי ער האָט זיך חלילה נישט אַריינגעוואָרפן אין וואַסער. מיר זיינען אַריינגעלאָפן אין פּאָליס סטיישאָן, אפשר ווייסט מען דאָרט עפּעס, אַ נעכטיקער טאָג! ער איז אויסגעטרוקנט געוואָרן. איך און די קינדער זיינען מיר אַרומגעלאָפן ווי פאַר׳סמ׳טע מייז. דער זייגער האָט זיך דערוויייל גערוקט. עס איז געוואָרן שוין 12 ביינאַכט. כ׳האָב געפּרוּווט אָפּרופן מיין על־טערן זון, אָבער איך האָב אים נישט געקאָנט געפינען. יעדער שאָרך האָט מיך געמאַכט אויפציטערן. ווי איך האָב נאָר געהערט אַ ריר ביי דער טיר, בין איך אויפגעשפּרונגען. ערשט אַרום 1 ביינאַכט איז אַריינגעקומען מיין עלטערער זון און נאָך אים האָט זיך נאָכגע־שלעפּט מיין מאַן ווי אַ פאַרשולדיקט קינד.

אַז איך האָב דערזען מיין מאַן, האָב איך זיך צעוויינט פאַר שמחה. „אַבי ער לעבט", וואָרום איך האָב זיך דאָך געשראָקן פאַר אַן אומ־גליק.

ערשט מיין זון נעמט אונז דערציילן וואו ער האָט געפונען דעם פּאַפּאַ. ער האָט פון גאָרנישט געוואוסט. אַרויסקומענדיק פון דער סאָבוויי אויף זיין וועג אַהיים, זעט ער ווי אויף אַ באַנק אין איסטערן פּאַרקוויי זיצט אַ מאַן. צופעליק האָט ער געגעבן אַ קוק אויף דעם

מאַן, און צו זיין גרויסער דערשטוינונג זעט ער, אַז דאָס איז זיין פאָטער. אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז זיין פאָטער איז היינט גאָר אַרויסגעפאָרן אין די בערג, האָט ער נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען, אָבער דער פאָטער האָט אים דערציילט אַ מעשה, אַז אויפן וועג האָט ער פאַרלאָרן די קינדער. אַזוי ווי מיין זון האָט געהאַלטן, אַז די מעשה איז נישט אַזוי גלאַטיק ווי מיין מאַן דערציילט זי, האָט ער אים שוין נישט אָפּגעלאָזט און אַהיימגענומען.

נו, אַ דאַנקן גאָט, דער שאָדן האָט זיך אָפּגעזוכט. אָבער וואָס טוט מען ווייטער? ער מוז דאָך פאָרט פאָרן אין קאָונטרי. איז מיין זון אַוועק צומאָרגנס צו אַ באַקאַנטן טעקסי מען, אים דערציילט די גאַנצע מעשה פון נעכטן און אָנגעזאָגט, אַז למען השם זאָל ער זיך מיט מיין מאַן נישט אָפּשטעלן ערגעץ וואו אין וועג, נאָר ערשט אין קאָונטרי, וואוהין ער פירט אים. דער טעקסי מען האָט פאַר אַ גוטן טיפּ צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין אַכטונג געבן, אַז מיט אים זאָל גאָר־נישט פּאַסירן אין וועג, און אַזוי איז טאַקע געווען. ער האָט געבראַכט מיין מאַן אין אַ שיינעם האָטעל אין קאָונטרי און מיין מאַן איז דאָרט געווען צוויי וואָכן צייט. ווען מיין מאַן איז בשלום צוריקגעקומען אַהיים, איז אים גאָרנישט געווען צו דערקענען, אַזאַ אַנדערער מענטש איז ער געווען. ער איז געווען אויסגערוט, פאַרברענט פון דער זון, און באַגייסטערט פאַר דער קאָונטרי. ער האָט גאָרנישט געוואוסט, אַז די קאָונטרי איז אַזוי גוט. אַז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך שוין געקראָגן מוט זיך אַביסל אַ נעם צו טאָן צו אים.

— וויבאַלד אַז דו זעסט שוין יאָ איין, מיין טייערער מאַן — האָב איך געזאָגט, — ווי רו מאַכט דיך גוט פילן, אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט האַלטן פאַרמאַכט דעם סטאָר זונטיקס. אַ מענטש דאַרף דאָך האָבן כאָטש איין מאָל אין וואָך אַ טאָג רו.

אָבער דאָס האָט אַזוי שרעקלעך אויפגערעגט מיין מאַן, אַז ער האָט זיך אָזש צעשריגן:

— אַז איר וועט דאָס דערלעבן, וועט איר משיח׳ן אויך דערלעבן! זונטיק איז דער בעסטער טאָג פאַר ביזנעס, וועל איך גיין פאַרמאַכן די ביזנעס ? !

דערזעען זיין עקשנות, האָב איך באַשלאָסן, אַז אויך דאָ מוז איך אַליין עפּעס טאָן. אַזוי ווי אַלע סטאָרס אין דער נייבאָרהוד זיינען געווען פאַרמאַכט זונטיק, נאָר אים האָט מען געלאָזט זיין אָפן, און ער האָט פאַר דעם גאָרנישט געהאַט קיין מורא, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיין אַ גוטער ברודער מיט דער פּאָליס און דערפאַר באַ־דערט מען אים נישט.

בין איך אין אַ שיינעם טאָג אַוועק אין דער פּאָליס סטיישאָן און גאַנץ איינפאַך גע׳מסר׳ט פאַרוואָס מען לאָזט מיין מאַן אויפהאַלטן זיין סטאָר אום זונטיק. דער קעפּטעין האָט מיך אָנגעקוקט שטאַרק פאַרוואונדערט און געפרעגט ווער איך בין.

ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז דאָס בין איך טאַקע דאָס ווייב פון דעם מאַן, וועלכן איך פאַר׳מסור, האָט ער נישט געגלויבט זיינע אויערן.

— יעס, דאָס בין איך זיין אייגן ווייב, און איך טו דאָס דערפאַר ווייל איך וויל האָבן מיין מאַן. אַנדערש וועט ער צוזאַמענברעכן פון אַרבעטן. איך וויל, אַז איר זאָלט נישט מאַכן קיין אויסנאַמען. אַלע סטאָרס זיינען פאַרמאַכט אום זונטאג, מיט וואָס איז ער מער מיוחס פון אַנדערע ?

דער קעפּטען האָט מיך אָנגעקוקט, געשמייכלט און דערנאָך גע־פרעגט :

— וואָס איז, קאָנט איר מיר אפשר זאָגן, די אורזאַך, וואָס ער אַרבעט אַזוי שווער ?

— דאָס איז אַ סוד וואָס איך האָף נאָך אַמאָל צו דערגיין — האָב איך געענטפערט, אָבער מיט אייך האָט עס גאָרנישט וואָס צו טאָן.

אָבער אָנשטאָט אַ פּאָזיטיוון ענטפער, אַז ער וועט אויספירן מיין פאַרלאַנג, הייבט מיר אָן דער קעפּטען צו זאָגן צווייידייטיקע ביליקע וויצן. דאָ בין איך שוין גאָר אַרויס פון די כלים און אויסגערופן :

— שלעפּט מיך בעסער נישט ביי דער צונג, אַז נישט וועל איך אייך זאָגן פאַרוואָס איר דערלויבט מיין מאַן צו האַלטן אָפן די סטאָר־קע אום זונטיק. און אויב איר ווילט מיר נישט העלפן, אַרט מיך אויך נישט, ווייל אַ דאַנקן גאָט, ווייס איך די אַדרעס פון די העד־קוואָדערס.

דערהערט, אַז איך לאָז מיר נישט שפּייען אין דער קאַשע, ווערט שוין דער קעפּטען גאָר אַן אַנדערער און ער זאָגט צו מיר:

— אָלרייט, ליידי, גיט מיר די אַדרעס פון אייער סטאָר און איך מעגט זיין זיכער, אַז אייער מאַן וועט האַלטן פאַרמאַכט די סטאָר, ווייל היינטיקן זונטיק וועט ער קריגן באַלד דעם ערשטן סאַמאָנס.

כאָטש איך האָב געהאַט אַזאַ דערפאָלג מיט מיין אינטער־ווענץ, דאָך האָב איך, דעם אמת געזאָגט, זיך געשראָקן, אַז קוים וועט מיין מאַן טאַקע קריגן אַ סאַמאָנס, וועט ער מיר מאַכן אַ גרויסן סקאַנ־דאַל, אָבער איך האָב זיך איינגעשטעלט, ווייל איך האָב איינגעזען, אַז איך האָב נישט קיין אַנדער מיטל.

אַהיימגעקומען, האָב איך זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף מיין מאַן. איך האָב אים געוואָלט וואָרנען, אַז ער זאָל פון איצט אָן מער נישט גיין זונטיק אין סטאָר, ווייל עס דערוואַרט אים טראָבל, אָבער איך האָב מורא געהאַט אים צו דערציילן וואָס איך האָב אָפּ־געמאַכט.

ווען עס איז אָבער געקומען זונטיק און איך האָב געזען ווי מיין מאַן גרייט זיך צו גיין אין סטאָר, האָב איך מיך שוין מער נישט גע־קאָנט איינהאַלטן און איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל נישט גיין עפנען דעם סטאָר, ווייל ער וועט האָבן חרטה.

ער האָט אַלץ געמיינט, אַז ס'איז די אַלטע טענה וועגן רו, האָט ער אויסגערופן:

— מיך סטראַשעט מען נישט. איך האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא. מיט עצות בין איך שוין, אַ דאַנקן גאָט, פאַרזאָרגט, און אַז מען וועט דיך פרעגן, וועסטו מיר געבן אַן עצה.

די דיסקוסיע צווישן אונז האָט פאַרנומען אַביסל צייט, אַזוי, אַז מיין מאַן האָט שוין נישט געהאַט קיין צייט אפילו עפּעס צו נעמען אין מויל אַריין און ער איז שנעל אַרויסגעלאָפן פון שטוב אין סטאָר אַריין. מיין האַרץ האָט מיר געקלאַפּט ווי ביי אַ גזלן. איך בין שוין געווען נייגיריק צו וויסן וואָס עס וועט דאָ געשען. עס האָט נישט גענומען קיין האַלבע שעה: מיין מאַן איז דאָ צוריק. איך מאַך זיך תמ׳עוואַטע און פרעג אים:

— וואָס איז געשען? האָסט עפּעס פאַרגעסן אָדער דו פילסט, חלילה, נישט גוט?

— איך פיל גוט — שרייט ער אויס — אָבער איך האָב באַקומען אַ סאַמאַנס. דאָס קומט נישט פון דער העלער הויט. דאָס האָט מיך ווער געמסור׳ט. פון איצט אָן וועל איך מוזן זונטיק האַלטן פאַר־מאַכט די סטאָר. מען קאָן דאָך רואינירט ווערן!

און ער לויפט אַרום איבער דער שטוב שרעקלעך אויפגע־רעגט, און שרייט ווייטער:

— וואָס ווייסטו, זונטיק איז דער בעסטער טאָג פון ביזנעס, און דאָ האָט מען מיך גע׳מסור׳ט. איך ברעך מיר דעם קאָפּ און קאָן נישט דערגיין ווער עס האָט דאָס געקאָנט טאָן? דאַכט זיך, בלויז גוטע פריינט, טאָ ווער האָט דאָס געקאָנט טאָן?

— אויב דיר גייט אַזוי אין לעבן צו וויסן ווער עס האָט דאָס געטאָן? — האָב איך זיך אָנגערופן — וועל איך דיר זאָגן. איך אַליין האָב דאָס געטאָן. איך האָב דאָס געמוזט טאָן, ווייל איך וויל דיך ראַטעווען. דו פאַרשטייסט?

מיין מאַן איז געוואָרן ווייס ווי קאַלך, נאָר צום חלש׳ן. איך האָב זיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך האָב אים דערלאַנגט אַ גלאָז וואַ־סער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן וואַסער און אויסגעשריגן מיט אַ באַנומען קול:

— מוחל דאָס וואַסער, איך חלש נישט — און ער הייבט ווידער אָן צו שפּרייזן איבער דער שטוב — ווער וואָלט דאָס געוואָלט גלייבן,

אַז אַן אייגן ווייב זאָל אַזעלכעס טאָן, אַן אייגענע פרוי זאָל זיין דער גרעסטער שונא פון איר מאַן!

דאָ האָב איך זיך שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און איך האָב זיך צעוויינט הויך אויפן קול:

— אייב, וואָס רעדסטו? אַ שונא בין איך דיר, דיין בעסטער פריינט בין איך. איך וויל דיך נישט פאַרלירן. איך וויל האָבן אַ געזונטן מאַן, אַ לעבעדיקן חבר אין לעבן. אויב דו וועסט נישט האָבן כאָטש איין טאָג רו אין דער וואָך, וועסטו פאַלן. וואָס טויג מיר דיין געלט, וואָס טויגן מיר די מתנות, וואָס דו קויפסט מיר, אַז איך וועל דיך פאַרלירן? שטעל דיר פאָר ווי פאַרצווייפלט איך בין, אַז איך אַליין האָב דיך גע׳מסור׳ט, אָבער איך האָב ליידער איינגעזען, אַז אַנדערן אויסוועג ווי דיך צו ראַטעווען איז נישט געבליבן.

די ערשטע זונטיקס ווען מיין מאַן איז געבליבן אין דער היים, איז אים אַליין געווען שווער צו גלייבן, אַז ער דאַרף נישט אַרבעטן. ער איז מיט פאַרדאַכט געזעסן ביים פענצטער און געזען ווי אויף דער גאַס גייען מענטשן רואיק, געמיטלעך, מענער שפּאַצירן מיט זייערע פרויען, מען האָט געהאַלטן קינדער ביי דער האַנט. דאָס איז געווען פאַר אים ניי. ער האָט דאָס פריער קיינמאָל נישט געזען. מיר דאַכט זיך, אַז פּונקט ווי קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע, אַזוי האָט מיין מאַן דעמאָלט אַנטדעקט, אַז עס איז דאָ נאָך אַ וועלט אויסער זיין סטאָר. ביסלעכווייז האָט ער זיך דערצו צוגעוועהנט און אַליין געקראָגן אַ פאַרלאַנג אויך עפּעס צו געניסן. ער האָט אָנגעהויבן אַמאָל אַרויסצוגיין אין די אָוונטן מיט מיר אין אַ מואווי, אין אַ טעאַטער, אָנגעהויבן פאַרבעטן פאַמיליע צו אונז אין שטוב, גיין באַזוכן די קינדער, וואָס האָבן שוין חתונה געהאַט.

שפּעטער אַרייַן האָט ער שוין געלעבט די זונטיקס לויט אַ פּלאַן. ער האָט זיך פאַרגונען אַביסל לענגער צו שלאָפן, דערנאָך עפּעס עסן, ווידער רוען און טיילמאָל אַריינכאַפּן אַ נאָכמיטאָג־שלאָף, לייענען די צייטונגען, הערן די ראַדיאָ, און די אָוונטן, ווי געזאָגט, פאַרברענגען צוזאַמען.

ביסלעכוויז איז געקומען אַן ענדערונג אין זיין גאַנצער באַ־ציאונג. מען דאַרף אים שוין מער נישט אָפּשיקן מיט אַ טאַקסיקעב, אַז ער זאָל זומער זיך אַביסל אויסרוען אין די בערג. איצט, אַז עס קומט זומער, און אין שטאָט ווערט הייס, זאָרגט ער שוין אַליין, אַז מיר, ער און איך, זאָלן אָפּפאָרן אויף אַ וואָך־צוויי זיך אַביסל אָפּ־קילן און אָפּרוען אין די בערג. ער האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַן אינטערעס צו מיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און טרעט אויף אַלס ריכטער אין „יידישן קאָורט״, וואו איך אַרבעט. ער האָט אויך אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ גרויסן אינטערעס צו באַקענען די שרייבער פון די יידישע ביכער וועלכע ער לייענט.

געזען די קאָלאָסאַלע ענדערונג, וואָס איז אין אים פאַרגעקומען, האָב איך אַמאָל מיט אים פאַרפירט אַ שמועס, אַז ער זאָל מיר זאָגן פאַרוואָס ער האָט אַמאָל אַזוי שווער, אַזוי איבערמענטשלעך, געאַר־בעט, און אָט וואָס ער האָט מיר דערקלערט:

— ווען איך בין געווען אַן אַרבעטער ביי יענעם, האָב איך איינ־געזען, אַז דאָס איז נישט קיין תכלית. פון דעם קאָן מען קיין לעבן נישט מאַכן פאַר אַ היים. איך האָב אָבער געוואָלט אַז סיי דו, מיין פרוי, סיי די קינדער, וואָס מיר האָבן געבראַכט אויף דער וועלט, זאָלן געניסן פון לעבן. איך האָב געוואָלט, אַז אונזערע קינדער זאָלן אויפוואַקסן געלערנטע, אינטעליגענטע מענטשן. דערצו האָט מען געדאַרפט אַ סך געלט, און איך האָב דעריבער גענומען אויף מיר אַ סך אַרבעט כדי וואָס מער צו פאַרדינען, צו האָבן אויף דעם אַלעם. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז איך האָב טאַקע אָנגעקליבן אַ ביסל געלט און דאַן האָב איך באַשלאָסן צו ווערן זעלבסטשטענדיק. איך האָב אָבער נישט געהאַט גענוג געלט צו ווערן זעלבסטשטענדיק, האָב איך אָנשטאָט געלט געמוזט אַריינלייגן אַרבעט ווען איך האָב געעפנט דעם סטאָר. אָבער, אַ דאַנקן גאָט, דאָס געשעפט איז גוט אַוועק און דאָ איז געקומען, איך ווייס אַליין נישט ווי איך זאָל עס רופן, אַ פאַרבלענדעניש. איך האָב נאָר געוואָלט וואָס מער פאַרדינען, אַז איך זאָל זיכערן די עקזיסטענץ פון אונזער פאַמיליע און שפּעטער

קאָנען רוען. דער „שפּעטער“ איז אָבער פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אָפּגעלייגט געוואָרן. עס איז געווען עפּעס ווי אַ געשפּענסט, וואָס האָט מיך נאָר געצויגן צו אַרבעטן מיט דער טרייסט, אַז אָט־אָט קומט די רו. איך בין געווען ווי אין אַ חלום, ווי פאַר׳שכור׳ט, און ווער ווייסט, ווען דו נעמסט נישט אָן יענעם שרעקלעכן, אָבער ווירקזאמען מיטל, ווי דאָס מסור׳ן מיך, צי איך וואָלט ווען עס איז אַרויס פון דעם כשוף צו אַרבעטן טאָג און נאַכט. איך האָב זייער שלעכט גע־פילט יענעם זונטיק, אָבער פון טאָג צו טאָג האָבן זיך מיינע אויגן מער געעפנט און איך זע איצט איין וואָס פאַר אַ גליק עס איז געשען פאַר מיר און פאַר אונזער גאַנצער פאַמיליע.

# אַ בלבול אויף אַ מאַטראַז

מיין שוועסטער גיטל האָט מיר דערציילט פאָלגנדיקע געשיכטע:

מיט פיר און פערציק יאָר צוריק בין איך געפאָרן קיין אַמע־ריקע צו מיין מאַן און מיטגעפירט אונזערס אַ אינגעלע, דריי יאָר אַלט. צוזאַמען מיט מיר איז געפאָרן אונזערע אַ קוזינע, פייגע, אַ מיידל פון זעכצן יאָר. אונזער אָנקל, דער מיידלס פאָטער, איז געווען אַ רב, זייער פרום און פאַנאַטיש. און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ רייכן ברודער אין אַמעריקע, האָט זיך דאָס מיידל איינגעשפּאַרט, זי וויל פאָרן צום רייכן אָנקל. האָב איך זי מיטגענומען און צוגע־זאָגט, אַז איך וועל אויף איר אַכטונג געבן.

דער אָנקל, דער רב, האָט אָנגעזאָגט זיין יונגע טאָכטער, אַז זי זאָל נישט מאַכן קיין חוזקות מיט קיין אינגל, אָדער מיט וועלכן עס איז אַ מאַנסביל, נישט ריידן מיט קיין זכר און אפילו נישט שטיין נאָענט פון אים.

קיין נאַריש מיידל איז פייגע נישט געווען, אָבער איר טאַטנס צוזאָג האָט זי אָפּגעהיט און נישט געשטאַנען אין די דלד אמות פון אַ מאַנספּערזאָן.

ווען מיר זיינען אָפּגעפאָרן צוויי טעג מיט דער שיף, בין איך געבליבן אָן אַ פּעני געלט. מיר זיינען געפאָרן דריטע קלאַס. די שיף איז געווען אַ שלעכטע, דאָס עסן זייער נישט גוט. בין איך קראַנק געוואָרן. איך האָב אָבער נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן אַ פרוכט צו דערקוויקן זיך אָדער אַ שטיקל קענדי פאַרן קינד. די קוזינע אונזערע האָט געהאַט צען דאָלער איבעריקע געלט, האָב איך איר געבעטן זי זאָל מיר לייען אַ דאָלער, כדי צו דערהאַלטן מיין חיות, האָט זי זיך צעשריען, אַז זי אַליין פאַרגינט זיך נישט

צו ספּענדן אַ גרייצער, קען איך אויך אויסקומען אָן נאַשערייען. זי וויל — האָט זי געזאָגט — ברענגען דאָס גאַנצע געלט קיין אַמע־ריקע. מיין אינגל האָט אָבער אָנגעהויבן פילן נישט גוט און געבעטן איך זאָל פאַר אים קויפן אַן אָרענדזש, און דאָ איז נישטאָ פאַר וואָס. האָב איך באַשלאָסן אָפּצוטאָן מיין קוזינע אַ שפּיצל.

איידער מיר האָבן פאַרלאָזט אונזער היים, האָט די מומע אויפ־געגנייט אַ בייטעלע, האָט עס אָנגעטאָן פייגען אויפן האַלז, און דאָרט האָט זי געהאַלטן איר שיפסקאַרטע און דאָס איבעריקע געלט. ביי־נאַכט, ווען פייגע איז געשלאָפן, האָב איך זיך פאַמעלעך צוגעקליבן צו איר בייטעלע, און מיר אַליין אויסגעבאָרגט אַ דאָלער אַמערי־קאַנער געלט. זי איז געשמאַק געשלאָפן און גאָרנישט געהערט.

אין דער פרי, ווען זי איז אויפגעשטאַנען און גענומען איבער־ציילן איר „אוצר״, האָט זי געמאַכט אַ געוואַלד: „אַ בראָך איז מיר, מען האָט מיך באַ׳גנב׳עט״. איך האָב זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און זי געפרעגט: „וויפל פעלט דיר?״ זאָגט זי: „ אַ דאָלער״. רוף איך זיך אָן: „מסתמא די אַרבעט פון דעם מאַטראָז, וואָס קערט די צימערלעך״, און גיב צו אין שפּאַס: „ווי שלאָפט עס אַ מענטש אַזוי געשמאַק? דער מאַטראָז האָט דאָך דיר געקאָנט אָפּטאָן ווייס איך וואָס, וואָלסטו אויך נישט געהערט״...

ווער זאָל עס וויסן, אַז זי וועט אַזוי ערנסט נעמען מיינע רייד? נישט נאָר האָט זי אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דאָלער, וואָס האָט איר געפעלט, נאָר זי האָט זיך אַריינגענומען אין זינען, אַז גאָט דער לעבע־דיקער אין הימל ווייסט וואָס מיט איר האָט פּאַסירט אין דער צייט וואָס זי איז אַזוי געשמאַק געשלאָפן... זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צע־טומלטע, נישט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז. איך האָב געפּרוּווט איר באַרויקן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דעם אמת האָב איך איר נישט געוואָלט דערציילן ביז מיר וועלן קומען קיין ניו־יאָרק און איר אָפּגעבן איר דאָלער און אַלץ דערציילן.

אין פיר טעג אַרום זיינען מיר אָנגעקומען אין ניו־יאָרק. מיין מאַן איז געקומען אָפּנעמען מיך מיטן קינד און פּייגעס רייכער פּעטער איז געקומען איר אָפּנעמען.

ווי דער שטייגער איז, האָט ער זיך מיט איר צעקושט, און געפרעגט אויף איר טאַטן, אויף איר מאַמען און אַנדערע אין דער משפּחה. אַלע — האָט זי געזאָגט — לעבן און זיינען געזונט, נאָר זי אַליין איז אויף צרות. זי האָט מורא אַז זי שוועגערט פון אַ מאַטראָז.

דערהערט אַזאַ מעשה, האָט זיך דער אָנקל אַ וואָרף געטאָן אויף מיר מיט כעס: „וואָס האָסטו מיר געבראַכט אַזאַ צרה? נאַ דיר גאָר אַ מעוברת׳ע מויד אויף מיין קאָפּ! וואָס וועל איך דאָ טאָן מיט איר?״. איך האָב זיך צעלאַכט, דערציילט די מעשה און געהייסן מיין מאַן ער זאָל איר אָפּגעבן דעם דאָלער. פּייגע האָט זיך צעוויינט פאַר פריידן, און מיר אַלע האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

עטלעכע יאָר נאָך פּייגעס אַהערקומען, האָט זי חתונה געהאַט מיט זייער אַ פיינעם בחור, אַ מאַנופעקטשורער, און זיי זיינען רייך. זי האָט פיר שיינע קינדער, דריי זין און אַ טאָכטער. די זין זיינען אַלע פּראָפעסיאָנעלס. מיר באַגעגענען זיך גאַנץ אָפּט, און ווען מיר קומען זיך צוזאַמען, דערמאָנען מיר זיך אָן יענער געשיכטע אויפן שיף און מיר לאַכן זייער פיל.

— און מיט מיר אַליין — דערציילט ווייטער מיין שוועסטער — האָט אויך פּאַסירט אַ קאָמישע פּאַסירונג. דאָס איז געווען אויפן דריטן טאָג נאָך מיין קומען אַהער. מיר האָבן געוואוינט אין אַן אָרעמע דירה אויף אַ סטופּ, אין האָפּקינס סטריט, ברוקלין. קעגנ־איבער איז אויסגעבראָכן אַ פייער. מיין מאַן איז אין דערהיים נישט געווען, און אַזוי ווי ביי אונז אין שטעטל ווען עס איז געווען אַ שרפה, פלעגט מען פון דערבייאיקע הייזער אויספּאַקן דאָס בעט־געוואַנט און אַנדערע בעבעכעס און אַוועקטראָגן צום טייך, בעת

גוים מיט קאַנען וואַסער פלעגן לעשן דאָס פייער, האָב איך גע־מיינט, אַז דאָ דאַרף מען אויך אַזוי טאָן. האָב איך אויפגעפאַקט איין באַנדל און נאָך אַ באַנדל און אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער.

ווען איך האָב געשלעפּט אַ דריט באַנדל אַרויסצוואַרפן, קומט אַריין אַ שכנה און פרעגט: „וואָס טוט איר?" זאָג איך: „איר זעט דאָך, עס איז אַ שרפה קעגנאיבער", צעלאַכט זי זיך: „אָט אַ גרינע חיה, גייט שוין, נעמט אַלץ אַריין צוריק". איך האָב זיך שטאַרק פאַרשעמט און זיך געמוזט מטריח זיין אַריינצונעמען אַלץ צוריק אין הויז אַריין.

איך האָב אויסגעהערט מיין שוועסטערס געשיכטעס און זיך געטראַכט: דאַכט זיך די זעלבע מענטשן, אָבער ווי אַנדערש מען לעבט דאָ אין אַמעריקע און ווי אַנדערש מען האָט געלעבט און געטראַכט אין דער אַלטער היים?

# פון אַ ביטערער מערכה צו אַ גליקלעכן לעבן

**אַ לאַנדספּרוי** דערציילט מיר: אַ קינד פון פופצן יאָר

בין איך געקומען אין אַמעריקע. איך בין געווען, וואָס מען רופט, אַ ציטערדיק קינד, מחמת איך בין געווען די ערשטע, וועלכע מיין מוטער האָט געבוירן אַכט יאָר נאָך איר חתונה. און כאָטש עס זיינען נאָכדעם געקומען נאָך קינדער, בין איך ביי מיין מאַמען געווען איין אויג אין קאָפּ, און זי האָט מיר נאָכגעגעבן אַלץ וואָס איך האָב פאַרלאַנגט.

האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַמעריקע.

ביז היינטיקן טאָג קען איך ניט פאַרגעסן ווי מיין מוטער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין די רעדער פון וואָגן, וואָס איז געקומען מיך נעמען צו דער באַן. זי האָט געשריען, אַז זי וועט מיך ניט אַוועקלאָזן, אָבער עס האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן און איך בין אַוועקגעפאָרן.

מיין אָנקל האָט מיך אָפּגענומען פון שיף און איך בין ביי אים געווען צוויי וואָכן צייט און זיך גוט אויסגערוט פון דער רייזע. דער־נאָך האָט מיר מיין טאַנטע געלאָזט וויסן, אַז זי האָט פאַר מיר אַ דזשאַב און האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ שאַפּ, אַ פינסטערער שאַפּ, וואו אַ סך אַרבעטער האָבן געאַרבעט. מען האָט מיך אַוועק־געזעצט ביי אַ מאַשין צו לערנען זיך אַלס אָפּערייטאָר ביי סקוירטס.

דאָס האָט מיר גאָרנישט געשמעקט. איך האָב מיר פאַרגע־שטעלט אַמעריקע אַנדערש, אָבער פאַרפאַלן. האָב איך געוויינט און געקלאָגט טעג און נעכט. כ׳האָב חרטה געהאַט אויפ׳ן גאַנצן עסק. צו וואָס האָט מיר געפעלט אַמעריקע? אָבער כאַפּן צוריק האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געקענט.

צו מיין מוטער האָב איך געשריבן, אַז מיר איז דאָ וואויל ווי די וועלט. איך האָב זיך פּשוט געשעמט איר דערציילן דעם אמת. האָב איך געשטיקט די צרות אין מיין האַרצן. פֿאַרדינט האָב איך זייער ווייניק, און האָב זיך בשום אופן ניט געקאָנט צוגעוואוינען צום שאַפּ. אַזוי האָב איך זיך אָפּגעפּלאָגט זעקס מאָנאַטן צייט.

העלפט גאָט און מיין אָנקל מיט דער פאַמיליע מופן אַרויס פון ניו־יאָרק און באַזעצן זיך אין פילאַדעלפיע. מיך האָט מען באַזאָרגט מיט לאָזשי און באָארד ביי אַ מיסיס, און מיין לאַגע איז נאָך ערגער געוואָרן. איך האָב געצאָלט דריי דאָלאַר אַ וואָך פאַר עסן. מיין מיסיס איז געווען אַן אָרימע אַלמנה מיט קינדער און האָט געמאַכט אַ לעבן פון באָרדערס. איז זי געווען שפּאָרזאַם, פלעגט קויפן די ביליקסטע פליישן און אירע קעסט האָט מיר פאַרשאַדט. בין איך נאָך צו אַלע זיבן גליקן קראַנק געוואָרן און געדאַרפט גיין צו דער ארבעט קראַנקערהייט, איז מיר געווען גענוג ביטער און פינסטער.

איינמאָל, אין אַ זונטיק, בין איך געקומען וויזיטן אַ לאַנדספרוי און איך דערצייל איר וואָס מיט מיר איז און גיס פאַר איר אויס מיין ביטער האַרץ. פון גרויס קלעמעניש האָב איך זיך שטאַרק צעוויינט. די לאַנדספרוי האָט מיך באַרואיקט און געזאָגט: „ווייסטו גאָר וואָס? איך האָב פאַר דיר אַ באָי, האָב מיט אים חתונה וועסטו פּטור ווערן פון דער מיסיס און פון שאַפּ און אַ סוף צו די צרות“. דער פּלאַן איז מיר געפעלן געווען.

דער באָי איז געווען עלטער פאַר מיר מיט ניין יאָר, אָבער די לאַנדספרוי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער איז אַן אָרענטלעכער און אנשטענדיקער יונגערמאַן, אַ גוטער און אַ שטילער, און וואָס דאַרף מען מער?

נעקסטן זונטאג האָבן מיר זיך באַגעגנט טאַקע ביי דער לאַנדספרוי אין הויז, און איך בין אים געפעלן געוואָרן. ווען איך זאָל זאָגן, אז איך האָב זיך אין אים פאַרליבט, וואָלט עס פּשוט געווען אַ ליגן,

אָבער אַזוי ווי עס איז מיר געווען זייער שלעכט, האָב איך באַשלאָסן חתונה האָבן, אַבי אַן ענדע זאָל עס נעמען צו די צרות.

האָב איך צוגעשטימט צום שידוך, בין טאַקע גלייך אַ כלה געוואָרן און מיט צוויי מאָנאַטן שפּעטער האָב איך חתונה געהאַט. אָבער אנשטאט מאַכן זיך בעסער, איז נאָך מיין לאַגע ערגער געוואָרן.

מיין מאַן איז געווען אַן אַרבעטער און האָט פאַרדינט צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך. אין יענע יאָרן איז דאָס געווען גרויסע ווידזשעס און איך וואָלט געקאָנט לעבן אַ גליקלעך לעבן, איז אָבער געווען אַ צרה: מיין מאַן האָט געהאַט שלעכטע חברים, און ווי נאָר ער פלעגט קריגן די „פּיידע", פלעגן זיי אים אָוועקשלעפּן אין געמבלינג הייזער און ער פלעגט אַהיימקומען אָן אַ פּעני.

געוויינלעך האָבן מיר זיך אַרומגעקריגט, און יעדעס מאָל פלעגט ער מיך בעטן און צוזאָגן, אַז מער וועט עס שוין ניט געשען. אָבער אַ נעכטיקער טאָג. ער איז אַלץ געגאַנגען אין די זעלבע דרכים, און ווען ער פלעגט זיינע פאַרדינסטן פאַרשפּילן, פלעגט ער גאָר אַהיים קומען פאַרטאָג.

דערווייל בין איך מיט מזל אַ מוטער געוואָרן פון אַ שיין מיידעלע. איך בין דאַמאָלט זיבעצן יאָר אַלט געווען. איך האָב געדענקט, אַז צוליבן קינד וועט ער ענדערן זיין מיאוס'ע געוויינהייט און וועט ווערן אַ לייטישער מענטש, אָבער די בייבי און די פאָטערליבע האָבן אים אויך ניט אָפּגעהאַלטן פון זיין אַרומשלעפּן זיך און געמבלען. דאָ איז מיר שוין געווען ביטער און פינסטער, אַ סך ערגער ווי פריער.

מען דאַרף דאָך עסן, מען דאַרף דאָך לעבן, האָב איך שוין אָנגעבאָרגט, ווי מען זאָגט, ביי דער זון און ביי דער לבנה און קיינער וויל שוין מער נישט באָרגן. דערציילן עמיצן האָב איך זיך געשעמט, האָב איך געליטן און געשוויגן.

און דאָ קומט דאָס ערגסטע: מיין בייבי איז הונגעריק און איך האָב ניט פאַרוואָס צו קויפן אַ באָטל מילך. פאַלט מיר איין

אַן אידייע צו נעמען זיך דאָס לעבן און זאָל זיין אַ סוף, קוק איך אָבער אויף מיין עופה'לע און מיין האַרץ דערלאָזט מיך ניט איבערצולאָזן דאָס קליין אומשולדיק נפש'ל אויף הפקר. בין איך געפאַלן אויף אַן אַנדערן פּלאַן. איך בין אַרונטער צו אַ שכנה, געקראָגן לייען אַ קוואָדער און אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו מיין אָנקל אין פילאַדעלפיע, אַז ער זאָל גלייך קומען, ווען ניט, וועט ער מיך טרעפן אַ טויטע. דער אָנקל איז געקומען, זיך אַריינגעכאַפּט אין מיין הויז ניט טויט ניט לעבעדיק און טרעפנדיק מיך און דאָס קינד טויט הונגעריקע, האָט ער די ערשטע זאַך מיר געגעבן פינף דאָלאַר איך זאָל אַרויפּבריינגען שפּייז פאַר מיר און פאַר דער ביי-בי. און ווען איך האָב אים דערציילט וואָס ביי מיר גייט אָן, האָט ער מיך געטרייסט, אַז איך זאָל ניט זאָרגן און ער וועט שוין עפּעס טאָן פאַר מיר.

ביים סאַפּער איז מיין מאַן אָנגעקומען, און ווען דער אָנקל האָט זיך צו אים גענומען, האָט ער זיך צעוויינט און געבעטן אַז ער, דער אָנקל, זאָל אונז אַריבערנעמען קיין פילאַדעלפיע, און ווען ער וועט זיין ווייט אַוועק פון זיינע חברים, וועט ער זיין אַ געטרייער מאַן און פאָטער צו מיר און אונזער קינד.

דער אָנקל האָט אונז איבערגעלאָזט געלט אויף רייזע קאָסטן און אָנגעזאָגט, אַז אַזוי שנעל ווי מעגלעך זאָלן מיר זיך אַריבערקלייבן קיין פילאַדעלפיע.

מיינע בעלי־חובות האָבן זיך דערוואוסט, אַז מיר גייען מופן, זיינען זיי אונז באַפאַלן און האָבן צעשלעפּט אונזער ביסל אָרעמקייט אין איין שטונדע צייט. איך בין געשטאַנען, צוגעקוקט און געוויינט.

וואָס אַנדערש האָב איך געקאָנט טאָן?

די לעצטע איז געקומען אַ יידענע פון אַ פּרוכט סטאָר, וועמען איך בין שולדיק געווען צוויי דאָלאַר. זי האָט שוין כמעט ניט געהאַט וואָס צו נעמען, האָט זי גענומען שרייען, שעלטן און זידלען, אַז איך האָב געפרעסן איר בלוט. איך האָב זיך גענומען בעטן ביי איר, אַז איך וועל איר אָפּשיקן די צוויי דאָלאַר פון פילאַדעלפיע,

אָבער זי וויל ניט וויסן. האָט זי דערזען קוירטנס אויף צוויי פּענס־טער אין דייניגג רום און אין קיטשן איז געשטאַנען אַ געז אויוועלע און אַ לאָקשן ברעט, האָט זי ערקלערט, אַז איך זאָל עס איר אַוועקגעבן. איך האָב זיך גענומען ביי איר בעטן: „נעמט אייך דאָס געז־אויוועלע און דאָס לאָקשן ברעט, אָבער לאָזט מיר איבער די קוירטנס". זי האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט צו מיין געבעט, צו־געכאַפּט די קוירטנס, דאָס אויוועלע מיטן לאָקשן־ברעט און אַנט־לאָפן. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי איך האָב דאַמאָלט געפילט.

מיר זיינען ענדלעך געקומען אין פילאַדעלפיע. מיין מאַן האָט באַלד געקראָגן אַ דזשאָב ביי זיין טרייד. מיר האָבן גענומען רומס, און ער איז ווירקלעך געוואָרן אַן אַנדערער מענטש. זיינע ווידזשעס האָט ער מיר אַוועקגעגעבן ביז דער לעצטער פּעני און איך בין געוואָרן איינע פון די גליקלעכסטע פרויען אין דער וועלט.

מיר האָבן געוואוינט אין פילאַדעלפיע פינף יאָר, און נאָכדעם האָבן מיר צוריק געמופט אין ניו יאָרק און זיך באַזעצט אין ברוק־לין, און ביים היינטיקן טאָג בין איך, געלויבט גאָט, אַ קעניגין.

# אַרעסטירט מיט פּסח׳דיקע כלים

די געשיכטע האָט מיר דערציילט מיינע אַ לאַנדספרוי:

איך בין געקומען מיט מיין מאַן קיין אַמעריקע פון אַ קליין שטעטל אין גאַליציע. איך בין פון דער היים פון זייער אַ פרומע פאַמיליע, און ביזן היינטיקן טאָג היט איך אָפּ שבת און אַלע יידישע דינים און מנהגים ווי איך האָב געזען ביי מיין מאַמען. צו אַכצן יאָר האָט מען מיך חתונה געמאַכט מיט אַ ישיבה־בחור. אָבער אַזוי ווי קיין אויסזיכטן אויף אַ פּרנסה האָט ער נישט געהאַט, האָבן מיינע עלטערן באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, וואו איך האָב געהאַט צוויי פאַרהייראַטע שוועסטער. מיין פאָטער האָט דערלאַנגט דעם נדן און אַ וואָך נאָך אונזער חתונה זיינען מיר אַוועקגעפאָרן אויף אונזער „האַנימון" קיין אַמעריקע.

געקומען בשלום אין ניו־יאָרק, האָט מיינע אַ שוועסטער אונז אַרונטערגענומען פון שיף. אַ וואָך צייט זיינען מיר געווען ביי איר אין ברוקלין און זיך אויסגערוט פון דער רייזע. איינמאָל איז אונז גע־קומען אַ קאָזין באַזוכן מיין מאַן און אין איין וועגס אונז פאַר־בעטן קומען צו זיין טאָכטערס חתונה. מיר האָבן אים באַדאַנקט פאַר דער איינלאַדונג, אָבער דערקלערט, אַז מיר קאָנען נישט קומען צו דער שמחה, ווייל מיר טראָגן היימישע מלבושים. האָט ער אונז פאַרזיכערט, אַז מיר קענען קומען אין די גרינע קליידער, ווייל דאָס וועט זיין אַ פּריוואַטע חתונה ביי אים אין דער היים.

דאָס איז געווען ווינטער־צייט. עס האָט שטאַרק געשנייט. פאָרן מיר צו דער חתונה. דער קאָזין האָט געוואוינט אין אַ קריסט־לעכן געגנט. ווי נאָר מיר זיינען אַרונטער פון קאַר און זיך גענומען פרעגן ביי אײנגלעך אויפן קאָזינס אַדרעס, האָט מען אונז גענומען

באַמבאַרדירן מיט סנאָו־באָלס, און נישט מיט סתם סנאָו־באָלס, נאָר מיט שטיקער געפרוירן אײַז. אַזאַ באָל האָט געטראָפן מײַן מאַן אין קאָפּ, איז ער געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און אַזוי ווי דאָרט איז געשטאַנען אַ ליידיקע הילצערנע באַרל, האָט מײַן מאַן געכאַפּט די באַרל, אַ זעץ געטאָן אָן דער ערד און זי איז צעפאַלן געוואָרן. האָט ער גענומען אַ קלעפּקע און זיך געלאָזט לויפן נאָך די לאָופערס. זיי זײַנען אָבער געווען סך, האָבן זיי בײַ אים די „וואָפן" צוגענומען, און אים גענומען קלאַפּן. ער איז אומגעפאַלן אויפן סיידוואָק און די אינגלעך האָבן אים גוט צעבוכטשעט.

וואָס האָב איך געקענט טאָן? כ'האָב געשריגן: „אַ שלאַק נאַ טיעבע, שאָב נאַ טיעבע כאָליעראַ נאַפּאַלאַ" אויף אונזער היימישן גוי'איש און דאַן האָט מען אים אָפּגעלאָזט.

מיר זײַנען אַרײַן צום קאָזין אין הויז, איז זיי דאָרט פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מײַן מאַן איז געווען אויסגעשמירט פון קאָפּ ביז די פיס. און זיי האָבן זיך אַלע צעשראָקן. מיר האָבן זיי דער־ציילט וואָס פאַר אַ חתונה די לאָופערס האָבן אונז אָפּגעשפּילט, אָבער פאַרפאַלן.

דער קאָזין האָט מײַן מאַן פאַרפּוצט אין זײַנעם אַ סוט, ער זאָל אויסזען אַביסל לייטישער. איז אָבער דער קאָזין געווען אַ הויכער און מײַן מאַן — אַ קליין־געוויקסיקער, האָט ער אויסגעזען זייער קאָמיש אין פרעמדן אָנצוג. עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויס פאַר־געניגן האָבן מיר שוין פון דער חתונה נישט געהאַט.

מײַן מאַן, ווי שוין געזאָגט, איז געווען אַ ישיבה־בחור. קיין טרייד אין האַנט האָט ער נישט געהאַט. האָט ער געטאָן פאַרשידענע אַרבעטן און מיר האָבן געמאַכט זייער אַן אָרעם לעבן. עס זײַנען אַוועק אַ פּאָר יאָר, מיר האָבן שוין געהאַט צוויי קינדערלעך, זאָלן לעבן, אַ באָי מיט אַ מיידל, און מיר האָבן זיך זייער געפּלאָגט. עס זײַנען געווען צייטן וואָס מיר האָבן פּשוט געהונגערט.

איז מײַן מאַן געפאַלן אויף אַ פּלאַן: אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַן אָנקל אין דענבורי, קאָנעטיקוט, האָט ער צו אים אַוועקגעשיקט

אַ קלאָג־לעטער, און יענער האָט געענטפערט, אַז ער זאָל קומען צו אים, וועט ער עפּעס טאָן פאַר אונז. מיין מאַן איז גלייך אַוועק־געפאָרן אַהין און געקראָגן אַרבעט אין אַ העט־פעקטאָרי. איז דאָרט אָפּגעווען צוויי מאָנאַטן צייט, האָט זיך איינגעפּיקסט אַ היים און אַריבערגענומען מיך מיט די קינדער.

עס איז געווען פאַר פּסח. אונזער דירה איז געווען ביי אַ טייך. אַזוי ווי איך האָב איינגעקויפט נייע געשיר אויף פּסח, האָב איך געבעטן מיין מאַן ער זאָל זיי גיין טובל'ען. איז ער אַוועק מיט אַ קעסטל געשיר צום טייך און אונזערס אַ אינגעלע איז מיט אים מיטגעגאַנגען.

בערך אין אַ פערטל שעה אַרום קומט צולויפן דאָס קינד אַ צעשראָקענער און שרייט: „מאַמע דהעי אַרעסטעד פּאַפּאַ וויטה דהי דישעס". וואָס אַזוינס האָט פּאַסירט?

עס איז דעמאָלט געווען מלחמה־צייט, האָבן סאָלדאַטן, אַפּנים, באַוואַכט די וואַסערן, און ווען זיי האָבן געזען ווי מיין מאַן טונקט די כלים, האָבן זיי מסתמא געמיינט אַז ער לייגט אונטער אַ מינע אָדער אַ באָמבע, איז פּלוצלונג אַזוי ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסן אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס אין האַנט, אַ קאָמאַנדעווע געטאָן: הענדס אָפּ!" און צוגענומען מיין מאַן צוזאַמען מיט די פּסח'דיקע כלים אין פּאָליס סטיישאָן. מיין מאַן האָט געפּרוּווט אים דערקלערן, אַז דאָס איז אַ יידישער מנהג צו טובל'ען כלים, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן.

צוויי טעג איז מיין מאַן געווען אַרעסטירט. מען האָט געמוזט ברענגען רבנים, וועלכע האָבן באַשטעטיקט אַז טובל'ען כלים איז אַ יידישער דין, און ערשט דעמאָלט האָט מען באַפרייט מיין מאַן.

# אַ סצענע אין פּאַרק

דאָס איז געווען אַ שבת נאָכמיטאָג. איך בין געגאַנגען אויס־פּאָרשן אַ קעיס פאַרן יידישן קאָורט. צוריקוועגס האָב איך באַ־שלאָסן איינצושפּאָרן אַביסל וועג און בין געגאַנגען דורכן פּאַרק, ווייל אַזוינאָך איז דער וועג קירצער.

איך וואוין טאַקע אין יענער געגנט, נאָר אין פּאַרק פלעג איך גיין זייער זעלטן. גייענדיק אַזוי, האָב איך פלוצלינג דערהערט געוואַלדן. אין אָנהייב האָב איך געמיינט, אַז עס האָט עפּעס פּאַ־סירט, אַ האָלדאָפּ אָדער אַזוי אַן אומגליק. ערשט איך זע, אַז די געוואַלדן קומען פון אַ רעדל מענטשן, וואָס שטייט אַרום אַ מאַן, וועלכער האַלט אַ רעדע. ער רעדט און זיי שרייען. איינער באַמיט זיך איבערצושרייען דעם אַנדערן. איך בין געוואָרן פאַראינטע־רעסירט און בין צוגעגאַנגען צום רעדל.

עס האָט דאָרט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אויף אַ זייף־קעסטל, איבער וועלכן עס האָט געהאַנגען די אַמעריקאַנער פאָן, איז גע־שטאַנען אַ מאַן און גערעדט. עס איז גענוג געווען צו הערן אים עטלעכע ווערטער ווי מען האָט באַלד געקאָנט דערקענען, אַז מען האָט פאַר זיך אַ פאַרברענטן קאָמוניסט. מילא, כל זמן ער האָט אויסגערעדט אַלדאָס בייז אויף דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און אָפּגעלויבט סאָוועט־רוסלאַנד, האָט עס מיך נישט געאַרט, אָבער פלוצלינג האָט ער זיך גאָר פאַרדרייט אויף אַן אַנדערער ליניע. ער האָט גענומען אָפּלאַכן ווי יידן שטייען און שאָקלען זיך ביים דאַ־ווענען, דערנאָך האָט ער זיך גענומען פּאַטשן אין הינטערשטן טייל קערפּער און אויסגעשריגן „אָט אַזוי שלאָגט איר זיך, יידעלעך, מלקות״. אָט דאָס האָט מיר שוין אַ ברען געטאָן, אַ ייד זאָל שטיין

פּאַר אַ גאַס מענטשן און אָפּלאַכן פון ייִדישקייט. דאָס האָט מיר אַזוי ווי געטאָן, אַז איך האָב באַשלאָסן, אַז איך טאָר אים נישט שווייגן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן ביז ער וועט ענדיקן און דאַן וועל איך זיך מיט אים דורכשמועסן, אָבער ער האָט ווײַ־טער געהאַלטן אין איין ריידן. דערווייל איז זיך פאַרבייגע־גאַנגען אַ קליין מאָגער יידל, און אַזוי ווי ער האָט דערהערט ווי דער רעדנער זאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט, האָט ער גענומען שעלטן דעם רעדנער מיט די ביטערסטע קללות און אויסגערופן „דו אויסוואורף וואָס דו ביסט, דו האָסט געדאַרפט אויסרינען ביי דיין מאַמען אין בויך. אָ, מען קען דיך, דו ביסט דאָך שוין געזעסן אין פּריזאָן. הלוואַי, גאָטעניו, באַווייזסטו אַ נס, און עפּנסט אויף די ערד, אַז ער זאָל איינגעזונקען ווערן ווי קורח מיט זיין באַנדע". ווען דער עולם האָט דערהערט די קללות, האָט ער גענומען שרייען „בראַוואָ", „הוראַ".

איך האָב געטראַכט, אַז באַלד וועט דאָ ווערן פרייליד. איך בין געווען זיכער, אַז דער רעדנער וועט נישט שווייגן דעם יידן, און וועט זיך מסתמא וואַרפן אויף אים שלאָגן, נו, וועט דאָך דער עולם אויך נישט שלאָפן, און עס וועט ווערן דאָס אמת'ע פּעקל.

אָבער דער רעדנער האָט זיך נישט גערירט. איך האָב אים גוט אָנגעקוקט. דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק. ער איז געווען פאַרברענט פון דער זון. קענטיק, אַז ער האָט זיך ליב און עס גייט אים גאַנץ גוט אויף דער וועלט, נאָר ער האָט פּשוט הנאה זיך צו קריגן מיט פרומע יידן.

קוים האָט דאָס דאַרע יידל אויפגעהערט זיינע קללות, און זיך אָפּגעטראָגן, ווייל ער האָט אַ פּנים מורא געהאַט פאַר קלעפּ פון דעם רעדנער, איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן אַן אַלטע יידישע פרוי און זי האָט געעפנט איר מענה לשון:

— איך וועל דיך בענטשן מיט אַ נייע, סטיילישע קללה, ווייל יענע אַלע קללות זיינען שוין אַלטמאָדישע — האָט זי אויסגערופן,

— זיי זיינען שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע, און ווער ווייסט צי דער רבונו של עולם פּראַקטיצירט זיי נאָך. ווינטש איך דיר, אַז דו זאָלסט וואַקסן ווי אַ ציבעלע מיטן קאָפּ אין דער ערד און מיט די פיס אין דרויסן. עס זאָל די יידישע שונאים אַרויסוואַרפן און דיך זאָל עס אַריינוואַרפן.

דער עולם האָט דערהערט די פריש־געבאַקענע קללות, האָט ער זיך צעלאַכט. מען האָט זיך פּשוט געהאַלטן ביי די זייטן פאַר געלעכטער. אַ ייד, וואָס איז געזעסן נעבן מיר, האָט מיר דער־ציילט, אַז דער רעדנער האָט זיך געמאַכט אַ מאָדע, אַז יעדן שבת נאָכמיטאָג קומט ער אַהער אין פּאַרק און עס שפּילן זיך אָפּ ענלעכע סצענעס. דער רעדנער רעדט, אַ רעדל מענטשן שטייט אַרום. ער שפּעט אָפּ פון יידישקייט, מען שעלט אים און מען לאַכט אים אויס. מיט איין וואָרט, מען אַמוזירט זיך.

— איך וואָלט געוואָלט אַ בעלנית זיך צו באַקענען מיט דעם רעדנער — זאָג איך צו דעם ייד.

גיט מיך דער ייד אַ קוק אָן און זאָגט צו מיר:

— מיסעס, זוכט זיך נישט קיין צרות. איר וועט נאָר ווערן פון אים באַליידיקט.

— נו — ענטפער איך צוריק דעם ייד — זעט איר, איך וועל אייך ווייזן, אַז ער וועט מיך נישט באַליידיקן, נאָר ריידן צו מיר ווי אַ מענטש.

— אַז איר זענט אַזוי זיכער — ענטפערט צוריק דער ייד — בין איך טאַקע נייגעריק צו זען, אָט וועל איך אים צורופן, און מיר וועלן זען ווער עס איז גערעכט.

דער רעדנער האָט אינצווישן אָפּגערעדט און דאָס רעדל מענטשן האָט זיך גענומען פאַנאַנדערגיין, רופט זיך אָן דער ייד צום רעדנער:

— אָט די פרוי וויל צו אייך ריידן.

אַ פּנים, אַז איך בין אים געפעלן באַלד אויפן ערשטן קוק, אַזוי, אַז ער האָט געגעבן אַ שמייכל און געזאָגט:

— מיט פאַרגעניגן. וואָס איז, איר ווילט זיך אויך קריגן מיט מיר. אָלרייט!

— ניין איך וויל זיך מיט אייך נישט קריגן — האָב איך געענטפערט — נאָר איך וויל זיך מיט אייך דורכריידן ווי אַ מענטש. איך בין אַ שטיקל שרייבערין, איך שרייב איצט אַ בוך אין וועלכן איך באַשרייב פאַרשידענע טיפּן מענטשן, איז פאַר מיר אינטערעסאַנט צו ריידן מיט אַזאַ מענטש ווי איר זענט.

— אַזוי גאָר, איר זענט אַ שרייבערין? — האָט ער מיך גענומען אָנקוקן נאָך מער פאַרשעריש — זענט איר דאָך גאָר אַן אַנדערער מענטש — און ער קוקט שוין אויף מיר מיט מער רעספּעקט.

— זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך — האָב איך זיך גלייך צו אים געווענדט — ווער האָט אייך געדונגען אויפן טאָג, אַז איר זאָלט דאָ שטיין אין פּאַרק און מאַכן געוואַלדן און מאַכן חוזק פון ייִדישקייט. מילא, אויב איר ווילט זיך זיין אַ קאָמוניסט, איז דאָס אייער זאַך. אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה, אין אַמעריקע מעג מען נאָך, אַ דאַנק גאָט, האַלט פרייע רעדעס, רעדט איר וואָס איר ווילט און קיינער קאָן אייך גאָרנישט טאָן. אָבער וואָס איז דער שכל, וואָס איר לאַכט אָפּ פון אונזער ייִדישן גלויבן? זעט איר, דאָס איז שוין נישט שיין פון אייך. עס האָט מיר פּשוט גענומען ווייטאָן ביים האַרצן ווען איך האָב געהערט ווי איר האָט חוזק געמאַכט ווי ייִדן שפּרינגען קדושה. הערט, מען זאָגט אַ ווערטל „עס איז בעסער צו האָבן צען גוטע פריינט ווי איין שונא". מיט אייערע רעדעס קעגן ייִדישקייט מאַכט איר זיך אָן נאָר שונאים. צו וואָס טוט איר דאָס?

— מיין אויפגאַבע איז אויסצוקעמפן אַ בעסערע וועלט — האָט דער קאָמוניסטישער רעדנער מיר געענטפערט — און איך וועל אַזוי לאַנג שרייען ביז מען וועט זיך צו מיר צוהערן.

געזען, אַז ער איז פאַר'עקשנ'ט, זאָג איך צו אים:

— וועדליק ווי איר זעט אויס, לויט אייער פּנים, איז נישט קענטיק, אַז אייך זאָל עפּעס פעלן אין אַמעריקע. עס וואָלט מיך נישט פאַרדראָסן ווען איינער, וואָס איז דאַר און שוואַך, אויסגע־מאָגערט און אויסגעבלייכט, שטייט דאָ און מאַכט געוואַלדן, אַז די אָרדענונג טויג נישט, ווייל ער האָט נעבעך גאַרנישט און ער שרייט פון ווייטאָג, אָבער איר האָט נישט קיין רעכט צו שרייען.

— דאָס שריי איך פאַר זיי, אָט די שוואַכע און דאַרע — ענטפערט ער מיר מיט חוזק — זיי האָבן דאָך נעבעך נישט קיין כּוח דערצו.

איך האָב זיך אַליין אויך צעלאַכט פון זיין וויץ.

— און וואָס איז אייער באַשעפטיגונג — פרעג איך — אויב מען מעג וויסן?

— איך בין אַ רייבער.

— איר מיינט, אַז איר רייבט אָן אַ וועלט — חכמ'ע איך זיך.

— ניין — ענטפערט ער — איך בין אַ רייבער, איך בין דאָס וואָס מען רופט אַ מאַסאַזשיסט — און ער נעמט אַרויס מיט שטאָלץ פון קעשענע אַ סערטיפיקאַט און ווייזט מיר — און מיין פרוי איז אַ נוירס. זי רייבט די ווייבער און איך רייב די מענער.

און ער הייבט זיך אָן באַרימען פאַר מיר, אַז ער איז אַן איב־טעליגענטער מענטש, ער קען עטלעכע שפּראַכן. ער באַהערשט דייטש, רוסיש, העברעאיש און ער נעמט צו מיר ריידן העברעאיש.

דערהערט אַז ער קען לשון־קודש, זאָג איך:

— איר האָט אַוודאי אַ פרומען טאַטן.

— יאָ, מיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער תּלמיד־חכם. ער איז שוין טויט.

— ווען ער שטייט איצט אויף תּחית המתים און הערט אייך ריידן, וואָלט ער זיכער נאָך אַמאָל געשטאָרבן — רוף איך זיך אָן — עס איז בעסער פאַר אים וואָס ער האָט עס נישט דערלעבט.

— אָ, זעט איר, דאָס איז שוין אַביסל באַליידיקט. אָבער איך וועל אייך זאָגן, איר האָט צו מיר אַביסל מזל און איך וועל אייך מוחל זיין.

— איז אייער פרוי אויך דאָ אין פּאַרק? — פרעג איך אים.

— יאָ. אָט וועל איך זי ברענגען צו אייך. איך וויל טאַקע, אַז איר זאָלט זיך מיט איר באַקענען. זי וועט אייך זיכער געפעלן...

ער לויפט אַוועק און אין עטלעכע מינוט אַרום האָט ער געבראַכט זיין פרוי. איך בין געווען איבעררעאַשט צו זען פאַר זיך אַ יונגע, שטילע, אינטעליגענטע פרוי. איך האָב באַלד דערקענט, אַז זי איז נישט קיין יידישע. קיין שיינע איז זי נישט געווען. זי האָט געטראָגן דיקע אויגן־גלעזער. זי איז קענטיק געווען שטאַרק קורצזיכטיק.

איך האָב זיך געוואונדערט ווי עס קומט, אַז אַזאַ שיינער יונגערמאַן זאָל נעמען אַזאַ נישט־שיינע פרוי אַלס ווייב. האָב איך שטילערהייט אַ פרעג געטאָן מיין שכן:

— זי איז טאַקע זיין פרוי?

— זי איז אַזוי זיין ווייב ווי מיינע — ענטפערט מיר דער ייד מיט אַ געלעכטער — ער לעבט מיט איר פרייע ליבע און זי אַרבעט פאַר אים ווי אַ פערד.

— פאַרוואָס לאָזט איר אים אַזוי שרייען? — האָב איך זיך געווענדט צו איר — עס געפעלט אייך וואָס ער שרייט אַזוי?

— ניין, עס געפעלט מיר נישט —ענטפערט זי — איך האָב שוין געענוג אַריינגערעדט אין אים, אָבער עס העלפט נישט. ער האָט אַ פּאָר געזונטע לונגען און ער שרייט. ער שרייט שוין אַזוי פאַר די לעצטע צוויי יאָר און קיינער קאָן אים נישט אָפּשטעלן. איך ליב אים צו שטאַרק און איך לאָז אים דעריבער שרייען. אָבער איך מוז אייך זאָגן דעם אמת, אַז איך קאָן דאָס נישט פאַרטראָגן

און ווען ער נעמט ריידן, גיי איך אַוועק אין דער אַנדערער זייט פּאַרק, אַז איך זאָל אים נישט הערן.

— אויב אַזוי — זאָג איך צום רעדנער — וואָלט איך אייך געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער, וועלכע איך בעט אייך צו נעמען גוט אין קאָפּ אַריין. אמת, אַז איר ווילט אויסקעמפן אַ בעסערע וועלט, אָבער איך בעט אייך, לאָזט אָפּ די יידישע רעליגיע. וואָס שאָדט אייך, אַז אַ פרומער ייד גלויבט אין גאָט און דאָס פאַר־שאַפט אים הנאה? איר ווילט נישט גלויבן אין גאָט, איז עס אייער זאַך. לויט מיין מיינונג איז אַ מענטש, וואָס האָט נישט קיין גלויבן, געגליכן צו אַ האָלץ, אָבער אויב איר ווילט נישט גלייבן, גלייבט נישט. איך ווייס, אַז דער ערגסטער משומד, קוים ווערט ער שטאַרק קראַנק, פאַרגעסט ער אין זיין גאַנצע פריידענקעריי און ער נעמט שרייען צו גאָט, אַז ער זאָל אים העלפן. פאַר מיינעטוועגן קענט איר אַוועקגיין אין אַ קלויסטער און זיך שמד'ן. דאָס יידישע פאָלק וועט אין אייך זייער ווייניק פאַרלירן. אָבער קוים וואָלט איר געווען אַ גוי, און איר וואָלט זיך אַוועקגעשטעלט אָפּלאַכן פון גויאישן גלויבן, וואָלטן אייך קיין צרות נישט געפעלט. מען וואָלט אייך זיכער געלינטשט. אַזוי אָבער ווי מיר ידן זיינען שוואַך, נוצט איר דאָס אויס. איך פרעג אייך, ווען אַ קריסט גייט דורך און זעט ווי איר מאַכט חוזק פון יידישקייט, מיינט איר, אַז דאָס וואָלט אונז צוגעגעבן כבוד?

דער קאָמוניסטישער רעדנער האָט מיך אויסגעהערט, אָבער גאָרנישט געענטפערט. איך גלויב קוים צי איך האָב אים באַווירקט תשובה צו טאָן, אָבער איך האָב געפילט, אַז מיין געוויסן איז ריין, איך האָב מיינס געטאָן אַרויפצופירן אַ זינדיקן ייד אויפן גלייכן וועג.

# טייער באַצאָלט פאַרן שלאָפן

די געשיכטע האָט מיר דערציילט אַ טרעוולינג סיילסמען.

— איך בין דעמאָלט געווען אַ סיילסמען. מיין פירמע האָט מיך געשיקט קיין פראָווידענס, ראוד איילאַנד, דאָרט צו קויפן וואָלענע סחורה. עס איז געווען ווינטער־צייט. דער טאָג איז געווען זייער אַ קאַלטער און עס האָט געשנייט. אָנגעקומען אין דער שטאָט בין איך אַרום 11 ביינאַכט. איך בין געווען זייער מיד און הונגעריק. איך האָב קודם כל גענומען זוכן אַ פּלאַץ וואו צו עסן, און איך האָב אַזאַ פּלאַץ געפונען. דערנאָך האָב איך זיך אין זעלבן פּלאַץ גענומען נאָכפרעגן אויף אַ האָטעל איבערצושלאָפן די נאַכט, ווייל צו מאָרגנס האָב איך שוין געהאַט אַן אַפּאָינטמענט מיטן באַטרעפנדן מאַן ביי וועמען איך האָב געוואָלט קויפן וואָלענע סחורה פאַר מיין פירמע און באַלד דערנאָך וואָלט איך צוריקגעפאָרן קיין ניו יאָרק. מען האָט מיר געגעבן די אַדרעסן פון עטלעכע קליינע האָטעלן און מיר געזאָגט, אַז איך זאָל נישט פאַרלירן קיין צייט און באַלד צוגיין נאָכפרעגן וועגן אַ פּלאַץ, ווייל, ערשטנס, איז שוין זייער שפּעט און די האָטעלעכלעך שליסן זיך, צווייטנס, איז איצט זייער שווער צו קריגן אַ רום אין אַ האָטעל, ווייל אַלע האָטעלן זיינען איבערגעפּאַקט.

איך האָב גענומען גיין לויט דעם צעטל פון די אָנגעשריבענע אַדרעסן, אָבער צו וועלכן האָטעל איך בין צוגעקומען, האָב איך באַקומען דעם זעלבן ענטפער „סאָרי, נישטאָ קיין רום“.

עס איז שוין געווען 12 ביינאַכט, און איך האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין רום און אויף דער ליסטע מיט די אַדרעסן איז מיר נאָך געהאַט געבליבן איין אַדרעס פון אַ קליינעם האָטעל. איך האָב געבעטן גאָט, אַז עס זאָל געשען אַ נס און דאָרט זאָל כאָטש זיין אַ צימער.

ווען כ׳בין צוגעקומען צום האָטעל, האָב איך געטראָפן דאָרט זיצן אין אָפיס אַ שיינע סימפּאַטישע פרוי, אַ פראַנצויזקע. איך האָב איר דערציילט דעם אמת, אז איך בין שוין געווען אין אַ סך האָ־טעלעכלעך און אומעטום נישט געהאַט קיין מזל. איך האָב צו איר אַפּעלירט, אַז איך בין זייער מיד, און געבעטן, אַז זי זאָל אויף מיר פשוט האָבן רחמנות און מיר פאָרט געבן ביי זיך אַ רום וואו איבערצושלאָפן די נאַכט.

איר ענטפער איז געווען, אַז לײדער קאָן זי זיך גאָרנישט העלפן. זי גייט טאַקע אַריין אין מיין שלעכטער לאַגע, אָבער צו איר גרויס באַדויערן קאָן זי פאַר מיר גאָרנישט טאָן, ווייל אַלע רומס זיינען פאַר־נומען.

איר ענטפער האָט מיר דערלאַנגט אַזוי ווי מיט אַ האַק איבערן קאָפּ. ווען זי האָט געזען ווי דערשלאָגן איך בין געוואָרן פון איר ענטפער, האָט זי גענומען אַביסל נאָכטראַכטן און דאַן זאָגט זי צו מיר:

— אויב איר ווילט שלאָפן מיט נאָך אַ מאַן אין איין רום, גלויב איך, אַז דאָס וועט זיך לאָזן מאַכן. נאָר וואָס האָט אַ מאַן אָפּ סטיערז מיר באַצאָלט 6 דאָלאַר פאַר אַ רום. אין דער רום שטייען צוויי בעטן. איך וועל אַרויפגיין אים פרעגן, און אויב ער וועט דערלויבן, וועט איר זיך קאָנען לייגן אין צווייטן בעט.

זי האָט מיך געלאָזט וואַרטן און אַליין איז זי אַרויף אָפּ סטעירז. איך בין געבליבן שטיין און גענומען טראַכטן וואָס איך זאָל טאָן. דאָס איז מיין איינציקע אויסזיכט, אַז איך זאָל די נאַכט ליגן אין אַ בעט און זיך אויסרוען. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָב איך מורא געהאַט צו בלייבן מיט נאָך אַ מאַן, אַ פרעמדן דערצו, אַליין אין אַ צימער, ווייל איך האָב מיט זיך געהאַט 2,000 דאָלאַר אין מזומן.

ווי איך שטיי אַזוי און טראַכט, קומט צוריק אַראָפּ די פראַנצויז־קע און זאָגט מיר אָן די גוטע בשורה, אַז זי האָט געפרעגט דעם מאַן און ער איז מסכים מיך צו לאָזן איבערשלאָפן אין צווייטן בעט. איך

האָב איך באַצאָלט דריי דאָלאַר און גענומען אַרויפגיין צו מיין רום. די פראַנצויזקע ערקלערט מיר, אַז זי גייט מיט, ווייל זי וועט מיך פאַרשטעלן פאַר דעם מאַן. זי האָט אַזוי געטאָן, דערנאָך האָט זי מיר געוואונטשן, אַז איך זאָל האָבן אָנגענעמע חלומות און האָט מיך איבערגעלאָזט מיט דעם מאַן אין רום.

דער מאַן איז געלעגן אויף זיין בעט אין די קליידער און די שיך און געלייענט עפּעס אַ צעקנייטשטע ציייטונג. ער איז מיר נישט צו שטאַרק געפעלן. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַ שטיקל צעדרייטער, אָבער אין דער זעלבער צייט האָב איך מיר געטראַכט, וואָס אַרט עס מיך, און, ווידער, וואָס קאָן איך מיר אונטער די אומ־שטענדן אויסקלייבן. איך האָב זיך אַרומגעוואַשן, אויסגעטאָן און זיך געלייגט שלאָפן. דאָס געלט האָב איך געהאַלטן אין מיין דזשעקעט, אין אַ געהיימען פּאַקעט, וואו עס וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן אפילו צו זוכן.

אַז איך בין שוין אַביסל געלעגן אין בעט, דרייט זיך אויס דער מאַן צו מיר און פרעגט מיך וואָס איך טו דאָ אין פּראָווידענס. איך האָב באַלד באַשלאָסן אים נישט צו זאָגן דעם אמת כדי נישט צו ציען אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט, און איך האָב אים גע־זאָגט, אַז איך פאָר פון ניו יאָרק צו מיין משפחה אין אַ ווייטער־דיקער שטאָט, און אַזוי ווי דאָרט אַהין האָב איך ערשט מאָרגן אין דער פרי אַ טרעין, דעריבער האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין פּראָווידענס און וויל דאָ בלויז איבערנעכטיקן.

— און וואָס טוט איר דאָ? — פרעג איך דעם מאַן.

ענטפערט ער מיר:

— ווי דו קוקסט מיך אָן, בין איך אַ שרייבער און פון צייט צו צייט ווער איך אַביסעלע משוגע, גיי אַוועק פון ווייב און קינדער אויף עטלעכע וואָכן און דערנאָך פאָר איך צוריק אַהיים. מיין ווייב קען מיך שוין און זי זוכט מיך אפילו נישט ווען זי זעט מיך נישט אַהיימקומען. זי ווייס, אַז איך דאַרף דאָס האָבן. אַנדערש קען איך

נישט שרייבן. אָבער אויב איך באַפריי מיך אַביסל פון דער שטוב און קום דערנאָך צוריק, קען איך שרייבן.

אויב פריער איז מיר דער פּאַרשוין נישט געפעלן, האָב איך איצט פשוט אָנגעהויבן פאַר אים מורא צו האָבן. ערשטנס, האָב איך ביי מיר אַזויפיל געלט, און, צווייטנס, איז דאָך דער פּאַר־שוין, קענטיק, גלאַט אַ צעדרייטער. וואָס ווייס איך, וואָס ער קאָן אָפּטאָן אין מיטן דער נאַכט? ער קאָן דאָך מיר נאָך דער׳הרג׳ענען! אַזוי טראַכטנדיק האָב איך באַשלאָסן, אַז בלייבן שלאָפן טאָר איך זיכער נישט. איך האָב באַשלאָסן זיך אָנצוטאָן, און אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן.

אַז דער שרייבער האָט געזען ווי איך נעם זיך אָנטאָן, פרעגט ער:

— איר ווילט נישט שלאָפן? איר טוט זיך גאָר אָן! איר ווילט אַוועקגיין?

— יאָ, איך מוז אַביסל אַרויסגיין. איך האָב אַ שרעקלעכן קאָפּ־ווייטאָג — ענטפער איך — און איך קאָן אין אַזאַ צושטאַנד נישט איינשלאָפן. איך וועל זיך דערייבער אַביסל איבערגיין, אפשר וועל איך ערגעץ וואו קריגן אַ הייסע קאַפע, וועט מיר ווערן לייכטער דער קאָפּ־ווייטאָג, וועל איך דערנאָך קאָנען שלאָפן.

— וואָס פעלט דיר איין? — זאָגט דער פּאַרשוין צו מיר, — און קוקט מיך אָן ווי איך וואָלט געווען אַ משוגענער — דו מיינסט דו ביזט אין ניו יאָרק? דאָ איז אַ קליינע שטאָט און אַלץ שלאָפט שוין איצט.

איך הער אים אָבער נישט און טו זיך ווייטער אָן.

— נו, וועל איך אַראָפּגיין אין דער לאָבי און זיך דאָרט אי־בערגיין, אפשר וועט מיר ווערן לייכטער אויפן קאָפּ־ווייטאג, אַז איך זאָל קאָנען גיין שלאָפן — פּרוב איך זיך אַרויסדרייען.

דער מאַן קוקט מיך אָן מאָדנע און קוועטשט מיט די פּלייצעס, ווי איינער זאָגט „פריש און געזונט און משוגע".

איך האָב אָבער באַשלאָסן מיר גאָרנישט צו מאַכן דערפון, האָב זיך אָנגעטאָן און בין אַרויס פון צימער. אַראָפּגעקומען אין דער לאָבי, האָב איך דאָרט געטראָפן זיצן אַ באָי ביים דעסק און שרייבן. ער פרעגט מיך וואו איך גיי אין מיטן דער נאַכט, דערצייל איך אים דעם אמת וועגן דעם מאָדנעם פאַרשוין אין מיין צימער, אַז איך האָב מורא מיט אים צו בלייבן איבערנאַכט אין איין צימער. לאַכט הער באָי, אַז איך זאָל זיך נישט מאַכן נאַריש, דער פאַר־שוין וועט מיר גאָרנישט טאָן, נאָר אויב איך האָב מורא ווייל איך האָב ביי זיך געלט, זאָל איך עס אים געבן, וועט ער עס באַהאַלטן פאַר מיר. ס'איז גוט צו זאָגן אים געבן צו באַהאַלטן. ווער איז דער באָי ? פון וואַנען האָב איך וועלכע גאַראַנטיע, אַז ער וועט עס נישט צונעמען?

נעם איך זיך בעטן ביים באָי, אַז ער זאָל מיר לאָזן איבער־שלאָפן אויף דער קושעטקע אין דער לאָבי, אָבער ער ענטפערט מיר, אַז ער קאָן דאָס נישט טאָן פאַר קיין שום געלט, ווייל עס איז קעגן געזעץ, און פּאָליציי גייט אַרום ביינאַכט און קאָנטראָלירט די האָטעלס. טאָמער פּאַקט מען מיך שלאָפן אין דער לאָבי, איז ער פאַרלוירן, וויל ער נישט ריזיקירן.

פאַרפאַלן, נעם איך מיין וואַליזע און גיי אַרויס. אָבער וואו גייט מען איצט ? . נו, בין איך צוגעגאַנגען צו דער רעיל ראָוד סטיישאָן מיטן געדאַנק, אַז איך וועל דאָרט איבערזיצן די נאַכט. איך קום אַריין און זעץ זיך אַוועק אין געהאַקטע וואונדן. ערשט, עס נעמט מיך וואַרפן פון קעלט, אַ צאָן אָן אַ צאָן נעמט מיר קלאַפּן. הייב איך זיך דאָך אָן שרעקן, אַז איך זאָל נישט כאַפּן אַ ריכטיקע ניומאָניע, באַשליס איך שוין צוריקצוגיין אין האָטעל, און זאָל שוין זיין וואָס עס זאָל זיין.

צוריקגעקומען אין האָטעל, טרעף איך זיצן דעם בחור. דער־זען מיך, נעמט ער שמייכלען, און זאָגט צו מיר:

— זייט נישט קיין שרעקעוודיקער האָז און גייט אַרויף אין אייער רום און לייגט זיך שלאָפן.

און כדי מיר צוצוגעבן קוראַזש, אַז איך זאָל אַרויפגיין שלאָפן, דערציילט ער מיר, אַז ער האָט אַליין שוין געהאַט אַן ענלעכע דער־פאַרונג . ער איז געווען אויף דער אַנדערער זייט ים אין דער אַרמיי. זיי האָבן פאַרנומען אַ דייטשע שטאָט. די דייטשן האָבן דעמאָלט פיינט געהאַט די אַמעריקאַנער ווי סם. אים איז אויסגעקומען צו זיין איינ־קוואַרטירט ביי אַ דייטשע פאַמיליע, און וויסנדיק ווי פיינט די דייטשן האָבן די אַמעריקאַנער, פלעגט ער די ערשטע נעכט מורא האָבן צו שלאָפן. ער האָט איינפאַך די דייטשן נישט געטרויט, אַז זיי זאָלן אים נישט עפּעס אָפּטאָן ביינאַכט אין מיטן שלאָף. אָבער איינציק־ווייז האָט ער זיך צוגעוואוינט און ער פלעגט רואיק שלאָפן און עס איז אים טאָקע גאָרנישט געשען.

נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירה, האָב איך באַשלאָסן אים צו פאָלגן און אַרויפגיין צו זיך אין צימער. דעם מאַן, מיין שכן, האָב איך געטראָפן אַזוי ווי איך האָב אים איבערגעלאָזט ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען — נישט אויסגעטאָן און ליגן איבער דער צעקנייטש־טער ציישונג. ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיך געפרעגט צי איך פיל שוין בעסער, האָב איך אים געדאַנקט פאַר זיין פרעגן און געענטפערט, אַז איך פיל שוין אַ סך בעסער. איך האָב זיך גע־לייגט אין בעט, און אַזוי ווי איך בין דאָך געווען שרעקלעך מיד, בין איך באַלד איינגעשלאָפן ווי אַ דער׳הרג׳עטער.

אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין דער פרי, האָב איך באַלד באַמערקט, אַז דאָס צווייטע בעט איז ליידיק. דער מאַן איז שוין אין דעם רום נישט געווען. איך נעם זיך אָנטאָן, נעם זוכן מיין דזשע־קעט, וואו מיין געלט ליגט אין אַ פאַרבאַרגענעם פאַקעט, נישטאָ! עס איז מיר געוואָרן פינסטער אין די אויגן. דערווייל גיב איך אַ קוק, זע איך ווי אויף אַ נאָגל הענגט אַן אַלטער דזשעקעט. דאָס איז אַ פּנים דעם מאַנס דזשעקעט, וועלכן ער האָט איבערגעלאָזט, אָנטוענדיק מיינעם.

איך בין אַראָפּגעלאָפן אין אָפיס מיט אַ גוואַלד און דערציילט זיי וואָס עס איז געשען, ווי דער מאַן האָט מיר צוגענומען מיין דזשע־

קעט מיט 2000 דאָלאַר. אָבער שריי היינט, שריי מאָרגן, מער ווי מיטגעפיל האָט מען מיר נישט געקאָנט אויסדריקן. דער מאַן איז נישט געוועזן, און ווער ער איז געוועזן, האָבן זיי אויך נישט גע־וואוסט און פון וואַנען ער קומט און וואוהין ער איז אַוועק ווייסן זיי אויך נישט.

ביז היינט צו טאָג ווייס איך נישט צי דאָס איז געוועזן אַ שווינד־לער, וואָס האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז איך האָב עפּעס ווערטפּולעס און ער האָט ספּעציעל ביי מיר צוגענומען דעם דזשעקעט, אָדער עס איז סתם געוועזן אַ צעטראָגענע משוגע׳נע בריאה וואָס אין זיין צוטראָגנ־קייט האָט ער גענומען מיין דזשעקעט אָנשטאָט זיינעם, נישט וויסנ־דיק, אַז דורכדעם באַרויבט ער מיך פון מיינע צוויי טויזנט דאָלאַר.

אָבער וואָס איז דער אונטערשייד, איך האָב אים מער קיינמאָל נישט געזען, און אַזוי אויך נישט מיין דזשעקעט מיט די צוויי טויזנט דאָלאַר.

# ענדלעך איז איר געפעלן אַ מאַן

די געשיכטע האָט געטראָפן מיט מיר אין די מאָונטענס.

ווען איך בין לעצטן זומער געקומען מיט מיין מאַן אויף אַ פּאָר וואָכן וואַקיישאַן אין די מאָונטענס אין אַ שיינעם האָטעל, האָב איך דאָרט באַגעגנט אַן עלטער מיידל. זי האָט געדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר 40 און אפשר נאָך מער. פון דער נאַטור איז זי געווען זייער אַ פריילעכע. זי האָט ליב געהאַט צו פאַרפירן געשפּרעכן און האָט זיך מיט אַלעמען געוויצלט.

ווען איך האָב זיך נאָכגעפרעגט ביי די געסט ווער זי איז, האָט מען מיר געזאָגט, אַז זי איז אַ פאַרזעסן מיידל, איז אַליין אין ביזנעס פאַר זיך, קומט אַלע יאָר אַהער זוכן אַ מאַן, אָבער ביז איצט האָט זי נאָך קיינעם נישט געפונען.

מיר איז געווען אַ וואונדער וואָס אַזאַ פריילעך מיידל, מיט אַ גוואַלטיקן סענס אָוו יומאָר, און דערצו עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק, זאָל נישט קאָנען געפינען קיין פּאַסיקן מאַן, האָב איך גענומען זוכן אַ געלעגנהייט זיך מיט איר צו באַקענען, און נישט נאָר צו באַקע־נען, נאָר אויך געווינען איר צוטרוי, אַז איך זאָל קאָנען מיט איר אָפן ריידן.

איך האָב געהאַט דערפאָלג. נישט נאָר האָב איך זיך מיט איר באַקענט, נאָר איך האָב טאַקע אויך געוואונען איר צוטרוי. איינמאָל, ווען מיר האָבן זיך צערעדט, האָב איך איר אָפן געזאָגט:

— עס איז מיר אַ גרויס וואונדער אויף דיר, וואָס דו ביזט ביז היינט פאַרבליבן סינגל. דו קוקסט נישט אויס דער טיפּ וואָס וויל בלייבן אַ מויד. דו ביזט אַ שיינע, אַ פריילעכע, ביזט אַ ביזנעס לײדי. דעם איינציקן חסרון דיינעם, וואָס איך קאָן מערקן איז, וואָס

דו ביזט צו פעט. אָבער דאָס איז נישט אַזאַ זאַך, וואָס מען קאָן נישט ענדערן. ווען איך וואָלט געווען אויף דיין אָרט, וואָלט איך זיך באַמיט צו פאַרלירן וואָג. דעמאָלט וועסטו זיך ערשט קאָנען לייטיש דרעסן און אויסזען נאָך יונגער. און איך בין זיכער, אַז דעמאָלט וועט דיר זיין גאָר לייכט צו קריגן אַ מאַן, געוויינלעך אין דיינע יאָרן אָדער מיט אַ פּאָר יאָר עלטער.

ענטפערט זי מיר:

— זייער גוט, וואָס דו האָסט גערעדט צו מיר אַזוי אָפן, ווייל ווען איך האָב דיך געזען, האָב איך טאַקע געוואָלט מיט דיר ריידן. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביזט אַ סאָשל וואָירקער, אַז דו ביזט אַן אינווערסטיגייטאָר אין יידישן קאָורט, ווייל איך דיר דערציילן פאַרוואָס איך האָב ביז איצט נישט חתונה געהאַט.

און זי האָט מיר געגומען דערציילן אַ מעשה, וואָס זעט אויס נישט גלויבלעך, אָבער זי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז יעדעס וואָרט איז אמת וצדק.

— אין מיין אומגליקלעך לעבן איז שולדיק מיין אייגענע מאַמע. זי איז שוין טויט עטלעכע יאָר, און איך מעג שוין זאָגן וועגן איר דעם גאַנצן אמת. זאָג איך, אַז זי איז געווען אַ שרעקלעכע מוטער. איך ווייס, אַז עס וועט קלינגען נישט שיין ווען איך, איר אייגענע טאָכטער, וועל זאָגן, אַז זי איז געשטאָרבן צו שפּעט. זי האָט באַדאַרפט שטאַרבן מיט יאָרן פריער... צוליב איר בין איך עס פאַרבליבן אַן אַלטע מויד. מיין פאָטער איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט מיין מאַמען מיט 4 קליינע קינדער, אַלע מיידלעך. מיין מאַמע האָט געהאַט אַ ביסל געלט אין די בענק, אויסערדעם האָט זי צוביסלעך געאַרבעט, ביז די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן. אָבער באַלד ווי די מיידלעך האָבן גענומען אַרבעטן און פאַרדינען, האָט די מאַמע גענומען הערשן איבער זיי. מ׳האָט געמוזט טאָן אַלץ וואָס זי האָט פון זיי פאַרלאַנגט. קיינער האָט נישט געטאָרט האָבן קיין אייגענעם ווילן אָדער פאַרלאַנג. זיי האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין מיט קיין באָי, און וועגן אַרויפברענגען אַ באָי אין שטוב איז שוין געווען אָפּגערעדט.

און טאָמער האָט מען איר עפּעס נישט געפֿאָלגט, פֿלעגט זי דער־לאַנגען די אמת׳ע קלעפּ. זי איז געווען אַ געזונטע יידענע און די קינדער האָבן פֿאַר איר געציטערט אימת המות. קיין קינד האָט אַליין נישט געטאָרט עפֿענען דעם פּעי ענוועלאָפּ, נאָר מען האָט איר געמוזט אַהיימברענגען די ענוועלאָפּס נישט געעפֿנט, און זי פֿלעגט יעדן קינד געבן אַ פּאָר סענט אַ וואָך פֿאַר ספּענדינג מאָני. אַ קינד האָט זיך אַליין נישט געטאָרט קויפֿן קיין קלייד, נאָר, זי, די מאַמע, פֿלעגט אַרויסגיין אין גאַס און אויסזוכן פֿאַר איר די ביליקסטע קליידער. דאָס גאַנצע געלט פֿון די קינדער האָט זי געסעיפֿט אין די בענק.

ווען די מאַמע איז געשטאָרבן, האָבן די צוויי יונגערע שוועסטער חתונה געהאַט, אָבער איך, אַלס עלטסטע, און איין יונגערע שוועס־טער פֿון מיר, האָבן שוין נישט באַוויזן צו געפֿינען קיין פּאַסיקן שידוך.

— און וואו האָסטו גענומען געלט צו גיין אין ביזנעס ? — האָב איך געפֿרעגט דעם מיידל.

— נאָכדעם ווי די מאַמע איז געשטאָרבן און האָט איבערגע־לאָזט אַ גרויסע מאָטניאַ אין די בענק, טאַקע אונזער שווער פֿאַר־האָרעוועט געלט, בין איך אַוועק מיט דער שוועסטער אין די בענק און געקראָגן אונזער חלק. מיר האָבן עס אריינגעלייגט אין אַ ביזנעס, און, אַ דאַנקן גאָט, מיר מאַכן זייער גוט.

איך האָב דערקלערט דעם מיידל, אַז איך פֿיל איר זייער מיט, אַז עס איז ממש שווער צו גלייבן, אַז עס זאָלן זיך געפֿינען אַזעלכע שלעכטע מאַמעס, וואָס זאָלן גאָרנישט זאָרגען פֿאַר זייערע קינדער און זיי באַרויבן פֿון זייער נאַטירלעך גליק, אָבער איך האָב זי גע־טרייסט, אַז זי זאָל נישט פֿאַרלירן דעם מוט און זי זאָל פֿאָלגן מיין עצה מיט רעדוסן, וועט זי מיר דאַנקען. ווייל ווען זי וועט פֿאַרלירן וואָג, וועט זי ווערן אַזאַ פּערסאָנאַליטי, אַז עס וועט איר נישט זיין שווער צו קריגן אַ מאַן.

דערהערט דאָס, רופט זיך אָן דאָס מיידל צו מיר, אַז זי האָט מיר צו דערציילן אַ סוד, און טאַקע באַלד רוקט זי זיך צו נענטער צו מיר און זאָגט מיר אין דער שטיל:

— איך דענק, אַז איך האָב שוין אָן אויג אויף אַ מאַן. ער איז דאָ ערשט אַ פּאָר טעג אין האָטעל. ער איז מיר זייער געפעלן. אָבער פון קוק אַליין ווייס איך דאָך נישט צי ער איז סינגעל, צי ער האָט נישט אַמאָל אַ פרוי. ער זעט אויס צו זיין אַ טייערער דזשענטעלמאַן. איך וועל טרייען מיט אים זיך צו באַקענען און אַלץ דערגיין.

— ווייז מיר אָן ווער ער איז, וועל איך דיר אויך העלפן — זאָג איך איר — דו ווייסט דאָך, אַז אַ זייטיקער קאָן אַמאָל מער דערגיין ווי אָן אייגענער. אויסערדעם בין איך שוין דאָ אין האָטעל עטלעכע טעג און איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט צו באַקע־נען דאָ אַ סך געסט, און וועגן אייניקע ווייס איך שוין אַלע פּלאָטקע־לעך און גאָסיפּס.

— אָט דאָרט זיצט ער — זאָגט מיר דאָס מיידל — און לייענט אַ פּייפּער.

איך גיב אַ קוק אויף דעם מאַן און צעלאַך זיך שטאַרק:

— גוואַלד, אָט דאָס איז דאָך מיין מאַן. פון אַלע מענער האָסטו דיר פונקט אויסגעזוכט מיין מאַן?

דאָס מיידל איז געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק, און מיט אַ געשטיק־טער שטימע האָט זי קוים אַרויסגערעדט:

— נאַ דיר, מיין מזל, געפעלט מיר שוין יאָ אַ מאַן, מוז ער זיין פאַרהייראַט!

# מיין פאַרבינדונג מיטן „יידישן קאורט״

איך האָב געהערט אַן אַפּיל אויף דער ראַדיאָ־סטיישאַן, אַז פרויען זאָלן זיך מעלדן פאַר סאָשל וואָירק. איך האָב גלייך אָפּגערופן די סטיישאַן און זיי האָבן מיך געפרעגט וואָס פאַרע עקספּירענס איך האָב און צי איך וועל זיך פּאַסן פאַר דער אַרבעט. איך האָב זיי געענטפערט, אַז איך באַלאַנג צו אַ טשאַריטי אָרגאַניזיישאַן און בין שוין דאָרט פאַר די לעצטע 5 יאָר אַן אינוועסטיגייטאָר. אָבער טראָץ דעם בין איך גרייט זיך צו לאָזן לערנען, ווייל איך בין זייער אינטערעסירט אין דער אָרט אַרבעט. מ׳האָט אויפגענומען מיין אַדרעס און מיר צוגעזאָגט צו שיקן אַ לעטער, וואָס זאָל מיך רופן צום נעקסטן מיטינג.

איך בין געוואָרן מלא שמחה און זיך שוין נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף דעם לעטער. עס האָט לאַנג נישט גענומען און איך האָב טאָקע באַקומען אַ לעטער אין וועלכן מען פאַרבעט מיך צו אַ מיטינג. איך האָב זיך אויסגעפּוצט אין עסיק און אין האָניק כדי איך זאָל מאַכן אַ גוטן איינדרוק. איך בין אַריינגעקומען צום מיטינג, בין איך געוואָרן שטאַרק איבעראַשט. עס זיינען שוין דאָרט געזעסן אַרום 50 פרויען. אַלע זיינען געווען שיין געדרעסט. מיין האַרץ האָט מיר גענומען קלאַפּן. ווער ווייסט ווי געבילדעט זיי זיינען און וויפל עקספּירענס זיי האָבן, און ווי אַזוי וועל איך אויסהאַלטן די קאָנקורענץ קעגן זיי?

איך האָב שטילערהייט געבעטן גאָט, אַז איך זאָל נושא חן זיין. דערנאָך האָב איך געפרעגט ביי איינע פון די פרויען וואו איך דאַרף זיך ווענדן, ווייל איך בין דאָ דאָס ערשטע מאָל. זי האָט מיר אָנגעוויזן אָן אַ זייט, אַז דאָרט זיצט דער דירעקטאָר פון קאָורט.

— גייט צו צו אים און צייגט אים דעם לעטער, וואָס איר האָט באַקומען, וועט ער זיך מיט אייך אינטערעסירן — ראָט זי מיר.

איך האָב גענומען גיין, אָבער די פיס האָבן זיך מיר געוואַקלט פון אויפרעגונג. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל גאָרנישט דערגיין ביז צו אים. איך בין אָבער פאָרט יאָ צוגעקומען און אים געוויזן דעם לעטער. ער האָט מיך אויפגענומען זייער ליבלעך. ער האָט אפילו באַמערקט, אַז איך בין זייער נערוועז, האָט ער געשמייכלט צו מיר און מיך באַרואיקט, אַז איך דאַרף זיך נישט שרעקן, ווייל איך קאָן זיין זיכער, אַז איך קריג דעם דזשאָב.

זיינע ווערטער, באַזונדערס דער אופן ווי אַזוי ער האָט זיי געזאָגט, האָבן מיך שטאַרק באַרואיקט. איך האָב אים האַרציק געדאַנקט און איך האָב זיך שוין רואיק אָוועקגעזעצט. ער האָט מיר אַריינגעגעבן אַזויפיל מוט, אַז איך האָב אַליין באַקומען גלויבן אין זיך, אַז איך בין אַ געבוירענע סאָשל וואָירקערין.

דער דירעקטאָר האָט געעפנט דעם מיטינג און אונז געגומען געבן לעקציעס ווי אַזוי מיר זאָלן האַנדלען ווען מיר קומען אינוועסטיגייטן. ער איז געווען אַ יונגערמאַן און דאָס גוטסקייט אַליין איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. איך האָב באַלד ביי מיר באַשלאָסן, אַז עס וועט זיין אַ פאַרגעניגן צו אַרבעטן פאַר אַזאַ ליבן מענטש.

ווען ער האָט פאַרענדיקט דעם מיטינג, האָט ער גענומען אויסרופן די נעמען פון די פאַרזאַמלטע פרויען און יעדער איבערגעגעבן אַ קעיס.

— איר זעט, מרס. עדעלמאַן, אָט האָבן מיר אַ קעיס, וואו די קלעגערין איז געקומען, אָבער דער מאַן איז נישט געקומען צום טרייעל. אייער אויפגאַבע דאַרף איצט זיין אַוועקצוגיין צום מאַן און אים, דורך רייד, באַוועגן, אַז ער זאָל יאָ קומען אין קאָורט ווען מיר וועלן די קעיס נאָך אַמאָל באַטראַכטן. איר דאַרפט אים איבערציינגן, אַז עס איז אין זיינע אינטערעסן נישט צו איגנאָרירן דעם קאָורט, נאָר קומען.

איך שטיי און הער וואָס דער דירעקטאָר רעדט צו מיר און קוק אים אָן פאַר׳חדוש׳ט:

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז איך וועל קאָנען עפּעס אויפטאָן. איך בין דאָך דאָ ערשט דאָס ערשטע מאָל. איך בין דאָך גאָרנישט באַקאַנט מיט אייער אַרבעט. אפשר וואָלט בעסער געווען מיך צו שיקן מיט נאָך אַ ליידי, וועל איך דערווייל דורך איר זיך אויסלערנען?

קוקט ער אויף מיר מיט זיינע קלוגע אויגן און זאָגט:

— איך זאָג אייך, אַז איר זענט אָקעי. איר דאַרפט נישט קיינעם. איר וועט אַליין מאַכן דעם דזשאַב.

איך שטיי און טראַכט וואָס האָט ער אַזוינס אין מיר דערזען וואָס ער האָט אַזאַ צוטרוי צו מיר, אָבער ער לאָזט מיך לאַנג נישט טראַכטן און ער ערקלערט מיר, אַז ער איז אַן עקספּערט. דער קאָורט גייט שוין אַן עטלעכע יאָר און ער דערקענט שוין ווער ס׳האָט טאַלאַנט צו טאָן אַרבעט און ווער נישט. ער איז זיכער, אַז איך האָב די נויטיקע פעאיקייטן.

איך בין פון זיינע רייד געווען אין זיבעטן הימל און בין טאַקע באַלד אַריין אין דזשאַב.

אַזוי האָב איך געאַרבעט פאַרן יידישן קאָורט פליסיק דריי יאָר צייט. איך פלעג זיצן איין מאָל אַ וואָך אין אָפיס און אָננעמען קעיסעס. געווען אויך אַזעלכע, וואָס פלעגן קומען נאָך אַן עצה און איך האָב זיך געפילט זייער שטאָלץ דערפון. ווי זאָגט מען עפּעס „אַ שיקסע ביי אַ רב קען אויך פּסקנען שאלות". איך פלעג זיך פירן, אַז איך פלעג קומען צו די סעשאָנס פון קאָורט און אויסהערן די רייד און אָב־ווייזונגען פון רב, וואָס פלעגט אַרויסטראָגן די אורטיילן. ער איז אין מיינע אויגן געווען אַזוי קלוג ווי שלמה המלך. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט, האָט אין מיינע אויערן געקלונגען ווי די גרעסטע חכמה און איך האָב זיך דערצו צוגעהערט מיטן גרעסטן אינ־טערעס און האָב ביי אים אַ סך געגאַשט אין דער הינזיכט. איך

האָב געהאַלטן מויל און אויערן אָפן, אַז איך זאָל חלילה נישט פאַר־לירן קיין וואָרט פון דעם, וואָס ער האָט געזאָגט.

דער ראַדיאָ־סטיישאָן איז טאַקע געווען אַ קליינער, אָבער מיר האָבן זיך דאָרט געפילט זייער היימיש און באַקוועם. דער באָס פון דער סטאַציע איז געווען אַ גאָלדענער מענטש, און איך האָב זיך דאָרט געפילט ווי גאָט אין אָדעס.

איינמאָל האָט פּאַסירט אַ געשיכטע, אַז די לידי, וואָס פלעגט אַנאָנסירן מאָסטאָרד פון אַ געוויסער פירמע, איז קראַנק געוואָרן, האָט מען מיך געבעטן און איך האָב געמאַכט די אַדווערטייזמענט אויף דער ראַדיאָ. ווער איז דעמאָלט געווען צו מיר גלייך? ס׳טייטש, אַזאַ כבוד! איך האָב זיך גאָרנישט געריכט, אַז איידער איך האָב געמאַכט די אַדווערטייזמענט, האָט מען אָנגערופן מיין נאָמען. איך האָב זיך אין דעם מאָמענט געפילט ווי דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

דער באָס פלעגט דעמאָלט טאָן זייער גוטע ביזנעס אויף דער ראַדיאָ, און מיר האָבן געהאַט פאַר אים דעם גרעסטן רעספּעקט. ער האָט דאָס באַמערקט און ער האָט זיך געפילט ווי אַ קעניג אַרומ־גערינגלט מיט זיין מיניסטאָרן־סוויטע.

אַזוי ווי די אַרבעט איז מיר זייער געפעלן, האָב איך געאַרבעט זייער געטריי. איך האָב גענומען אַן אמת׳ן אינטערעס אין יעדער קעיס. געאַרבעט האָב איך אומזיסט. פאַרקערט, עס האָט נאָך מיך געקאָסט געלט, ווייל טאָמער איז מיר אויסגעקומען אינוועסטיגייטן אַן אָרעמע משפחה, פלעג איך נאָך דאָרט איבערלאָזן עטלעכע דאָלאַר.

די אַרבעט האָט מיר אָבער פאַרשאַפט פאַרגעניגן און דערצו האָט מיר דער דירעקטאָר נאָך געמאַכט קאָמפּלימענטן און מיך געלויבט פאַר מיין גוטער אַרבעט. דאָס האָט איבערפולט דאָס מעסטל פון מיין גליק. איך פלעג טראַכטן, אַז ווען ער וואָלט מיך געהייסן צוצאָלן, וואָלט איך מיך נישט אָפּגעזאָגט און אים צוגעצאָלט. איין זאַך האָט מיר נאָר אַביסל געשטערט דאָס וואָס מיין מאַן, זאָל געזונט זיין,

פלעגט צו מיר טענה׳ן, אַז איך בין צופיל פאַרקאַכט אין דעם יידישן קאָורט.

— ווען איך זאָל דיך שיקן ערגעץ וואו, וואָלסטו נישט געגאַנגען — האָט ער צו מיר גע׳טענה׳ט, — אָבער פאַרן דירעקטאָר פון דעם קאָורט לויפסטו ווי אַן אונטערגעשאָסענע.

און וועלנדיק מיך קיבעצן, פלעגט ער נאָך זאָגן:

— זאָג דיין דירעקטאָר, אַז ער זאָל מיר צושיקן זיין ווייב און זאָל זי אַרבעטן פאַר מיר אומזיסט.

איך האָב מיין מאַן איינגענומען מיט גוטן. איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז ער לייגט גאָרנישט צו, ווייל איך אַטענד אַלץ אין שטוב, עס פעלט אים קיין זאַך נישט. טאָ וואָס אַרט אים, אַז איך האָב הנאה פון מיין אַרבעט אין קאָורט?

און אַזוי האָט מיין מאַן מיר טאַקע אויפגעהערט צו מאַכן פאַרוואורפן. עס איז אָבער באַשערט געווען צו האָבן צרות פון אַן אַנדערער זייט.

איינמאָל האָב איך באַמערקט אין אָפיס א יונגע שיינע פרוי, וואָס איז באַלד אַריין צום באָס פון דער סטיישאַן אין זיין פּריוואַטן אָפיס. מילא, עס איז נישט מיין עסק צו פרעגן וואָס א יונגע שיינע פרוי טוט דאָרט, אָבער אַז עס זיינען אַריבער עטלעכע טעג און דאָס ווייבל האָט געהאַלטן יעדן טאָג אין איין קומען און אָפּזיצן שעה׳ן לאַנג אין אָפיס ביים באָס, האָט זיך דערוועקט אין מיר די „מוטער חוה״ און איך האָב זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן וואָס זי טוט דאָרט אַזעלכעס. אַנשטאָט צו גיין הינטן אַרום, האָב איך מיך איינמאָל געווענדעט צום דירעקטאָר, אַז ער זאָל מיר אויפקלערן דאָס רעטעניש. דער דירעקטאָר האָט מיר דערקלערט, אַז די פרוי איז אַן אַגענט, און אַז דאָס רעדט זי אונזער באָס פון דער ראַדיאָ־סטיישאַן אַ שידוך, אָבער נישט קיין שידוך מיט קיין פרוי. דאָס האָט אונזער באָס נישט גענדאַרפט.

די מעשה איז אַזאַ: אין יענער צייט זיינען געווען עטלעכע באַזונדערע יידישע קליינע ראַדיאָ־סטאַציעס, וועלכע האָבן קאָנקורירט

איינע מיט דער אַנדערער, איז אָט די פּרוי, אַלס אגענט פון אַ גרויסע סטאַציע, געקומען מיט אַ פּלאַן, אַז מען זאָל קאָמבינירן די אַלע קליי־נע ראַדיאָ־סטאַציעס אין איין גרעסערע סטאַציע.

מילא, אַ גרויסע ראַדיאָ־סטאַציע איז אַוודאי בעסער ווי אַ קליינע, אָבער ביי מיר איז באַלד דערוועקט געוואָרן די פראַגע צי מען וועט אונזער יידישן קאָורט אויך מיטנעמען אויף דער גרויסער ראַדיאָ־סטאַציע, האָב איך עס טאַקע באַלד געפרעגט אונזער דירעק־טאָר. אָנשטאָט אַ קלאָרן ענטפער, האָט ער גענומען עפּעס פּאָנפען, אַז טאַקע וועגן דעם אונטערהאַנדלט ער נאָך, ווייל דער באָס וויל אונז מיטנעמען, אָבער די אונטערהענדלער ווילן אונז ניט האָבן אויף דער גרויסער ראַדיאָ־סטאַציע. מיר שטייען זיי נישט אָן.

דאָס האָט מיך זייער פאַרדראָסן און איך פרעג דעם דירעקטאָר:

— וואו איז די גרויסע ראַדיאָ־סטאַציע?

— אין ברוקלין — ענטפערט ער מיר.

— פאַרוואָס זאָל מען אונז נישט וועלן מיטנעמען? — פרעג איך נאָך אַלץ אַ פאַרוואונדערטע — מיר טוען דאָך אַזאַ גוטע אַרבעט, און אויסערדעם האָבן מיר דאָך גוטע ספּאָנסערס.

— נו, נעמט אייך נישט צום האַרצן — טרייסט מיך דער דירעק־טאָר — דער קאָורט וועט נישט אונטערגיין. אַז זיי ווען אונז נישט מיטנעמען אין ברוקלין, וועלן מיר דינגען אַן אַפּיס ערגעץ וואו אין ניו יאָרק.

זיינע טרייסט־ווערטער האָבן מיך נישט באַרואיקט. איך האָב מיר שוין געהאַט געבויט שלעסער אין דער לופטן. איך האָב מיר שוין געהאַט פאַרגעשטעלט ווי איך וועל זיך פילן אין דער גרויסער ראַדיאָ־סטאַציע. איך האָב אפילו פאַנטאַזירט, אַז דאָרט וועל איך האָבן אַ געלעגנהייט צו ווערן אַ גאַנצע אַקטעריסע. אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך געזען ווי די אַקטריסע, וועלכע שפּילט די הויפּט־ראָל אין אַ סקעטש, איז קראַנק געוואָרן און מען גיט מיר צו שפּילן איר ראָל. איך בין געווען זיכער, אַז איך קען גוט שפּילן אַ מוטער־ראָל. אַז איך בין פּעאיק אויפצוטרעטן אויף דער ראַדיאָ האָב איך דאָך געוואוסט,

ווייל איך האָב נישט פאַרגעסן יענעם פאַל ווען איך האָב פאַרטראַטן די פרוי צו מאַכן די אַנאָנסמענט פאַר דעם מאַסטאַרד און זייער גוט אויסגעמאַכט. נאָר וואָס דען, ווי אַלע, וועלכע ווילן אַרויסטרעטן עפנטלעך, נאָר האָבן ניט די מעגלעכקייט, האָב איך געגלויבט, אַז „מען לאָזט מיך נישט צו צום פּסוק״, און דאָ האָב איך מיר שוין אויפֿגעבויט אַזעלכע פאַנטאַזיעס, און מיט איין מאָל צערינט אַלץ.

עטלעכע וואָכן האָבן געדויערט די אונטערהאַנדלונגען. איך האָב אַלע טאָג געפרעגט אונזער דירעקטאָר צי מען נעמט אונז מיט און ער האָט אַלע טאָג געענטפערט, אַז ער ווייס נאָך נישט. אין אַ געווויסן טאָג האָב איך געזען, אַז מען מופּט מיט אַלע פּעקלעך פון אונזער ראַדיאָ־סטאַציע, נאָר מיר, דער יידישער קאָורט, מיט אונזער ביסל אָרעמקייט, בלייבט. איך האָב אַלץ געהאָפט, אַז סוף כל סוף וועט מען אונז אויך איבערמופן, אָבער אין אַ באַשטימטן טאָג קום איך אַריין אין אָפיס און זע אַז אַלץ איז ליידיק, נאָר אונזער ביסל אָרעמקייט איז געבליבן ליגן פאַר׳יתומ׳ט. עס איז מיר געוואָרן זייער קאַלע־מוטנע אויפן האַרצן, און איך טראַכט צו זיך „געענדיקט. אויס ראַדיאָ, אויס קאָורט, אויס אַקטעריסע. אַלץ איז געענדיקט״.

אַזוי ווי איך זיץ אין מיינע געהאַקטע וואונדן, קומט אַריין מיין דירעקטאָר, זאָג איך צו אים:

— מען האָט אונז איבערגעלאָזן אַליין אין די רומס אַזוי ווי מען האָט איבערגעלאָזט אַמאָל מיין לאַנדסמאַן יאָסל.

און איך האָב גענומען שטאַרק לאַכן דערמאָנענדיק זיך אָן דער מעשה. דער דירעקטאָר האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט, און ווען איך האָב ענדלעך אויפגעהערט לאַכן, זאָגט ער צו מיר:

— ווער איז דאָס אָט דער יאָסל?

— מיין לאַנדסמאַן יאָסל — ענטפער איך אים — האָט געוואוינט ביי אַ מיסעס אַלס באָרדער. אַזוי ווי ער איז געווען נישט קיין גע־זונטער, האָט זי נישט געהאַט קיין האַרץ אים צו מאַכן מופן, אָבער זי האָט אים פאַרט נישט געוואָלט האַלטן אַלס באָרדער. טאָ וואָס האָט זי געטאָן? איין קליינינקייט, אין אַ שיינעם טאָג האָט זי אַליין

אַוועקגעמופּט און האָט געלאָזט יאָסלען אין די ליידיקע רומס.

מיין דירעקטאָר האָט אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער, ווייל מיין מעשה האָט זיך פּונקט אַריינגעפּאַסט אין אונזער סיטואַציע.

— אָבער זאָרגט זיך נישט — האָט ער מיך געטרייסט — מיר מופן מאָרגן און נעקסטע וואָך וועט איר שוין קאָנען אַרבעטן אין דער גרויסער סטיישאָן אין ברוקלין.

זיינע רייד האָבן אין מיר אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה. איך האָב פריער אָפּגעאָטעמט.

— איר וועט זען וואָס פאַרע שיינעם אָפיס מיר וועלן דאָרט האָבן!

אַוועק עטלעכע טעג, האָב איך זיך אויסגעפּוצט ווי אַ גרעפין און בין אַוועק צו דער ראַדיאָ־סטיישאָן אין ברוקלין זען אונזער נייעם שיינעם גרויסן אָפיס. איך קום אַריין און נעם זיך נאָכפרעגן וואו עס איז דער אָפיס פון יידישן קאָורט, וויזט מען מיר אָן אויף אַ פינסטער־רע רום, וואו אַ סך פּעקלעך מיט באָקסעס ליגן אָנגעוואָרפן. דער קבלת פנים, וואָס איך האָב געקראָגן, איז בכלל געווען פון אַזאַ כאַ־ראַקטער, ווי איינער זאָגט „דו ביזט דאָ נישט קיין אָנגעלייגטער גאַסט און דו דאַרפסט זיך חלילה נישט איבערנעמען”. עס איז מיר געוואָרן קאַלט אין יעדן אבר, ווייל אויף דער פריערדיקער קליינער סטאַציע האָבן מיר זיך געפילט ווי אין אַן אייגענער היים און מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ גאַנץ שיינעם אָפיס פאַר זיך אַליין. דאָ אָבער קוקט מען אויף אונז ווי אויף אַן אָנשיקעניש. אָבער וואָס קאָן איך מיר העלפן? איך זעץ זיך אַוועק ביי אַ טישל. עטלעכע ווייבער זיצן שוין און וואַרטן אויף מיר. אויפן געמיט איז מיר זייער ביטער. און דאָ דערהער איך נאָך קולות, געשרייען און גוואַלדן. איך דערקען די שטימען פון אונזער באָס פון דער סטאַציע מיט זיין ברוקלינער שותף.

איך הער ווי דער ברוקלינער שותף שרייט:

— וואָס איז, עס געפעלט דיר נישט דער אָפיס פאַר דיין יידישן קאָורט? זיי בעסער שטיל און רייד גאָרנישט. פאַרגעס נישט פון וואַנען דו קומסט! דו קומסט דאָך (און דאָ האָט ער אָנגערופן אונזער געוועזענע ראַדיאָ־סטיישאָן), טאָ נעם זיך נישט איבער ביי אונז. עס

געפעלט דיר נישט, טאָ נעם דיר אַרויס דיין קאָורט. זאָל ער מופן. מיר קאָנען זיך באַגיין אָן אים!

איך האָב נאָך נישט באַוויזן אַריינצוטראַכטן זיך אין דער ניי־געשאַפענער לאַגע, ווי מיין דירעקטאָר איז אַריינגעקומען, האָט זיך אויסגעטאָן דעם מאַנטל און זאָגט צו מיר:

— נו, ווי געפעלט אייך דער אָפיס? איך גלייך אים נישט, אָבער מיר וועלן קריגן אָן אַנדער רום.

ער האָט נישט געוואוסט, אַז איך האָב געהערט די דיסקוסיע וואָס איז נאָר וואָס אָנגעגאַנגען צווישן דעם באָס און זיין שותף און דעם שיינעם מפטיר וואָס ער האָט געקראָגן, אָבער איך האָב באַשלאָסן אים צו געבן אָנצוגעהערן, אַז איך ווייס וואָס עס גייט אָן, און איך האָב אים שטילערהייט געענטפערט:

— רעדט זיך בעסער נישט איין! ווער זיינען מיר דען דאָ? מיר זיינען דאָך איינגעבעטענע שנאָרערס! מיר קומען דאָך פון דער סטיישאָן...!

מיין דירעקטאָר שטייט און קוקט מיך אָן מיט דער מינע פון אַן אומשולדיק קינד. ער ווייס קענטיק פון גאָרנישט. דאָ האָב איך זיך שוין מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און בין אַרויס מיט לשון. איך האָב אים דערציילט וואָס עס איז נאָר וואָס פאָרגעקומען צווישן אונזער באָס און זיין נייעם שותף אָדער ריכטיקער באַלעבאָס.

— אויב אַזוי — זאָגט מיין דירעקטאָר — זיינען מיר אויף די אמתע צרות, מוזן מיר שוין בלייבן דאָ, און לאָמיר זיך בעסער נע־מען אויספּאַקן אונזערע פּעקלעך.

און מיר האָבן זיך גענומען אויספּאַקן אונזערע פּעקלעך אין דעם ענגען רום.

אַזוי זיינען מיר אַראָפּ פון אונזער מלכות און געוואָרן איינגע־בעטענע געסט אויף דער ברוקלינער ראַדיאָ־סטיישאָן, אָבער עס האָט לאַנג נישט געדויערט, זיינען מיר פון דאָרט אַוועק און היינט צו טאָג האָבן מיר אונזערע אייגענע היים, ווי עס פּאַסט פאַר אַ „יידישן קאָורט".

# אַ טראַגעדיע מיט אַ פייגעלע

— מרס. עדעלמאַן — האָט זיך דער דירעקטאָר פון „יידישן קאָורט" אַמאָל אָנגערופן צו מיר — איך וויל אייך איבערגעבן אַ קעיס און בעט אייך אַ טובה, אַז איר זאָלט מיר נישט אָפזאָגן און זי אָננעמען.

דערביי האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּיר. איך האָב איבער־געלייענט וואָס דאָרט איז געשריבן און קוק אים אָן פאַרוואונ־דערט.

— עס איז קיין וואונדער נישט וואָס איר בעט מיך אַ טובה אָנצונעמען די קעיס, ווייל אין דער ווירקלעכקייט איז עס גאָר קיין קעיס נישט. עס איז דאָך טאַקע צו לאַכן פון וואָס מענטשן מאַכן אַ גאַנצן ענין. עס זיינען דאָ אויף דער וועלט אַ סך און גענוג גרויסע צרות. מילא, פאַרשטיי איך נאָך ווען מען קומט צו אונז וועגן יענע וויכטיקע זאַכן, אָבער צו אונז האָט מען דאָך די חוצפּה צו קומען מיט יעדער נאַרישקייט, טוט מיר די טובה און גיט איבער די קעיס צו אַן אַנדער פּרוי.

— איך האָב שוין געפּרואווט — ענטפערט מיר דער דירעקטאָר — אָבער ווען איינע פון אונזערע אינוועסטיגעטאָרינס איז דאָרט געווען, האָט מען זי נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין שטוב. דאָס־זעלבע איז געשען מיט אַן אַנדערער. איר פאַרשטייט, עס האַנדלט זיך וועגן אַ פייגעלע. די פּרוי, וועלכע מאָנט דאָס פייגעלע, אַרבעט נישט ווייט פון אונזער אָפיס, זי קומט יעדן טאָג אַריין און באַדערט אונז וועגן דעם פייגעלע. זי דערגייט מיר שוין פּשוט די יאָרן מיט דעם פייגעלע !

— קאָנט איר דאָך איר זאָגן מיטן האַרטן וואָרט, אַז זי זאָל אייך אויפהערן צו באַדערן וועגן דעם פייגעלע, ווייל מיר קאָנען גאָרנישט אויפטאָן — פּרואוו איך אָנווייזן דעם דירעקטאָר.

— איך קען דאָס נישט טאָן — ענטפערט מיר דער דירעקטאָר — ווייל מיט דעם אומשולדיקן פייגעלע איז פאַרבונדן אַ טראַגעדיע.

— אָבער פון וואַנען זענט איר זיכער, אַז איך וועל יאָ קאָנען עפּעס אויפטאָן? —פרעג איך.

דער דירעקטאָר האָט מיר נישט געזשאַלעוועט קיין קאָמפּלי־מענטן. און וואָס טוט מען נישט פאַר אַ קאָמפּלימענט?

בקיצור, איך האָב איבערגענומען די קעיס.

דאַכט זיך אַ מעשה מיט אַ פייגעלע, אָבער ווען איך האָב גע־הערט די געשיכטע, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם פייגעלע, בין איך געוואָרן זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער זאַך. די פרוי, וועלכע מאָנט דאָס פייגעלע, איז שוין דערשינען אין קאָורט, אָבער די אָנגעקלאָגטע איז נישט געקומען. די קלאַגע באַשטייט אין דעם, וואָס דאָס פייגעלע איז אַרויסגעפלויגן דורכן פענצטער, און אַזוי ווי ביי דער אָנגעקלאָגטער איז דאָס פענצטער געווען אָפן, איז דאָס פייגעלע דאָרט אַריינגעפלויגן. די אָנגעקלאָגטע ווידער טענה'ט, אַז עס איז איר אייגן פייגעלע. איר זון האָט עס געקויפט פאַר איר. היינט גיי דערגיי, ווער עס זאָגט דעם אמת!

דאָס ערשטע בין איך געגאַנגען באַזוכן די מענטשן ביי וועלכע דאָס פייגעלע איז אַרויסגעפלויגן. ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, האָט מיך באַגעגנט אַ מאַן אַ קריפּל, וואָס איז אַפילו אין דער שטוב אַרומגעפאָרן אויף אַ ווילטשעיר. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קום פון „יידישן קאָורט", האָט ער זיך דערפרייט מיט מיר, מיך געבעטן זיצן, און מיר גענומען דערציילן וועגן זיין אומגליק.

— מיט זיבן יאָר צוריק בין איך געווען אַ ייד אַ ריז. איך בין געווען אַן אייזן־אַרבעטער. איך האָב טאַקע שווער געאַרבעט,

אָבער איך האָב געמאַכט אַ שיין לעבן פאַר מיין פרוי און קינד, און מיר זיינען געווען גליקלעך. אין אַ שיינעם טאָג האָב איך גע־קראָגן פלוצלינג אַ שטאַרקן ווייטיק אין אַ פוס. איך האָב אָנגעהויבן צו גיין צו דאָקטוירים. עס האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ פאַרמעגן מיט געלט. די דאָקטוירים האָבן אויסגעפונען, אַז עס איז גענגרין און מען מוז מיר אָראָפּנעמען דעם פוס. ווי איר זעט, זיץ איך שוין אויף אַ ווילטשעיר גאַנצע זעקס יאָר. טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, איז אויסגעבראָכן די מלחמה און מ׳האָט מיין איינציקן זון גענומען אין דער אַרמיי. איר קאָנט זיך פאָרשטעלן וואָס פאַראַ צרות איך און מיין ליבע פרוי זיינען דורכגעגאַנגען, ווי אַזוי מיר האָבן געפילט ווען מען האָט אַוועקגעשיקט אונזער זון, דאָס איינ־ציקע שטיקל ליכט אין אונזער הויז. איידער מיין זון איז אַוועק, האָט ער מיר געקויפט זיכער אַ שיין פייגעלע אין אַ טייער שטיי־געלע. דאָס פייגעלע האָט זיך צעזונגען טאַקע ווי נאָר אַ פייגעלע, וואָס ווייס נישט פון קיין זאָרגן, קען זינגען. יעדן טאָג ווען איך בין אויפגעשטאַנען, פלעג איך צוגיין עס באַגריסן, און געהאַט דאָס געפיל, אַז איך רעד צו מיין זון. און דאָס פייגעלע, ווי עס וואָלט פאַרשטאַנען מיינע געפילן, פלעגט זיך צעזינגען, און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי מיין זון רעדט צו מיר. עס האָט זיך מיר גערדאַכט, אַז מיין זון איז נאָך אַ קליין קינד, און דאָס רעדט ער זיינע ערשטע ווערטער, וואָס זיינען פאַר אַלעמען אומפאַרשטענדלעך, אָבער איך, דער טאַטע, האָב זיי יאָ פאַרשטאַנען. געשעט, אַז אין אַ געוויסן טאָג איז אָנגעקומען אַ וויסטע טעלעגראַמע, אַז מיין בן־יחיד, מיין איין און איינציק קינד, איז געפאַלן אויפן שלאַכטפעלד. און מען ווייס אַפילו נישט וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. זיין קערפּער איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער און איך וועל אַפילו מיין טויט קינד מער נישט צוריקזען. דאָס איינציקע שטיקל אָנ־דענק, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מיין אומגליקלעך קינד, איז דאָס פייגעלע, אַ לעבעדיקער אָנדענק פון מיין באַליבט קינד שלמה׳לע.

דערמאָנט זיך אָן זיין קינד, האָט דער מאַן גענומען שטאַרק וויינען. איך אַליין האָב זיך קוים איינגעהאַלטן, אַז איך זאָל זיך נישט צעוויינען. איך האָב זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט און גענומען אים טרייסטן:

— באַרואיקט אייך, זייט אַ מאַן. מסתמא איז אַזוי געווען באַשערט. איר זענט נישט דער איינציקער פאָטער וועמען עס איז אויסגעלייגט געווען אַזאַ אומגליק, און פאַרגעסט אויך נישט דעם גרויסן חורבן, וואָס עס איז געשען אונזער בלוט און פלייש אויף יענער זייט ים.

דער מאַן האָט זיך ענדלעך באַרואיקט און ווייטער גערעדט:

— ווי איר קוקט מיך אָן, טייערע פרוי, דאַרף איך אָט אַזוי זיצן אַליין גאַנצע טעג, אָבער מען דאַרף דאָך האָבן פון וואָס צו קאָנען זיך דערנערן איז מיין פרוי די פּרנסה־געבערין. זי גייט אַרבעטן.

— טאָ ווער קאָכט פאַר אייך? — פרעג איך דעם מאַן.

— איך, מ׳שטיינס געזאָגט, פּאַרע זיך אַרום אָט אין דעם וויל־טשעיר — ענטפערט ער מיר — און איך פיר די ווירטשאַפט. איך טו וואָס איך קען. אָך און ווי איז צו דער ווירטשאַפט! אָבער וואָס קאָן מען מאַכן? איך האָב אַלץ אָנגענומען פאַר גוט כל זמן איך האָב נאָך געהאַט מיין זינג־פייגעלע. איך פלעג זיך אויס׳טענה׳ן מיט אים, און קענטיק, אַז ער האָט מיך פאַרשטאַנען. וואָס דאַרפט איר מער? איך בין געווען זיכער, אַז זינט עס איז אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן מיין זונס טויט, האָט דאָס פייגעלע אויפגעהערט צו זינגען אַזוי פריילעך. עס קאָן זיין, אַז עס האָט זיך מיר נאָר אַזוי אויסגעוויזן. אָבער אַזוי פיל איך. דאָס פייגעלע פלעגט מיר פאַרגרינגערן מיינעליידן. עס פלעגט מיר העלפן אַ ביסל אין מיין אומגליק. אָבער אָט איז געשען אַ ניי אומגליק: דאָס פייגעלע איז פאַרשוואונדן. שטיל איז געוואָרן אין מיין שטוב. מיין הויז איז געוואָרן אַ קבר. ליבע פרוי, פּליז, האָט רחמנות אויף אַן עלנטן קריפּל און ברענגט מיר צוריק מיין פייגעלע.

— ווי אַזוי זענט איר זיכער, אַז עס איז אייער פּיגעלע? — האָב איך געשטעלט אַ פראַגע.

— איך בין זיכער, אַז עס איז מיין פּיגעלע. ווען דאָס פּיגעלע איז אַרויסגעפלויגן דורך אונזער פענצטער, איז עס געווען פאַר אונז אַ גרויס אומגליק, ספּעציעל פאַר מיר. מיין פרוי האָט דעריבער גענומען שטאַרק זוכן און נאָכפרעגן ביי אירע שכנים, אָבער מען האָט זיך גאָרנישט געקאָנט דערוויסן. עס איז פאַרשוואונדן אָן שפּורן. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, דער גאַנצער בלאָק ווייבער האָט זיך אַרויסגעלאָזט זוכן דאָס פּייגעלע און נישט געפונען. איינמאָל איז צו אונז אַריינגעקומען אַ שכנה און געזאָגט, אַז זי האָט געהערט זינגען אַ פּייגעלע ביי אַ פרוי, וועלכע וואוינט דאָס דריטע הויז פון אונז. „פאָלגט מיך און גייט אַרויף — האָט זי צו מיר געזאָגט — אפשר איז דאָס אייער פּייגעלע. דענקט איר, אַז איר וואָלט עס דערקענט?" — פרעגט זי מיך? „זיכער וואָלט איך עס דער־קענט — האָב איך איר געענטפערט — ווייל מיין פּייגעלע האָט אַ שוואַרצן פלעק הינטערן פליגעלע". קורץ, מיין פרוי און די שכנה זיינען אַוועק צו יענער פרוי און איר דערציילט וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט אונזער פּייגעלע, וואָס עס מיינט פאַר אונז, ווי איך, אַ קראַנ־קער אינוואַליד, גיי אויס דערנאָך, האָט יענע פרוי זיי געענטפערט: „טאָ, וואָס ווילט איר פון מיר?". נו האָט מען איר געזאָגט, אַז מען האָט געהערט ביי איר זינגען אַ פּייגעלע, וויל מיין פרוי בלויז אַ קוק טאָן אויף דעם פּייגעלע און זען צי עס איז נישט אונזער פּייגעלע.

און דאָ האָט זיך דאָס פּייגעלע צעזונגען ווי עס וואָלט באַגריסט מיין פרוי, האָט מיין פרוי נישט געוואַרט אויף קיין דערלויבעניש, איז צוגעלאָפן צום שטייגל, אַרויסגעכאַפּט דאָס פּייגעלע און אויס־געשריגן:

— אָט דאָס איז טאַקע אונזער פּייגעלע! — און גענומען בעטן די פרוי — מרס., פּליז, גיט עס מיר אָפּ, און איר וועט זיך פּשוט קויפן עולם־הבא!

ווי די פרוי האָט דאָס דערהערט, האָט זי אויסגעשריגן מיט רציחה:

— דאָס איז אַ בוירוו פון אַ יענטע! שטעלט שוין צוריק דאָס פייגעלע אין שטייגל. מיין באַי האָט עס מיר געקויפט אַ פּרעזענט, און גייט שוין אַרויס, אויב נישט וואַרף איך אייך אַרויס, אַז איר וועט ברעכן דעם קאָפּ. דאָס איז אַ חוצפּה! הער נאַר, זי איינע האָט אַ פייגעלע. וואָס איז, עס איז דאָ איין פייגעלע אויף דער וועלט? אַרויס פון דאַנען!

און מיין פרוי און אונזער שכנה האָבן נישט געהאַט קיין אַנ־דערע ברירה און זיינען אַוועק. מיין פרוי האָט אָבער מער נישט געקענט רוען. איר פאַרשטייט, זי האָט ענדלעך געפונען אונזער טייער פייגעלע, דעם אָנדענק פון אונזער ליבן זון, און דאָ וויל מען עס איר נישט אָפּגעבן. נו, איז זי אַוועק צו אייך אין קאָורט, אָבער יענע קומט נישט ענטפערן. וואָס טוט מען איצט? — און דער מאַן נעמט פאַרצווייפלט ברעכן די הענט — וואָס טוט מען איצט? עס איז מיר אַזוי שלעכט, אַזוי ביטער. איך פיל אַז איך וועל עס נישט אויסהאַלטן, איך וועל אַראָפּ פון זינען!

איך האָב גענומען טרייסטן דעם מאַן:

— וואָס דאַרפט איר זיך אַרומקריגן מיט אַ פרוי, וועלכע איז קענטיק, נישט קיין גוטע און נישט קיין ערלעכע? איך וועל אייך קויפן אַן אַנדער פייגעלע פאַר מיין געלט און עס וועט זינגען אַזוי שיין ווי אייערס, אפשר נאָך שענער, ווייל איך וועל נישט זשאַלע־ווען עטלעכע דאָלער, אַבי אייך צו פאַרשאַפן אַביסל פאַרגעניגן.

— ניין, איך וויל נישט קיין אַנדער פייגעלע — האָט דער מאַן גענומען שרייען, — איך וויל נאָר מיין פייגעלע — און ער נעמט זיך קלאַפּן אין האַרצן. — דאָס איז מיין פייגעלע. מיין פרוי האָט עס דערקענט. דאָס איז דער איינציקער אָנדענק פון מיין הייליקן זון. ווילט איר אויך העלפן מיך באַרויבן?

דעם יידס טענה האָט מיך זייער גערירט. איך האָב זיך אַליין שיר נישט צעוויינט און איך האָב געטראַכט מיט וואָס האָט זיך

דער ייד אַזוי פאַרזינדיקט ביים רבונו של עולם, וואָס ער האָט אים אַזוי באַשטראָפט; צוערשט האָט ער אים אַליין קראַנק געמאַכט, דערנאָך האָט ער אים צוגענומען זיין איינציק קינד, און טאָמער האָט ער געהאַט אַזאַ זאַך ווי אַ פייגעלע מיט וואָס זיך צו שפּילן, האָט ער אים דערפון אויך באַרויבט. אָבער גיי פרעג קשיות ביי גאָט! האָט דאָך שוין איוב, וואָס איז געפּלאָגט געוואָרן מיט גרעסערע צרות, אויך געפרעגט קשיות, און דאָך פעלן נישט קיין צרות פון דעמאָלט ביז היינט... אַ פּנים, אַז גאָט פירט זיך זיין וועלטל ווי ער וויל, און מיר, זינדיקע מענטשן, מוזן אָננעמען פאַר ליב וואָס ער וויל מיט אונז טאָן.

איך האָב גענומען דעם ייד באַרויאיקן און זאָג צו אים:

— איך בין זיכער, אַז דאָס איז טאַקע אייער פייגעלע, אָבער איר ווייסט דאָך ווי דאָס געזעץ איז, אַז מען כאַפּט נישט יענעם ביי דער האַנט, קאָן מען אים נישט באַשטראָפן. לאָזט מיך דעריבער אָביסל אַריינטראַכטן וואָס איך זאָל טאָן, אַז איך זאָל קאָנען אייך צוריקברענגען אייער פייגעלע.

איך בין אַהיימגעגאַנגען און אויפן גאַנצן וועג האָב איך געהאַלטן אין טראַכטן ווי אַזוי לייזט מען דאָס פּראָבלעם. דער ייד טענה'ט, אַז ס'איז זיין פייגעלע, די פרוי ווידער טענה'ט אַז ס'איז איר פייגעלע. דער ייד האָט אָבער געמאַכט אויף מיר אַזאַ איינדרוק, אַז עס האָט מיך נישט געלאָזט רוען. וואו איך בין געגאַנגען און געשטאַנען, האָב איך געזען פאַר מיר דאָס בילד פון דעם אומגליקלעכן קראַנקן ייד. זיין בילד האָט מיך אַפילו פאַרפאָלגט אין די נעכט און צוגערויבט מיין שלאָף. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך וועל פריער נישט קאָנען געפינען קיין רו ביז איך וועל דעם ייד צוריקברענגען דאָס פייגעלע.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַוועק צו דער שכנה, וועלכע איז מיט דעם יידס פרוי מיטגעגאַנגען צו דער פרוי ביי וועלכער עס געפינט זיך דאָס פייגעלע, און גענומען אויספרעגן איינצלהייטן ווי אַזוי די פרוי האָט זיי אויפגענומען. זי האָט מיך געוואָרנט, אַז

עס האָט נישט קיין צוועק, אַז איך זאָל צוגיין צו יענער פרוי, ווייל זי וועט פאַר מיר גאָרנישט טאָן, נאָר זי וועט מיך נאָך באַליידיקן.

— זי איז אַ שלעכטער מענטש. דאָס איינציקע וואָס איך וואָלט אייך יאָ געראָטן — האָט די פרוי צו מיר געזאָגט — איז, אַז איר זאָלט אַוועקגיין צו איר מאַן אין זיין סטאָר און צו אים אַפּעלירן. ער איז, דאַכט זיך, אַ בעסערער מענטש ווי זי. אפשר וועט איר ביי אים עפּעס ווירקן.

דער מאַן האָט געהאַט אַ האַרדוועיר סטאָר דאַון טאַון, ניו־יאָרק. איך האָב זיך פאַרפּוצט אין מיין שענסטער דרעס, בין פריער אַוועק אין אַ ביוטי פּאַרלאָר און זיך שיין פאַרקעמט די האָר, אַז איך זאָל קודם כל מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף דעם מאַן. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל, האָב איך אַליין גענומען שמייכלען צו זיך. כ׳האָב אויסגעזען, ווי מען זאָגט „אַ מיליאָן דאָלער״.

איך בין געקומען אויף דער אָנגעוויזענער אַדרעס, האָב איך געטראָפן אים לייענען אַ יידישע צייטונג. ווי ער האָט מיך דער־זען, איז ער אויפגעשטאַנען און מיך געפרעגט וואָס איך וויל. איך האָב זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, אַז איך בין אַ פאָרשטייערין פון „יידישן קאָורט״ און האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיט דעם פייגעלע, און אים געבעטן, אַז ער זאָל האָבן רחמנות אויף אַן אומגליקלעכן קראַנקן מענטש, וואָס איז גענוג געשטראָפט גע־וואָרן צו זיין אַ קריפּל און האָט פאַרלאָרן זיין איינציק קינד און ער זאָל אים צוריקגעבן דאָס פייגעלע, וואָס איז ביי דעם קראַנקן ווי אַן אָנדענק נאָך זיין איינציק אומגעקומען קינד.

— עס קאָן זיין, אַז אייער פרוי איז גערעכט — האָב איך געזאָגט צו דעם מאַן — עס איז מעגלעך, אַז דאָס איז טאַקע נישט דעם יידס פייגעלע, נאָר אייער אייגנס, וואָס אייער זון האָט אייך געקויפט, אָבער וויבאַלד דער ייד האָט זיך אַפילו בלויז איינגע־רעדט, אַז דאָס איז זיינס, און ווען ער וועט עס צוריקקריגן, וועט עס אים מאַכן גליקלעך, טוט עס. איבעריגנס, איך בין גרייט פאַר מיין געלט אייך צו קויפן אַן אַנדער פייגעלע, אַבי גיט דעם יידן

דאָס פייגעלע, וואָס איז אַזוי ענג פאַרבונדן מיט זיינע דעראינערונ־גען וועגן זיין קינד. און אויב אַפילו דאָס איז ניט זיין פייגעלע, וועט ער זיך פון דעם געדאַנק נישט קאָנען באַפרייען וויבאַלד ער האָט זיך דאָס גענומען אין קאָפּ אַריין. דעריבער גיט מיר אייער פייגעלע און איר וועט זיך זיכער פאַרדינען די גרעסטע מצווה.

אַז איך האָב געענדיקט ריידן, האָב איך געזען ווי דער ייד קוקט מיך אָן און שמייכלט. קענטיק, אַז איך בין אים געפעלן געוואָרן.

— זאָגט מיר נאָר, — ווענדעט ער זיך צו מיר — איר קריגט באַצאָלט פאַר אייער אַרבעט? איר מאַכט אַ לעבן פון „יידישן קאָורט״?

— ניין, דזשענטלמאַן — האָב איך אים געענטפערט — אַ דאַנק גאָט, אַז איך דאַרף נישט מאַכן קיין לעבן פון קהל. מיין מאַן, זאָל געזונט זיין, מאַכט פאַר מיר אַ גאַנץ שיין לעבן. פאַרקערט, דער „יידישער קאָורט״ קאָסט נאָך מיך געלט. איך נעם אַפילו ניט באַ־צאָלט פאַר די הוצאות וועלכע איך מאַך. אָבער איך האָב מיר מיינס. מיין לוין איז די צופרידנקייט ווען איך קען מענטשן טאָן אַ טובה און זיי פאַרשאַפן גליק און פאַרגעניגן, ווי אין דעם איצטיקן פאַל מיט דעם פייגעלע. נו, זאָגט איר מיר צו, אַז איר וועט מיר צוריק־געבן דאָס פייגעלע?

— יעס, מעם — האָט דער מאַן געענטפערט — איך בין זייער צופרידן צו זען אַז עס געפינען זיך נאָך אידעאַליסטישע מענטשן, וועלכע טוען גוטע, מענטשלעכע אַרבעט נישט פאַר געלט, נאָר פאַרן וואוילזיין פון דער מענטשהייט. יעס, מען דאַרף אייך געבן קרעדיט. קומט אַריין אין צוויי טעג אַרום אין מיין סטאָר און איך וועל אייך געבן אייער פייגעלע, און קיין אַנדערס דאַרפט איר מיר ניט צוריקקויפן. איך וועל מיר אַליין קויפן פאַר מיין געלט, אָבער מיין פרוי וועט נישט טאָרן וויסן אַ וואָרט וועגן דער גאַנצער געשיכטע. זי איז אַזוי אויך נישט קיין דיימאָנד, אָבער איר ווייסט

דאָך, געבראַכט קינדער אויף דער וועלט!, מוז מען טאָן די בעסט. איך וועל מיין פּרוי גאָרנישט דערציילן, כ׳וועל קויפן אַן אַנדער פייגעלע, עס אַריינשטעלן אין דער שטייג און ברענגען איך אַהער דאָס פייגעלע פון דעם אינוואַליד.

דערהערט די ווערטער, בין איך געוואָרן אַזוי דערפרייט, אַז איך האָב דעם מאַן שיר נישט געוואָלט אַרומנעמען קושן. איך האָב אים שטאַרק געדאַנקט פאַר זיין האַנדלונג, געמאַכט קאָמפּלימענטן און בין אַוועק אַ גליקלעכע אַ היים. די צוויי טעג האָבן זיך געצויגן ווי לאַנגע יאָרן. ענדלעך איז געקומען דער מאָמענט ווען איך בין ווידער אַריין צו דעם ייִד אין סטאָר און ער האָט מיר טאַקע געגעבן דאָס פייגעלע אין אַ קליין באָקסל. איך האָב אים ווידער האַרציק באַדאַנקט און בין מיט גרויס פרייד אַוועק צו דעם קריפּל. דאָס־מאָל בין איך נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן. איך האָב זיך געפילט אַזוי גליקלעך ווי איך וואָלט געוואונען דאָס גרויסע געווינס.

ווען דער ייִד האָט מיך דערזען אַריינקומען מיט אַ קליין באָקסל אין דער האַנט, האָט ער זיך באַלד אָנגעשטויסן וואָס איך האָב אים געבראַכט. זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן, איבער זיינע באַקן האָבן גענומען רינען טרערן פון פרייד.

— מיסעס לעבן, איר זאָלט זיין געזונט מיט אייער גאַנצער פאַמיליע און איר זאָלט קיינמאָל אין אייער לעבן נישט וויסן פון קיין צרות — האָט דער ייִד מיר גענומען ווינטשן — אויב עס איז דאָ אַ גן־עדן, האָט איר אים איצט פאַרדינט.

איך האָב אַרויסגענומען דאָס פייגעלע און עס אים געגעבן. דער מאַן האָט צוגעטוליעט דאָס פייגעלע צו זיינע באַקן, עס געקושט און געשעפּטשעט:

— מיין שלמה׳לע, ביסט צוריקגעקומען צו דיין פאָפּאָ. אָ, איצט וועל איך דיך שוין היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ!

איך בין געשטאַנען אין אַ זייט און געשעפּט נחת ווי איך האָב דורך אַ פייגעלע צוריקגעבראַכט גליק צו אַן אומגליקלעכן.

# „כבוד אב"

עס איז אַריינגעקומען אַ מאַן און זיך אַוועקגעזעצט נעבן מיין דעסק.

ווען כ'האָב אים געפרעגט אויף דער אורזאַך צוליב וועלכער ער איז געקומען, האָט ער דערציילט אַזאַ געשיכטע:

— איך בין 75 יאָר אַלט. איך בין קראַנק און האָב דאָ אין בראָנקס קיינעם נישט, אָבער איך האָב איין זון, וואוינט ער אין פילאַדעלפיע. ער איז זייער רייך, ער פאַרמאָגט אַ גרויסע פעקטאָרי, ער האָט אייגענע הייזער. ער האַלט אַ דינסט צו די קינדער, נאָר פון מיר וויל ער גאָרנישט וויסן.

איך קוק אָן דעם יידן. ער קוקט מיר אויס צו גוט פאַר זיין עלטער. איך וואָלט אים דאָס העכסטע געשאַצט אויף 65 יאָר. ער האָט אויסגעזען אַ קרעפטיק יידל, וואָס האָט זיך אַ פּנים שטענדיק זייער ליב געהאַט און דעריבער זעט ער אויס יונגער ווי ער איז.

— און פון וואַנען נעמט איר אויף צו מאַכן אַ לעבן? — פרעג איך אים.

ענטפערט ער מיר, אַז ער קריגט רעליף און עס איז אים טאַקע זייער שווער אויסצוקומען. ער איז קראַנק, ער דאַרף האָבן אויף דאָקטוירים און מעדיצין. און ער נעמט טאַקע באַלד אַרויס פון טאַש פעק מיט פּאַפּירן און ווייזט מיר, אַז ער שלעפּט זיך אַרום איבער פאַרשידענע האָספּיטאַלס, און באַלד נעמט ער מיר אויסרעכענען אַ גאַנצן באַרג מיט קרענק אויף וועלכע ערליידט.

— נו, דאָס איז דאָס געזעץ פון דער נאַטור — נעם איך אים טרייסטן — אַז ווען מען קומט אויף דער עלטער, טשעפּן זיך צו צום מענטש אַלערליי קראַנקהייטן, אָבער נישקשה, איר זעט אויס גאַנץ

קרעפּטיק און איר דאַרפט זיך נישט זאָרגן, איר וועט זיך אַזוי אַריינשלעפּן ביז 120 יאָר.

— יאָ, — ענטפערט ער מיר — איך דאַרף דאָך אָבער געלט צו לעבן און זיך צו קורירן. איך האָב אַזאַ רייכן זון, איז דאָס אַ יושר. אין דער וועלט, אַז איך זאָל זיך אַזוי מאַטערן, אַז ער זאָל מיר נישט געבן גענוג געלט צו קאָנען לעבן ווי אַ מענטש און נישט דאַרפן אָנקומען צו טשאַריטי?

— טאָ וואָס ווילט איר, אַז מיר זאָלן טאָן? — פרעג איך ווידער דעם ייד — ווען אייער זון וואָלט געוואוינט אין ניו יאָרק, וואָלטן מיר אים געשיקט אַ לעטער, אַז ער זאָל קומען און דערשיינען פאַר אונזער קאָורט, אָבער אַז ער וואוינט אין פילאַדעלפיע, קאָנען מיר גאָרנישט טאָן. אָבער פאַרוואָס פאָרט איר אַליין נישט צו אים און רעדט זיך מיט אים דורך?

ענטפערט מיר דער ייד, אַז ער איז ערשט נעכטן צוריקגעקומען פון פילאַדעלפיע. ער האָט זיך געליען געלט אויף קאַרפעיר, און ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט ביים זון אין הויז, האָט די דינסט געעפנט די טיר, און ווען ער האָט איר געזאָגט, אַז ער וויל זען דעם באַלעבאָס, האָט זי אים אַריינגעלאָזט. אָבער אַזוי ווי זיין זון האָט אים דערזען, האָט ער זיך צעשריען: „מיסטער, איך קען אייך נישט. איך האָב אייך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט באַגעגנט! טראָגט זיך שנעל אָפּ פון דאַנען. איך האָב נישט קיין טאַטען. מיין טאַטע ליגט שוין לאַנג אין דער ערד. איר זענט אַ פּשוטער פעיקער". ער האָט שנעל פאַרקלאַפּט די טיר און נישט אַריינגעלאָזט זיין פאָטער.

— טאָ וואָס האָט איר נאָכדעם געטאָן? — פרעג איך דעם ייד.

— איך בין די נאַכט אָפּגעזעסן אין פּאַרק — ענטפערט מיר דער ייד — צומאָרגענס בין איך אַוועק צום רב פון דער געגנט, וואו מיין זון וואוינט, און אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. דער רב האָט זיך זייער געוואונדערט, ווייל מיין זון איז אַ פּרעזידענט פון אַ שול, ער גיט אַ סך צדקה, איז ביי אַלעמען זייער באַליבט, און ער זאָל אַזוי האַנדלען קעגן אַן אייגענעם טאַטן! דער רב האָט באַלד

געשיקט נאָך אים און ער איז טאַקע געקומען, און דער אויסוואורף, מיין זון, הייסט עס, האָט געלייקענט שטיין און ביין, אַז איך בין זיין טאַטע. ער האָט אַלץ גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט נישט קיין טאַטען. איך בין אַן איינפאַכער שווינדלער און בין געקומען צו אים אויסנאַרן געלט. ער האָט געוואָרנט דעם רב, אַז ער זאָל מיך ראַטן זיך אָפּ־צוטראָגן, ווייל אויב נישט וועט ער מיך לאָזן אַרעסטירן פאַר בלעיק־מעיל. איך האָב געזען, אַז קיינער גלויבט מיר נישט וואָס איך זאָג, האָב איך געבעטן אויף קאַרפעיר, וועל איך צוריקפאָרן קיין ניו יאָרק. מיין זון האָט מיט פאַראַכטונג געגעבן אַ וואָרף אויפן טיש אַ פינף־דאָלאַר ביל און מיך נאָך אַמאָל געוואָרנט זיך באַלד אָפּצוטראָגן. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב קיין אַנדערע ברירה נישט געהאַט, און אָט בין איך דאָ.

איך האָב אָנגעהויבן אריינצוטראַכטן זיך אין דער געשיכטע וואָס דער ייד האָט דערציילט. די פראַגע איז ווער איז גערעכט? איז נישט אַמאָל דער ייד אַ משוגענער, ווייל קיין שווינדלער זעט דער ייד נישט אויס צו זיין. גיכער איז ער אַ קרענק, אַ משוגענער, ווי עס פאַסירט טיילמאָל אין לעבן, וואָס מען זעצט זיך אָן אויף אַ מענטשן און מ׳רעדט אים איין און טאַקע זיך אַליין אויך, אַז יענער איז אַ נאָנ־טער קרוב? ניין, דער ייד רעדט צו ערנסט, אַז ער זאָל זיין אַ קרענק. דעריבער בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז דאָ איז עפּעס פאַרוויקלט אַ טראַגעדיע, וועלכע איז נאָך דערווייל פאַרבאָרגן און וועלכע מען דאַרף אויפדעקן און ערשט דעמאָלט וועט מען קאָנען לעזן דאָס גאַנצע פּראָבלעם.

איך האָב זיך דעריבער געווענדעט צו דעם ייד און געזאָגט:

— הערט, מיין ליבער ייד, איך וויל אייך בעטן, אַז איר זאָלט מיר אויף אַלעם ענטפערן. אָבער מיט איין באַדינג, אַז איר זאָלט מיר זאָגן נאָר דעם אמת, דאַן וועל איך מיט אַלע מעגלעכקייטן זען אייך צו העלפן. טאָמער אָבער וועט איר מיר נישט זאָגן דעם אמת, איז אַ שאָד אייער צייט און מיין מי. איך זיץ דאָ און אַרבעט אומזיסט, אַן שום באַצאָלט. איך גיב אַוועק מיין צייט און מיין געזונט, נאָר דער־

פאַר ווייל איך וויל אַרויסהעלפן אַזעלכע מענטשן ווי איר. מיין לוין באַשטייט אין דעם אויב עס געלונגט מיר עפּעס אויפצוטאָן פאַר אַט די מענטשן ווי איר. אַלזאָ, וועט איר מיר העלפן?

— יאָ — ענטפערט ער מיט אַן ערנסטער מינע — פרעגט מיך און איך שווער אייך, אַז איך וועל אייך דערציילן דעם גאַנצן אמת.

— איר זאָגט, אַז דאָס איז אייער זון, כאָטש ער לייקענט, אַז איר זענט זיין פאָטער?

— יאָ, איך שווער אייך ווי איך בין אַ ייד, אַז ער איז מיין זון.

— און איר זענט זיין פאָטער?

— יאָ, איך בין זיין פאָטער.

— דעריבער פאַרשטיי איך נישט ווי אַזוי קומט אַזאַ האַס פון אַ זון צו זיין פאָטער. זאָגט מיר אָפן, זענט איר געווען גוט צו אים ווען ער איז געווען אַ קינד?

— ניין.

— ווי קומט עס?

— עס איז אַזאַ געשיכטע: ווען מיין פרוי איז געשטאָרבן, איז דאָס יונגל אַלט געווען אַ יאָר 14. ער איז געווען זייער אַ שלעכטער באָי. ער האָט נישט געוואָלט גיין אין סקול. ער איז געלעגן אימער אין די פּאָלרומס און געגעמבלט. איך האָב אים דערפאַר אַרויסגע־טריבן פון שטוב און זיך אויפגעהערט וועגן אים אינטערעסירן. פון דעמאָלט אָן האָב איך נישט געוואוסט וואו ער איז אַהינגעקומען.

— ווען האָט איר געזען אייער זון דאָס לעצטע מאָל? — פרעג איך דעם ייד.

ער פאַרטראַכט זיך אַביסל, דערנאָך זאָגט ער:

— לאָמיך זיך נאָר דערמאָנען. דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב אים געזען, האָט ער באַדאַרפט אַלט זיין אַ יאָר 18. ער איז נאָך אַלץ געווען דער זעלבער באָם ווי ווען איך האָב אים פאַרטריבן פון שטוב. פון דעמאָלט אָן איז ער אַזוי ווי אין וואַסער אריין, און דעם אמת

געזאָגט, האָב איך אים אפילו נישט געפּרובט זוכן. ערשט היינטיקס יאָר האָט מיר אַ לאַנדסמאַן אָפּגעגעבן אַ גרוס פון אים, אַז ער איז זייער רייך און עס גייט אים זייער גוט. איך דענק, אַז ער וואָלט מיר געדאַרפט זיין דאַנקבאַר, ווייל איך האָב דאָך אים געטריבן צו זיין גוטן. ער איז געוואָרן אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. עס קאָן זיין, אַז ווען איך טרייב אים נישט אַרויס, וואָלט ער קיינמאָל זיך נישט אויס־געמענטשלט.

איך האָב איינגעזען אַז דער ייד טשעפּעט זיך נישט גלאַט צו עפּעס אַ רייכן מענטש, וועלכן ער וויל בלעיקמעילן. דער פילאַדעלפ־יער גביר איז טאַקע זיין זון, וועלכן ער האָט אָבער אַליין פאַרטריבן פון זיך נאָך אַלס קינד. איצט וואָלט מען געדאַרפט הערן וואָס דער זון האָט צו זאָגן.

דער יידישער קאָורט האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו דעם זון אין פילאַדעלפיע און אין עטלעכע טעג אַרום איז פון אים געקומען אַן ענטפער, אַז ער קומט צום פּראָצעס. געקומען דער טאָג פון פּראָ־צעס. דער גאַסט פון פילאַדעלפיע איז געקומען. באַלד אויף די ערשטע פראַגן פון אונזער רב, האָט ער נישט געלייקנט, אַז דער ייד איז זיין פאָטער און ער איז זיין זון, אָבער אָט איז זיין „סטאָרי" ווי ער האָט זי דערציילט:

— ווען איך בין געבליבן אָן אַ מאַמע, ווען מיין מוטער, הייסט עס, איז געשטאָרבן, האָט מיין פאָטער מיך גענומען שלאָגן מכות רצח. ער האָט געשניטן פּאַסן פון מיר. איך בין געווען א יינגל פון אַ יאָר 15 ווען ער האָט מיך אַרויסגעטריבן פון שטוב. איך האָב זיך געוואַלגערט אין פּאַרקס. איך געדענק נאָך גוט די קלעפּ מיט וועלכע די פּאָליסלייט האָבן מיך מכבד געווען ווען זיי האָבן מיך געפונען ליגן אין די פּאַרקס. איך פלעג אַרומגיין אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. גאַנצע טעג האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט הונגעריק, און מיין טייערער פאָטער האָט פון מיר נישט געוואָלט וויסן. דאָס איז אַ טאַטע! ניין, דאָס איז אַן אונמענטש, נישט קיין פאָטער! איך האָס אים פון מיין

טיפן האַרצן. די סיבה פאַרוואָס איך בין אַהערגעקומען איז, ווייל איך האָב געוואָלט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָפּדעקן זיין פּנים. איך ווייס, אַז מען הערט מיין געשיכטע, ווייל איך רעד דאָך אויף דער ראַדיאָ און טויזנטער מענטשן הערן זיך צו. זאָל מען וויסן, אַז עס זיינען דאָ אויף דער וועלט אַזעלכע הפקר־מענטשן, וואָס האָבן די חוצפּה זיך צו רופן „טאַטע״. אַזעלכע טאַטעס קומען נאָך דערנאָך פאָדערן, אַז מען זאָל זיי אָפּגעבן כבוד אב. זעט איר, ליבע פריינט, ווען איך בין יאָ פאַרפליכטעט אַ דאַנק, דאָס איז צו צוויי מענטשן פון מיין שטאָט, פרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אויף מיר רחמנות. זיי האָבן מיר געגעבן אַ וואַרעמע היים. זיי האָבן מיך געטרייסט און געמוטיקט. זיי האָב איך צו פאַרדאַנקען וואָס איך האָב זיך אַרויסגעדרייט און דאָך געוואָרן אַ לייט. ווען גאָט האָט מיר גע־האָלפן און כ׳בין געוואָרן אימשטאַנד, האָב איך טאַקע די צוויי מענטשן אַריינגענומען צו מיר אין הויז און זיי זיינען ביי מיר ביז צום היינטיקן טאָג. זיי אַכט איך און שעץ. זיי טייל איך צו כבוד, זיי קריגן ביי מיר דעם „כבוד אב ואם״, ווייל זיי זיינען דאָס ווערט, ווייל זיי האָבן זיך דאָס פאַרדינט מיט זייערע האַנדלונגען צו מיר. אמת, אַז איך בין רייך, איך בין, אַ דאַנקן גאָט, גליקלעך פאַרהייראַט, האָב אַ טייערע פרוי און צוויי בריליאַנטענע קינדער, אמת, אַז איך גיב אַ סך צדקה, אָבער אָט דעם פאַרשוין, וואָס שרייט, אַז ער איז מיין טאַטע, פון אים וויל איך נישט וויסן. אים וועל איך קיין פּעני נישט געבן. איך וויל אפילו נישט טראָגן זיין טרייפענעם נאָמען, און, ווי איר ווייסט, האָב איך געענדערט מיין פאַמיליע־נאָמען אַלץ דער־פאַר ווייל איך האָב נישט געוואָלט האָבן קיין שייכות צו אָט דעם מענטש, וואָס האָט אַלץ געטאָן אין דער וועלט, אַז איך זאָל אונטער־גיין. דעריבער זאָג איך מיך ווייטער אָפּ צו האָבן מיט אים וועלכן עס איז מגע ומשא.

מיר האָבן איינגעזען וואו די טראַגעדיע ליגט דאָ, אָבער דער רב האָט דאָך געפּרובט צו אַפּעלירן צו דעם פילאַדעלפיער, אַז היות ווי ער קאָן נישט אָפּלייקענען, אַז דאָס איז זיין געזעצלעכער פאָטער,

און היות ווי דער פֿאָטער איז אַן אַלטער מאַן און איז עלנט און אָרעם, זאָל ער אים כאָטש געבן 5 דאָלאַר אַ וואָך. דער זון איז אָבער גע־בליבן פֿאַר'עקשנ'ט, אַז ער וועט פֿאַר קיין פֿאַל נישט געבן קיין סענט, און פֿאַר כעס איז ער אַוועק פֿון קאָורט אָן אַ זיי־געזונט.

# ווער איז גערעכט?

**איינמאָל** זיינען אין אָפּיס אַריינגעקומען אַ פרוי און אַ מאַן. איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פאַרהייראַט פּאָרל. די פרוי איז צוגעקומען נאָענט צו מיר און דער מאַן איז געבליבן זיצן אין אַ קאָרנער.

איך האָב די פרוי גוט באַטראַכט. זי האָט אויסגעזען זייער פאַר־צווייפלט. אירע אויגן זיינען געווען שטאַרק רויט פון וויינען. מען האָט נישט געדאַרפט זיין קיין צו גרויסע חכמה צו וויסן, אַז די פרוי איז אין גרויס טראָבל. איך האָב זי געבעטן זיצן און זי געפרעגט צוליב וואָס זי איז צו אונז געקומען. די פרוי האָט זיך צעוויינט אויפן קול, און ערשט נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַביסל באַרויאיקט, האָב איך איר געזאָגט:

— מיין ליבע פרוי. אויב איר וועט האַלטן אין איין וויינען, וועט איר נישט קאָנען ריידן און איך וועל נישט קאָנען וויסן צוליב וואָס איר זענט געקומען און ממילא וועל איך גאָרנישט קאָנען העלפן. די ערשטע וויכטיקע זאַך איז, אַז איר זאָלט זיך באַרויאיקן און מיר דערציילן אייער סטאָרי, וואָס עס דריקט אייך אויפן האַרצן.

די פרוי האָט מיך געפאָלגט און אָט וואָס זי האָט גענומען דער־ציילן:

— מיר קומען איצט פון ניו דזשוירזי, וואו מיר וואוינען. אָט דער מאַן, וועלכער זיצט דאָרט אין קאָרנער, איז טאַקע מיין שלימ־מזלדיקער מאַן. מיר האָבן אַן איינציק טעכטערל פון 22 יאָר. זי האָט אַלע מעלות, שיין און קלוג, אַז נאָר אַ ברכה צו מאַכן. ביז מיט אַ זעקס חדשים צוריק איז זי געווען אַ טייער קינד. זי האָט מיך, ווי ווייט מעגלעך, געפאָלגט, אָבער מיט איינמאָל איז זי געוואָרן ווי

אַן איבערגעביטענע, גאָרנישט מיין שוירלי! איך זאָג אייך, נאָר אַ דיבוק איז אַריין אין דעם מיידל. זי וויל מיך מער נישט פאָלגן און נאָר זי שרייט און שילט מיך אפילו מיט טויטע קללות. עס איז גאָר־נישט געווען איר נאַטור, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. זי שלעפּט זיך אַרום מיט סאָלדאַטן גאַנצע נעכט. מיט איין וואָרט, זי איז געוואָרן אַ גאַנצע באָמערקע. איך האָב געטרייעט מיט גוטן, און עס האָט ליידער נישט געהאָלפן, האָב איך גענומען טרייען מיט בייזן, און עס העלפט אויך נישט. די לעצטע שורה איז, אַז זי האָט זיך גאָר אויפגעהויבן און איז פאַרשוואונדן. איך ווייס זאָגאַר נישט גענוי וואו זי געפינט זיך. עפּעס ווייס איך יאָ, אַז זי איז אין ניו יאָרק, ערגעץ וואו אין אַן אַלטן אַפּאַרטמענט מיט נאָך אַזאַ פרויקע ווי זי. גאָט, מיין גאָט, איצט וועט זי אינגאַנצן נעמען זינקען און איין גאָט ווייס וואָס איר סוף וועט נאָך זיין.

די פרוי האָט ווידער גענומען וויינען אויפן קול. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איצט איז נישט דער מאָמענט איר צו שטערן דאָס וויינען. זאָל זי זיך אַביסל אויסוויינען, אפשר וועט דאָס אַביסל פאַר־גרינגערן איר שמערצן. און אַזוי איז טאַקע געווען. זי האָט זיך באַלד באַרואיקט און גענומען ווייטער ריידן:

דערהערט וואָס זי וויל פון אונז, האָב איך איר געזאָגט:

— מיין ליבע פרוי, עס טוט מיר זייער לייד. איך פיל אייך מיט, אָבער איך קאָן אייך נישט העלפן. ערשטנס, וואוינט איר אין ניו דזשוירזי, וואו מיר אַרבעטן נישט. צווייטנס, ווייסט איר אפילו נישט וואו אייער טאָכטער געפינט זיך איצט. וואָלט איר כאָטש דאָס גע־וואוסט, וואָלט איך נאָך אַליין זיך אויפגעהויבן און אוועקגעגאַנגען צו איר און מיט איר גערעדט, אפשר וואָלט איך אויף איר עפּעס גע־ווירקט. און נאָך אַ זאַך, פאַרוואָס טוט איר גאָרנישט ביי אייך אין שטאָט? דאָרט איז זיכער דאָ אַ סאָשל סערוויס־אָפּיס. זיי וועלן אייך זיכער קאָנען אָנשטעלן דעטעקטיווס צו געפינען אייער טאָכטער. מיין ליבע פרוי, איך קאָן ליידער גאָרנישט טאָן פאַר אייך!

ווי די פרוי האָט דאָס דערהערט, איז זי געוואָרן אָנגעצונדן און גענומען שרייען אויף מיר:

— קוק זי נאָר אָן, די פּרינצעסין, זיצט זיך דאָ אויסגעפּוצט אין אַ פענסי דרעס מיט פּאַטשערקעס און גיט מיר עצות, אַז איך זאָל גיין אין מיין שטאָט צו אַ סאָשל סוירוויס. אַ דאַנק אייך פאַר אייער קלוגער עצה. איך בין שוין דאָרט געווען, און, וואָס מיינט איר, האָבן זיי מיר געזאָגט, דאָסזעלבע וואָס איר דאָ! איר זענט אַלע די אמת׳ע בעלי טובות! אָך און ווי איז צו אַ מענטש אַז ער דאַרף אָנקומען צו וועמען פון אייך!

ווען די פרוי האָט אַזוי גערעדט, בין איך געזעסן ווי אַ דער־הרג׳עטע. איך האָב געפילט ווי זי אויסצופּאַטשן. הער נאָר אַ חוצפה פון אַ יאַכנע. קומט אַזש פון ניו דזשוירסי מיך אַזוי צו באַליידיקן. איך האָב זיך מער נישט געקאָנט איינהאַלטן און רוף זיך אָן צו דער פרוי:

— מיסעס, איר האָט שוין געענדיקט? טאָ הערט זשע איצט מיך אויס, ווייל איך האָב אויך אייך עפּעס צו זאָגן.

די פרוי האָט אויסגעגלאָצט אויף מיר אַ פּאָר אויגן, ווי איך וואָלט איר געזאָגט די גרעסטע איבערראַשונג.

— ווי איך זע — האָב איך אָנגעהויבן — איז עס טאַקע אַ גרוי־סע עוולה פון מיר, וואָס איך האָב זיך אויסגעפּוצט מיט פּאַטשערקעס, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט, אָבער איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן, אַז איך אַרבעט דאָ אָן אַ פּעני געלט, אַז איך ספּענד נאָך מיינע טעּ־לעפאָן קאָלס, מיין קאַרפעיר, און אַז די פענסי דרעס, וואָס איך טראָג, איז פאַר מיין געלט. דער אָפיס דאָ צאָלט מיר נישט קיין סענט. טאָ ווי נעמט זיך צו אייך אַזאַ חוצפה צו שרייען אויף מיר? איר זענט די מאַמע פון אייער קינד, טאָ וואָס קאָן איך וויסן ווי אַזוי איר האָט זי דערצויגן? איך שטעל זיך נאָר פאָר, אַז מיט אַזאַ פּיסקל, ווי איר פאַרמאָגט, האָט זי ביי אייך קיין האָניק נישט געלעקט. מסתמא זענט איר אייער טאָכטער שוין אַזוי דערגאַנגען די יאָרן, אַז זי האָט מער

נישט געקאָנט אויסהאַלטן און איז פון אייך אַנטלאָפן. און נאָך אַ זאַך, הערט מיך אויס, איר מיסעס, דאָס וואָס איר האָט געספּאָילט אין פאַרלויף פון 22 יאָר, ווילט איר, אַז איך, אַ פרעמדע פרוי, וואָס זע אייך צום ערשטן מאָל, און האָב נאָך אייער טאָכטער אפילו פאַר די אויגן נישט אָנגעקוקט און ווייס גאָרנישט וועגן דעם לעבן, וואָס זי האָט ביי אייך געהאַט, זאָל אייך שוין צוריקברענגען אייער טאָכ־טער? וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ כשוף־מאַכערין? שעמען מעגט איר זיך אין אייער וויטן האַלז פאַר דעם נוירוו, וואָס איר האָט, און פאַר אייער באַציאונג צו מיר!

די גאַנצע צייט פון איר דיספּוט, איז איר מאַן געזעסן אין קאָרנער און געשוויגן. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז ער איז אַ שטומער, אָבער אַזוי ווי איך האָב געענדיקט, איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין שטול און אויסגערופן צו זיין פרוי:

— יענטע טעלעבענדע, גיי שוין אַוועק און לאָז מיך ריידן צו דער פרוי. דו מיינסט, אַז זי איז איך, וואָס דו שרייסט אַזוי אויף איר? זי האָט פאַר דיר נישט קיין מורא!

געזען די ביי־געשעפענע סיטואַציע, רוף איך זיך אָן צו דעם מאַן:

— נו, אדרבא, דערציילט, איך בין נייגעריק צו הערן אייער סטאָרי!

דאָ איז די פרוי אויפגעשפּרונגען און דראָענדיק דעם מאַן, האָט זי אויסגערופן:

— געדענק, שמיגעגע מיינער, דו וועסט שוין דיינס קריגן ביי מיר אין דער היים פאַר זידלען דיין פרוי צווישן פרעמדע מענטשן.

איך האָב געהאַט שטאַרק הנאה וואָס איר „שמיגעגע" האָט גע־קראָגן לשון, און איך האָב זיך אָנגערופן צו דער פרוי:

— איר מוזט איצט שווייגן. לאָזט ריידן אייער מאַן. איך מוז וויסן דעם גאַנצן אמת, אפשר וועל איך אייך דעמאָלט יאָ קאָנען עפּעס העלפן.

די פרוי איז געוואָרן אַביסל וויכער, אַזוי ווייט, אַז זי האָט אינ־גאַנצן געענדערט איר שפּראַך און זיך אָנגערופן:

— לעידי, איי עם סארי, וואָס איך האָב פריער אויף אייך גע־שריגן. פּליז, אַנטשולדיקט מיר. איך בין אַזוי פאַרביטערט ווען איך נעם ריידן וועגן מיין אומגליק, אַז מאַנכעס מאָל פאַרליר איך זיך אינ־גאַנצן. איך ווייס נישט וואָס איך רייד. איר זענט דאָך זיכער נישט שולדיק אין מיין אומגליק.

דער מאַן איז איצט געוואָרן גאָר מוטיק, און ער האָט געזאָגט צו מיר:

— אַזאַ יאָר אויף מיר ווי קלוג איר זענט. גלויבט מיר, אַז ווען איך שעם זיך נישט, וואָלט איך אייך געגעבן אַ קוש. איר האָט אַלץ געטראָפן ווי איר וואָלט געווען אַן אמת׳ע טרעפערין.

— נו, דאָס האָט מיר נאָך געפעלט — האָב איך זיך אריינגעמישט

— אייער פרוי וואָלט מיר זיכער געמאַכט אַ פּאָר בלויע אויגן.

— ווי איר קוקט אָן מיין ברײנדעלע קאָזאַק — האָט דער מאַן גע־נומען ריידן — קאָן זי מיט איר פּיסק ברענגען אַ מענטשן אויפן פייער. מיר זיינען שוין פאַרהייראַט 28 אומגליקלעכע יאָר. איך בין איצט 50 יאָר אַלט און זי איז 55. זאָגן אייך דעם אמת, האָב איך נאָך ביי איר נישט געהאַט קיין איין גליקלעכן טאָג. זי איז אַ גרויסער עקשן, און זי וויל, אַז יעדער זאָל טאַנצן לויט איר דודקע. און אָך און ווי איז צו דעם, וואָס וויל איר נישט פאָלגן. איך וואָלט שוין לאַנג פון איר אַוועק, איך וואָלט אַנטלאָפן וואו די אויגן וואָלטן מיך געטראָגן, אויב איך האָב עס ביז איצט נישט געטאָן, איז עס נאָר צוליב מיין קינד, מיין אומגליקלעכע טאָכטער. איך האָב גענוג געליטן און געשוויגן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט מאַכן קיין לייטיש געלעכטער. ווי איר קוקט זי אָן, איז זי זייער כיטרע. פאַר מיר האָט זי נישט קיין מורא. מיט דעם מיידל אונזערן פלעגט זי אָנווענדן אַן אַנדערע טאַקטיק. זי האָט איר קיינמאָל נישט געלאָזט אַרויסגיין מיט באָיס. ווי נאָר דאָס מיידל האָט אַמאָל געהאַט אַ דעיט, פלעגט זי שוין צוטראַכטן אַ

מעשה׳לע, אַז זי זאָל נישט קאָנען גיין צום דעיט. די זאַך איז די, וואָס איך בין אַ בעקער און איך אַרבעט ביינאַכט. אַזוי ווי אונזער טאָכטער האָט געוואָלט אַוועקגיין, פלעגט זי נעמען שרייען, אַז זי איז קראַנק, אַז זי איז פאַרביי, מען מוז שוין רופן אַ דאָקטאָר. מילא, קיין דאָקטאָר איז נישט געקומען, אָבער דאָס מיידל איז שוין געבליבן אין שטוב און איז אין ערגעץ נישט געגאַנגען. אפילו אירע פריינ־דינס האָט זי פאַרטריבן פון אונזער הויז. מיין שוירלי איז אַ טייער קינד. זי האָט גרויס דרך ארץ פאַר איר מוטער און האָט איר אין אַלץ געפאָלגט, ביז עס איז איר אַזוי דערגאַנגען צום האַרצן, אַז עס איז איר נמאס געוואָרן צו זיין אַזוי פאַרשקלאָפּט, און דער סוף איז געווען, אַז דאָס פייגעלע איז אַרויסגעפלויגן פון דעם גאָלדענעם שטייגעלע. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך בענק אַזוי נאָך מיין קינד, אַז איך וועל משוגע פון זאָרגן און בענקען. איך טראַכט איבער דאָס סאַמע ערגסטע. אמת, אַז די מכשפה מיינע, מיין ווייב, האָט דאָס כשר פאַרדינט. אַלע צרות, וואָס זיינען געקומען אויף איר, האָט זי ערלעך פאַרדינט. איך האָב איר אַלע מאָל געוואָרנט, אַז דער סוף וועט זיין נישט גיין גוטער, כ׳האָב איר געבעטן, אַז זי זאָל לאָזן דאָס מיידל גיין איר אייגענעם וועג, ווייל זי איז אַ גוט קינד און זי וועט נישט טאָן קיין שלעכטס. אָבער מיין בריינדעלע קאָזאַק איז אַזוי ווי עס איז געווען אין זיין צייט דער רוסישער צאַר ניקאָליי, אַ זעלבסט־הערשער, זי האָט נאָר געוואָלט הערשן איבער אַלעם און קודם כל איבער איר קינד. הלואי זאָל מיין יידענע האָבן אַזאַ סוף ווי צאַר ני־קאָליי האָט געהאַט. עס וואָלט געווען אַ מצוה אויף איר. זי האָט גאָר אַנדערש נישט פאַרדינט. אַזוי לאַנג זאָל זי לעבן, דער שלאַק, ווי לאַנג איך וועל זיך האַלטן מיט איר. אַזוי ווי זעט נישט אַן איר ליינקן אויער, אַזוי וועט זי מיך אויך באַלד נישט אָנזען, אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מיין טאָכטער? אויף איר, אויף מיין קינד, וויינט מיר מיין האַרץ...

און דער מאַן האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד.

עס האָט מיך אָנגענומען ביים האַרצן צו זען ווי אַ דערוואַקסע־נער מאַן וויינט, און איך האָב אים גענומען טרייסטן און באַ־רואיקן:

— נו, איך גלויב, אַז אייער פרוי טרייבט שטאַרק איבער. עס איז נישטאָ קיין שום זיכערע זאַך, אַז אייער טאָכטער איז טאַקע אַזוי נידריק געפאַלן. איר באַמיט זיך נאָר אויסצוגעפינען וואו אייער שוירלי געפינט זיך און איך גיב אייך מיין וואָרט, אַז אַך וועל צוגיין צו איר און זען זי באַוועגן, אַז זי זאָל אַהיימקומען.

דער מאַן האָט מיר האַרציק באַדאַנקט וואָס איך נעם אַזאַ איב־טערעס אין זיין לאַגע און ער איז אַוועק מיט זיין ווייב.

עס זיינען אַריבער אייניקע וואָכן, און די זעלבע פרוי איז ווידער געקומען, אָבער דאָסמאָל אָן איר „שמיגעגע", ווי זי האָט גערופן איר מאַן. זי האָט מיר געוויזן אַן אַדרעס און געזאָגט, אַז דאָס איז די אַד־רעס וואו איר מיידל וואוינט. זי האָט ענדלעך געפונען די אַדרעס און זי איז שוין טאַקע דאָרט געווען ביי איר.

— און הערט — זאָגט זי — איך האָב מיין טאָכטער געבעטן מיט גוטן, אַז זי זאָל אַהיימקומען. איך האָב זי געבעטן, אַז זי זאָל האָבן אויף מיר רחמנות און זיך צוריקקערן אין שטוב. ווייסט איר וואָס זי האָט געטאָן? זי האָט מיר ערקלערט, אַז איך זאָל זי לאָזן צורו. זי איז שוין איבער 21 יאָר און האָט אַ רעכט אויף איר אייגן לעבן.

און דאָ נעמט די פרוי פלוצלינג און צעוויינט זיך:

— איך קען זיך נישט איינהאַלטן און מוז אייך זאָגן דעם אמת. זי האָט מיך אַרויסגעוואָרפן.

איך האָב דערזען פאַר מיר איצט גאָר אַן אַנדערן מענטש. נישטאָ מער די „בריינדעלע קאָזאַק", ווי איר מאַן האָט איר אָנגערופן בעת איר ערשטן באַזוך. פאַר מיר איז געזעסן אַן אומגליקלעכע פאַר־צווייפלטע מוטער, און מיין האַרץ האָט מיר גענומען וויי טאָן פאַר איר.

די פרוי איז אַביסל געקומען צו זיך און גענומען ווייטער ריידן:

— איר זענט דאָך אויך אַ מאַמע, איר קאָנט דאָך פילן מיין פאַר־בלוטיקט האַרץ. איך זאָג אייך, אַז איך האָב זי געהיט ווי מען היט אַ טייערן דיימענט. איך פלעג איר באַדינען ווי אַ פּרינצעסין. אָבער איר ווייסט דאָך, אַ מיידל דאַרף מען היטן. קאָן זיין, אַז איך האָב זי שוין צופיל געהיטן, אָבער איך האָב דאָך פאָרט נישט געמיינט קיין שלעכטס. אָבער אַ פּנים, אַז עס איז טאַקע אמת, אַז וואָס צופיל, טויג נישט. בעט איך אייך, טייערע פרוי, און איך רייד צו אייך ווי אַ מוטער צו אַ מוטער, האָט אויף מיר רחמנות, גייט אַריבער צו איר, אפשר וועט זי אייך יאָ פאָלגן און זי וועט אַהיימקומען.

איך האָב דער פרוי צוגעזאָגט, אַז איך וועל זען וואָס איך קאָן טאָן, אָבער איך האָלט נישט פאַר פּראַקטיש באַלד צו איר צוצוגיין, אפשר איז זי אַזוי פאַרביטערט, אַז זי וועט מיך גאָרנישט וועלן צו־לאָזן צו זיך, וואָרום וויבאַלד זי האָט אַזוי שלעכט אויפגענומען איר אייגענע מוטער, טאָ וואָס קאָן נאָך געשען מיט אַ פרעמדער פרוי, דעריבער גלויב איך, אַז עס וועט זיין בעסער, אַז איך זאָל איר צוערשט צושרייבן אַ בריוול און בעטן, אַז זי זאָל מיך אויפנעמען. ערשט ווען זי וועט איינוויליקן דערצו, וועל איך צוגיין און מיט איר ריידן.

איך האָב גענומען ביי דער פרוי די אַדרעס פון איר טאָכטער און איר אַדרעס און צוגעזאָגט איר צום שרייבן וואָס איך האָב געמאַכט ביי איר טאָכטער. זי האָט מיר האַרציק געדאַנקט און איז אַוועק.

איך האָב באַלד אַוועקגעשיקט אַ בריוול צו דעם מיידל און איר געבעטן מיך אויפצונעמען. ווי איבעראַשט בין איך געווען, אַז איך האָב באַלד צוריקגעקראָגן פון איר אַן ענטפער, אַז זי איז זייער צו־פרידן מיך צו האָבן ביי זיך, ווייל זי האָט געהערט וועגן אונזער אָר־גאַניזאַציע און זי ווייס, אַז מיר טוען זייער גוטע אַרבעט.

ווען איך האָב אָנגעקלונגען ביי איר אין הויז, האָט מיך באַ־געגנט אַ שיין מיידל מיט אַ שיינעם קאָפּ רויטע האָר. זי איז געווען

נעט געדרעסט און איך האָב זיך ממש פאַרליבט אין איר פון ערשטן בליק.

איך האָב דערוואַרט צו טרעפן עפּעס אַ „האָט בעיבי״, ווי מען זאָגט אין ענגליש, און דאָ האָב איך גאָר געזען פאַר זיך אַן אמת יידיש מיידל. זי האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, אַריינגעפירט אין שטוב און מיך געבעטן זיצן.

— אויב איר האָט צייט — האָט זי געזאָגט — וועל איך אייך דערציילן מיין סטאָרי און דעמאָלט וועט איר קאָנען אַרויסטראָגן אַן אורטייל.

— איך האָב גענוג צייט — האָב איך געענטפערט — צוליב דעם בין איך דאָך אַהערגעקומען. זאָגט מיר פאַרוואָס זענט איר אַנטלאָפן פון דער היים ?

— איך בין אַנטלאָפן פון דער היים, ווייל מער האָב איך נישט געקאָנט פירן אַזאַ לעבן. די שולד איז מיין מוטערס. איך ווייס, אַז זי ליידט, אָבער איך האָב געמוזט מאַכן אַזאַ אָפּעראַציע. נישקשה, זי וועט זיך צוגעוויינען צו די צרות. איר ווייסט נישט ווי אַזוי מיין מוטער האָט מיר צעבראָכן מיין לעבן. אָט הערט : איך האָב געהאַט חשק צו ווערן אַ נורס, אָבער זי, מיין מאַמע, האָט דורכאויס גע־וואָלט, אַז איך זאָל ווערן אַ בוקקיפּער, און זי האָט אויסגעפירט, ווייל איך האָב נישט געהאַט דעם כח מיט איר צו קעמפן. איר קענט נישט מיין מאַמע. מיט איר קאָן מען נישט קעמפן. ביי איר געווינט מען נישט. זי איז אַ פולשטענדיקער דיקטאַטאָר. עס איז מיר אַ גרויסער רחמנות אויף מיין פּאָפּאַ. ער פלעגט ליידן און שווייגן. ער וואָלט שוין לאַנג געווען אַנטלאָפן פון איר, אָבער ער ליבט מיך זייער שטאַרק און צוליב מיר האָט ער זיך געהאַלטן. ווען ער וואָלט גע־האַט גענוג מוט, וואָלט ער איצט געדאַרפט מיט איר שלאָגן כפרות. עס וואָלט געווען אַ מצווה אויף איר, ווייל קיין בעסערע באַהאַנדלונג פאַרדינט זי נישט. איך האָב, ווי איך האָב אייך פריער געזאָגט, איר געמוזט פאָלגן און ווערן אַ בוקקיפּערין, אָבער איך בין קיינמאָל נישט געווען צופרידן פון מיין דזשאָב, ווייל עס איז מיר נישט געווען איב־

טערעסאַנט. די ציפּערן אין די ביכער פלעגן לויפן פאַר מיינע אויגן און זיי האָבן מיך געמאַכט נערוועז. עס האָט מיך געצויגן צו זיין אַ נוירס, צו קאָנען העלפן מענטשן, אָבער רייד מיט מיין מוטער. איר האָט קיינער נישט געקאָנט איבערשפּאַרן. ווי איר זעט, בין איך שיין און יונג, און איך גלויב, אַז איך האָב אַ רעכט צו האָבן אַ גוד טיים, אַרויסגיין מיט באָיס און מיידלעך פון מיין עלטער, אָבער נישט ביי מיין מאַמען. דאָס וואָס זי האָט נישט געקאָנט אויספירן מיט אָנ־שרייען אויף מיר, האָט זי אויסגעפירט מיט סקימס און קונצן. זי פלעגט זיך צובינדן דעם קאָפּ און שרייען, אַז זי איז פאַרביי, כ׳זאָל איר זאָפאָרט ברענגען אַ דאָקטאָר. זי ליידט טאַקע פון גאַל בלאָדער, פלעגט זי האָבן אַ גוטן אויסרייד, און יעדעס מאָל, ווי נאָר איך האָב געוואָלט אַרויסגיין פון שטוב, האָט זי באַקומען אַן „אַטאַקע״ און איך האָב שוין, ווילענדיק אָדער נישט ווילענדיק, געמוזט בלייבן מיט מיין מאַמען אין שטוב.

און אָט איז די לעצטע געשיכטע, וואָס זי האָט מיר אָפּגעשפּילט, וואָס האָט שוין איבערגעשטיגען אַלץ, און וואָס האָט צוגעפירט, אַז איך זאָל פאַרלאָזן די שטוב: איך האָב גענומען אויסגיין מיט זייער אַן אינטעליגענטן באָי, אַ ביזנעס מאַן. מיר האָבן זיךביידע געליבט, נאָר מיין מוטער האָט, אָן שום מאָטיוו, באַשלאָסן, אַז זי מוז צעשטערן אונזער פאַרבינדונג. איינמאָל איז דער באָי געקומען צו אונז אין שטוב מיך נעמען אין טעאַטער פאַר וועלכן ער האָט געהאַט רעזער־ווירט טיקעטס. איך האָב זיך געהאַט ספּעציעל געקויפט אַ נייע דרעס כדי צו גיין אָנגעטאָן ווי עס פּאַסט אין אַ פיין טעאַטער. מיין באָי פרענד איז געזעסן אין פאַרלאָר און איך האָב זיך גענומען אָנטאָן. פּלוצלינג האָב איך דערהערט גוואַלדן. ווער מיינט איר האָט עס גע־מאַכט די געוואַלדן? מיין מאַמע מיט אירע מיאוסע שטיק. זי האָט גענומען שרייען „שוירלי, לויף, ברענג מיר אַ דאָקטאָר, איך בין פאַרביי״. איך האָב איר דערקלערט, אַז מיר האָבן נישט קיין סך צייט, ווייל מיר מוזן צופאַרן אין טעאַטער. איך בין אָבער גרייט אָפּצורופן אַ דאָקטאָר און דערווייל וועל איך אַריינרופן אַ שכנה׳טע,

וועט זי זיין מיט איר ביז דער דאָקטאָר וועט קומען, און איך וועל איר אויך בעטן, אַז אויב עס וועט זיין נויטיק מיט איר צו בלייבן נאָכדעם ווי דער דאָקטאָר וועט אַוועקגיין ביז מיר וועלן צוריקקומען פון טעאַטער, זאָל זי עס טאָן.

אָבער מיין מאַמע האָט זיך צעוויינט אויפן קול: „איך בין אַזוי קראַנק און דיר ליגט אינזינען טעאַטער. דו וועסט נאָך גיין פּלענטי אין טעאַטערס. אַ מאַמע קומט צו ערשט!".

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָסמאָל האָט זי פּאַקטיש נישט קיין אַטאַק, אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? ווי האָט עס געפּאַסט פאַר דעם באַי, אַז איך זאָל איבערלאָזן אַ קראַנקע מאַמע און גיין אין אַ טעאַטער? האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה ווי צו בלייבן אין שטוב, און נאַטירלעך, האָט דער באַי אויך אַזוי געטאָן.

איך האָב גלייך אָפּגערופן דעם דאָקטאָר. גראָד איז דער דאָקטאָר נישט געווען אין דער היים, און מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז וויבאַלד ווי ער וועט אַהיימקומען, וועט מען אים צושיקן. ווען עס איז אַריבער אַ שטיקל צייט און מיין טייערע מוטער האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז עס איז צו שפּעט צו גיין אין טעאַטער, האָט זי זיך אָנגערופן צו מיר: „דו ווייסט, איך פיל שוין אַ סך בעסער, און עס וואָלט געווען זייער גוט ווען דו רופסט אָפּ דעם דאָקטאָר, אַז דו קענסעלסט זיין באַזוך". מיין באַי איז געווען אַ קלוגער מאַן, האָט ער דערפון אַליין זיך באַלד אָנגעשטויסן וואָס פאַרע שוויגער ער גייט אַריינקריגן, איז ער געוואָרן זייער אין כעס און זאָגט צו מיר: „איך גלויב, אַז עס וועט זיין בעסער איך זאָל אָפּברעכן מיט דיר איצט, ווייל אַז נישט וועל איך אויך זיין אומגליקלעך מיין גאַנץ לעבן", און ער איז באַלד נאָכדעם אַוועק.

פון יענעם אָוונט אָן וואָס מיין באַי איז אַוועק, האָב איך געענו־מען האַסן מיין מוטער פון גאַנצן האַרצן. איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז איך וועל קיינמאָל נישט קאָנען חתונה האָבן און זיין גליקלעך ווי אַנדערע מיידלעך. זי וועט שוין צעשטערן מיין לעבן, ווייל זי איז אַ דיקטאַטאָרשע, אַן עגאָאיסטקע. איר אינטערעסירט נישט

קיינער. זי זאָרגט נאָר וועגן זיך. איך האָב דעריבער באַשלאָסן זיך צו באַפרייען פון מיינע קייטן און איך בין אַוועק פון דער היים.

איך ווייס וואָס מיין מאַמע רעדט אויף מיר, אַז איך בין אַן אויסגעלאַסענע, אַז איך שלעפּ זיך אַרום מיט סאָלדאַטן. דאָס איז אַ געמיינער ליגן. איך בין מער אנשטענדיק פון איר. אמת, אַז איך גיי אַרויס מיט באָיס און מיינע פריינט קומען אַרויף אַהער צו מיר. איז דאָס אַ פאַרברעכן? איך אַרבעט, איך בין אַ סיילזלײדי אין אַ גרויסן דעפּאַרטמענט סטאָר, איך מאַך אַ לעבן פאַר זיך. איך קאָן אייך געבן דעם אַדרעס פון דעם פּלאַץ וואו איך אַרבעט און איר קאָנט אַהינגיין און נאָכקאָנטראָלירן צי איך זאָג אייך דעם אמת. דעמאָלט ערשט וועט איר זען וואָס פאַרע שוידערלעכע ליגנס אַן אייגענע מאַמע קאָן אויסטראַכטן אויף איר קינד. זאָגט איר, פּליז, אַז זי זאָל מיך מער נישט באַדערן. איך קאָן איר איינפאַך נישט אָנקוקן. זאָל זי מיך לאָזן צורו, איך בין נישט קיין קינד און קאָן אַליין אויף זיך אַכטונג געבן. זעט איר, אַ רחמנות איז מיר אויף מיין פאָטער. אים זאָלט איר באַרואיקן, אַז ער זאָל זיך נישט זאָרגן וועגן מיר און זאָל נישט גלויבן קיין איין וואָרט וואָס די מאַמע זאָגט אויף מיר. ער קאָן צו יעדער צייט צוקומען צו מיר און איך וועל אים אויפנעמען ווי אַ טייערן גאַסט און ער וועט קאָנען מיט זיינע אייגענע אויגן פעסטשטעלן וואָס פאַרע לעבן איך פיר.

איך האָב דאָס מיידל אויפמערקזאַם אויסגעהערט און איר ערקלערט, אַז איך פאַרשטיי איר זייער גוט. איך האָב נישט צו איר קיין טענות וואָס זי איז אנטלאָפן פון דער היים, ווייל אַנדערש האָט זי טאַקע נישט געקאָנט האַנדלען.

— אָבער וואָס איז געוואָרן מיט אייער געליבטן? — האָב איך זי געפרעגט — איר זעט אים מער נישט?

— יאָ, איך האָב אים געזען, אָבער ער וויל מער פון מיר נישט וויסן — האָט זי געענטפערט — ער האָט מורא, אַז דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בוים, און ער האָט מורא, אַז איך זאָל נישט האָבן דעם זעלבן כאַראַקטער ווי מיין טייערע מוטער.

דערביי האָט זיך דאָס מיידל שטאַרק צעוויינט.

איך האָב איר גענומען באַרואיקן:

— איר דאַרפט נאָך אים נישט וויינען. איר דאַרפט נאָך אים נישט בענקען, ווייל ער איז אייך נישט ווערט. ווען ער וואָלט אייך ווירקלעך געליבט, וואָלט ער נישט געהאַנדלט אַזוי איבערגעאיילט, און באַזונדערס וואָלט ער זיך געלאָזט איבערבעטן. ווען ער וואָלט ווירקלעך געווען אין אייך ערלעך פאַרליבט, וואָלט ער דאָך גראָד איצט, ווען ער זעט אַז איר האָט פאַרלאָזט דאָס הויז פון אייערע עלטערן און נויטיקט זיך אין אינטימער פריינטשאַפט, געוואָרן נאָך נענטער צו אייך און אייך נישט איבערגעלאָזט. איר זענט אַ צו שיין מיידל, אַז איר זאָלט זיך דאַרפן זאָרגען. עס וועט נאָך קומען דער ריכטיקער באַי!

מיר האָבן זיך געזעגנט און כ׳בין אַוועק פון דעם מיידל. ווען כ׳בין אַהיימגעקומען, האָב איך באַלד אָפּגערופן איר מוטער, אַז זי זאָל מאָרגן קומען צו מיר, וועל איך איר אָפּגעבן אַ גרוס פון איר שוירלין. זי איז געקומען און מיך געפרעגט צי איר טאָכטער קומט אַ היים, האָב איך איר געבעטן זיצן און געזאָגט:

— איך וועל אייך איצט געבן אַ לעקטשור און איך בעט אייך, אַז איר זאָלט געדענקען יעדעס וואָרט, וואָס איך זאָג איצט צו אייך, ווייל עס וועט אייך צונוץ קומען. הערט זיך איין, מיסעס, איך בין געווען ביי אייער טאָכטער און זי האָט מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע, וואָס זי האָט זיך אַליין אָנגעליטן פון אייך. איך האָב אפילו קיין איין מינוט נישט געטראַכט, אַז איך זאָל איר ראָטן, אַז זי זאָל זיך אומקערן צו אייך. ניט צו אַזאַ מאַמען גייט מען אַהיים. ווען אַ קינד וויל זיין גליקלעך, דאַרף עס אַנטלויפן פון אַזאַ מאַמען. איר האָט גע־שפּילט זייער אַ שלעכט שפּיל. איך האָב אויף אייך נישט קיין שום רחמנות. איך בין אייער פריינט און איך זאָג אייך אָן, אַז איר זאָלט מיך פאָלגן און איר זאָלט אָפּלאָזן דאָס מיידל. באַדערט איר מער נישט. לאָזט איר לעבן איר אייגן לעבן. זי איז אַ קלוג מיידל און קאָן

אַליין גוט אַכטונג געבן אויף זיך. איר האָט איר שוין געבראַכט גע־נוג שאָדן. איך וואָרן אייך ווי גאָט איז אייך ליב, אַז איר זאָלט איר אָפּלאָזן, איר זאָלט אויפהערן צו באַוואַרפן מיט שמוץ אייער אייגן בלוט און פלייש. איר זענט אַן עגאָאיסט און אייך אינטערעסירט נישט קיינער. פאָלגט מיך און נעמט באַהאַנדלען בעסער אייער מאַן, רופט אים מער נישט שמיגעגע, ווייל ער וועט זיך לאַנג שוין נישט לאָזן פאַרשקלאַפן. אין אַ שיינעם טאָג וועט ער אויך אַוועק פון אייך און ערשט דעמאָלט וועט איר זיין אויף גרויסע געהאַקטע צרות. איר האָט דערפירט דערצו, אַז אייער אייגן קינד זאָל אייך האַסן. דאָס איז זייער טרויעריק, מיר האָט געשניטן ביים האַרץ צו הערן פון אַ קינד, אַז זי איז איר אייגענער מאַמען דער גרעסטער שונא. קוקט זיך אַרום וואו איר האַלט אין דער וועלט כל זמן עס איז נאָך נישט אינ־גאַנצן צו שפּעט. גייט אַהיים און ווערט גוט צו אייער מאַן. אַ מאַן, זאָלט איר וויסן, איז ווי אַ קעצל, מען דאַרף אים צערטלען, אַ גלעט טאָן, אַ שפּיל טאָן. באַליידיקט אים נישט, וועט אייך גוט זיין. טאָמער אָבער וועט איר מיך נישט פאָלגן, וואָרן איך אייך, אַז איר וועט האָבן אַ ביטערן סוף. ווייל איר וועט בלייבן איינע אַליין אויף דער וועלט. קיין פריינט האָט איר דאָך נישט, ווייל אַזעלכע עגאָאיסטישע מענטשן האָבן דאָך נישט קיין פריינט. אַז מען וויל האָבן פריינט, דאַרף מען אַמאָל ברענגען פאַר זיי אַ קרבן, און דאָס קאָנט איר דאָך נישט און ווילט נישט. דעריבער בין איך זיכער, אַז שוין איצט האָט איר אויף דער וועלט נאָר אייער מאַן און אייער טאָכטער, און אויב איר וועט מיך נישט פאָלגן, קאָן איך אייך גאַראַנטירן, אַז איר וועט זיי אויך פאַרלירן אויף אייביק. דעריבער טראַכט גוט נאָך וואָס איך האָב איך געזאָגט!

ווען איך האָב געענדיקט מיין דרשה, האָב איך געזען ווי די פרוי זיצט ווי אַ דער׳הרג׳עטע. זי האָט אָפּנים באַגריפן, אַז זי איז אויף גרויסע צרות. זי האָט אַביסל נאָכגעטראַכט און דערנאָך האָט זי זיך אָנגערופן:

— וואָס האָט איר געזאָגט, אַז איך זאָל מיין מאַן קושן און גלעטן? ניין, איך קען נישט אָט די גנבה׳שע שטיק!

— וואָס דען קענט איר יאָ, אים שעלטן און זידלען? באַליידיקן אים דאָס קענט איר יאָ? טאָ גייט אַהיים און טוט ווי איר פאַרשטייט, אָבער געדענקט מיינע ווערטער, אַז איר וועט באַדויערן, נאָר עס וועט שוין זיין צו שפּעט.

מער האָב איך קיינעם פון די דריי נישט געזען און ווייס נישט וואָס עס איז געוואָרן אין אָט דער פאַמיליע. לאָמיר האָפן, אַז מיינע ווערטער זיינען נישט געווען אַרויסגעוואָרפן און דאָס גליק אין דער פאַמיליע איז צוריקגעשטעלט געוואָרן.

# צוויי מעשיות וועגן אַ שיכור

**איינמאָל**, זיצנדיק אין אָפיס, רופט מיך צו דער דירעקטאָר און זאָגט מיר:

— מיסעס עדעלמאַן, איך האָב פאַר אייך אַ קעיס צו אינוועס־טיגייטן. דאָס איז זייער אַן אינטערעסאַנטע קעיס, ווי מען זאָגט אין ענגליש „אַ האַני“, אָבער מען דאַרף דערצו אויך זיין אַ שטיקל דעטעקטיוו, מען דאַרף זיך אַריינגריבלען אין זאַכן, וועלכע מען זעט נישט אויבן־אויף.

מיר איז געפעלן דער פאָרשלאָג צו נעמען זיך צו אַזאַ קעיס, ווייל איך האָב מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן ספּעציאַליסט, נישט ווי די אַנדערע געוויינלעכע אינוועסטיגייטאָרס. עס איז שוין אַזוי געוואָרן אין אָפיס, אַז ווען עס איז געווען אַ געוויינלעכע געשיכטע, פלעגט מען שיקן אַנדערע צו מאַכן די אינוועסטיגיישאַן, קוים אָבער איז געווען עפּעס אַ שטיקל פאַרדרייעניש, אַ קאָמפּליקאַציע, פלעגט מען דאַרפן אָנקומען צו מיר. דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך דערפון שטאַרק איבערגענומען, איבערהויפּט נאָך, ווייל איך האָב שטענדיק געדענקט, אַז איך טו דאָס פריי און נעם נישט קיין סענט פאַר מיין אַרבעט.

— קענט איר מיר געבן אַ ביסל אינפאָרמאַציע וועגן דער קעיס, וועלכע איך דאַרף באַהאַנדלען? — האָב איך געפרעגט מיין דירעקטאָר.

— יעס — האָט ער געענטפערט — עס האַנדלט זיך וועגן אַ פאָר פאָלק, וואָס איז שוין דרייסיק יאָר פאַרהייראַט. זיי האָבן דריי קינדער. די פרוי האָט געבראַכט קעגן אים אַ קלאָגע אין אונזער קאָורט, אַז זי קאָן שוין מער פון אים נישט אויסהאַלטן. ער

איז אַ געוואַלדיקער שיכור. פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין טרינקען און טוט איר אָן אַזעלכע צרות, אַז זי ברעכט צוזאַמען. די קלעגערין איז שוין דאָ געווען פאַר אַ פאַרהער, אָבער אַזוי ווי דער ראַביי פאַרדעכטיקט איר, אַז זי טרייבט אַ סך איבער, איז געבליבן, אַז איר זאָלט צוגיין צו זיי אין הויז, דאָרט זען אַלץ מיט אייערע אויגן און הערן וואָס מען דאַרף הערן און דערנאָך ברענגען אַ ראַפּאָרט אין אָפיס.

— וועל איך נישט האָבן קיין שטערונגען דאָרט אַריינצוקו־מען? — האָב איך געפרעגט.

— פאַרקערט — האָט דער דירעקטאָר געענטפערט — עס איז אָפּגעמאַכט געוואָרן מיט דער פרוי, אַז ווען איר מאַן וועט זיין גוט שיכור, זאָל זי זאָפאָרט טעלעפאָנירן צו אייך, אַז איר זאָלט באַלד קאָנען צוקומען צו איר און זיך אַליין איבערצייגן צי ער איז ווירקלעך אַזאַ שיכור און צי עס איז טאַקע אַזוי ווי זי שילדערט.

— גוט, איך נעם עס אָן — האָב איך געענטפערט — אָבער איין זאַך געפעלט מיר נישט, ווייל איך האָב אַביסל מורא פאַר שיכורים.

צעשמייכלט זיך מיין דירעקטאָר און זאָגט:

— נו, זייט נישט קיין קינד. איר וועט דאָך נישט זיין אַליין מיט אים. אין שטוב וועלן דאָך זיין די פרוי און די קינדער.

דאָס האָט מיך טאַקע אַ ביסל באַרואיקט. דערצו האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז כ׳בין דאָך עפּעס אַ דעטעקטיוו און אַ דעטעקטיוו דאַרף זיין בראַוו.

עס איז געווען אַ זונטיק אין דער פרי, ווען מיין טעלעפאָן האָט גענומען קלינגען, און ווען איך בין צוגעגאַנגען, האָט זיך גע־הערט אַ פאַרצוויפּלטע פרויען־שטימע:

— מרס. עדעלמאַן, דערבאַרעמט זיך, קומט שוין אַהער. מיין מאַן איז טויט־שיכור. ער האָט האָט שוין צעבראָכן די גאַנצע פויר־ניטשור אין הויז. קומט זאָפאָרט, וועט איר זען מיין אומגליק.

— גוט, איך קום זאָפאָרט — האָב איך געענטפערט.

אַז איך האָב אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל און זיך גענומען אַנ־טאָן, האָט מיין מאַן מיך אַ פרעג געטאָן:

— וואו גייסטו דאָס אַוועק פון שטוב אום זונטיק?

— איך מוז זאָפאָרט אַוועקגיין, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַ שיכור, וועלכן מען דאַרף פּאַקן אין אַ שיכור׳ן צושטאַנד — האָב איך געענטפערט מיין מאַן.

— ס׳איז מיר גוט — האָט ער מיך אָנגעקוקט דערשטוינט — דאָס פעלט מיר נאָך, מיין ווייב זאָל זיך הרג׳ענען מיט שיכורים.

— האָב נישט קיין מורא פאַר דיין ווייב, זי וועט זיך אַן עצה געבן — האָב איך געטרייסט מיין מאַן און בין שנעל אַרויס פון דער שטוב, געכאַפּט אַ טעקסי און איידער מען האָט זיך אַרומגע־קוקט, בין איך געווען אויף דער אָנגעוויזענער אַדרעס.

אַז איך בין אַריינגעקומען אין הויז, איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. עס האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם. עטלעכע בענקלעך זיינען געווען צעבראָכן און די שויבן פון דער פרענטש־טיר זיינען געווען אויסגעהאַקט. די פרוי איז געווען אַזוי אויפ־געגרעגט, אַז זי האָט אויסגעזען ווי האַלב־ווילד. אָבער אַזוי ווי זי האָט מיך דערזען, איז זי געוואָרן אַביסל באַרואיקט.

— גוט, וואָס איר זענט אַזוי שנעל געקומען — האָט זי מיר געדאַנקט מיט טרערן אין די אויגן — מיר האָבן זיך שיר נישט דער׳הרג׳עט איינס דאָס אַנדערע. ווי איר זעט, איז אין הויז שוין באַלד נישטאָ קיין גאַנץ שטיקל פוירניטשור. דער שיכור האָט שוין אַלץ צעבראָכן. איר מוזט אים אַוועקנעמען פון מיר, ווייל ער וועט מיך דער׳הרג׳ענען.

און זי נעמט גיסן מיט ביטערע טרערן.

— דאָס ערשטע מוזט איר אויפהערן וויינען — דערקלער איך דער פרוי — איך בין דאָך געקומען אייך העלפן, נו, דאַרפט איר

זיך אַביסל באַרואיקן כדי איר זאָלט מיר קאָנען רואיק ענטפערן אויף אַלץ, וואָס איך וועל אייך פרעגן.

מיינע ווערטער האָבן אויף איר באַלד געווירקט און זי האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט.

— יאָ, טייערע — האָט זי געזאָגט — איך וועל טרייען זיך צו באַרואיקן און אייך אַלץ דערציילן.

ביי די לעצטע ווערטער איז אַריינגעקומען איר מאַן. ער האָט מיך באַגריסט גאָרנישט ווי קיין שיכור, און געזאָגט:

— אָלרייט, זאָל זי דערציילן איר סטאָרי און דאַן וועל איך דערציילן מיין סטאָרי.

— זייער גוט — האָב איך געענטפערט — זיצט רואיק און הערט וואָס אייער פרוי דערציילט, אָבער, פּליז, שטערט איר גאָר־נישט, און דאָס זעלבע וועט זיין ווען איר וועט ריידן.

— מיר זיינען פאַרהייראַט דרייסיק יאָר — האָט די פרוי אָנ־געהויבן איר סטאָרי — מיר האָבן דריי שיינע געראָטענע קינדער, טעכטער. די עלטסטע טאָכטער איז שוין עטלעכע יאָר פאַרהייראַט, און זיי וואוינען אין אַן אַנדערע שטאָט. די צוויי מיידלעך אונזערע זיינען אין שטוב ביי אונז. די עלטערע אַרבעט אַלס בוקקיפּערן און די אינגערע גייט נאָך אין האַי סקול.

— וואו זיינען איצט די מיידלעך? — האָב איך געפרעגט.

— זיי זיינען אַוועק פון הויז וויבאַלד זיי האָבן געהערט, אַז איר קומט — ענטפערט מיר די פרוי — זיי שעמען זיך פאַר מענטשן ווי אַזוי זייער טאַטע דער שיכור פירט זיך אויף.

— ווען האָט זיך אייער מאַן גענומען צום פלעשל? — האָב איך ווידער געשטעלט אַ פראַגע.

— מיין מאַן האָט זיך גענומען צו טרינקען בראַנפן עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה, אָבער די ערשטע יאָרן איז נאָך געווען ווי עס איז צו דערליידן. ער פלעגט נעמען אַ שנאַפּס און זיך איבער־

שלאָפן און צומאָרגנס איז ער, ווי קיינמאָל גאָרנישט, געגאַנגען צו דער אַרבעט. אָבער וואָס אַמאָל איז געוואָרן ערגער מיט זיין חשק צו טרינקען. איך לייד שוין פון דעם שיכור פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, אָבער איצט איז שוין פון אים נישט מער אויסצו־האַלטן. איך קאָן עס שוין נישט אַריבערטראָגן. ער האָט מיך שוין קראַנק געמאַכט. מען קען מיך שוין אין אַלע פּאָליס סטיישאָנס, ווייל ווי ער ווערט שיכור, לויף איך גלייך צו זיי, אַז מען זאָל אים אַרעסטירן.

— נו, אַרעסטירט מען אים? — פרעג איך.

— ניין — ענטפערט די פרוי — הערט און שטוינט. עס איז דאָך אַ מערקווירדיקע זאַך מיט אים, אַזוי ווי ער דערזעט נאָר דעם פּאָליסמאַן, ניכטערט ער זיך אויס, און דער פּאָליסמאַן לאַכט זיך אויס פון מיר און גייט אַוועק. איך זאָג אייך, אַז איך בין שוין אַזוי נערוועז פון אים, אַז איך האָב מורא, אַז איך וועל צוזאַמענברעכן. זאָל ער אַוועקגיין פון הויז. מיך אינטערעסירט שוין נישט וואָס עס וועט ווערן פון אים. זאָל ער זיך וואַלגערן אין די רינשטאָקס. זאָל זיין מיט אים וואָס עס איז, איך וויל מיך ראַטעווען. מיין לעבן איז ביי מיר אויך נאָך עפּעס ווערט. גענוג, איך האָב אָפּגעליטן צוואַנציק יאָר. נאָו מאָר!

איך האָב באַטראַכט איר מאַן ווי ער איז. די גאַנצע צייט וואָס זיין ווייב האָט גערעדט דעם באַשולדיקונגס־אַקט קעגן אים, געזעסן רואיק און האָט זיך מיט מיט קיין וואָרט נישט אַריינגע־מישט אין דעם אַלעם, וואָס זיין פרוי האָט געזאָגט.

— איז דאָס אייער גאַנצע סטאָרי? — האָב איך געפרעגט דער פרוי?

— יעס, מעם — האָט זי געענטפערט.

— וועל איך איצט געבן אייער מאַן דאָס וואָרט, אָבער, פּליז, געדענקט אונזער אָפּמאַך, אַז איר זאָלט אים נישט שטערן און לאָזן זיך אויסריידן ווי ער האָט אייך געלאָזט. באַרעכנט זיך פריער, אויב דאָס איז אייך צו שווער, וואָלט געווען אפשר בעסער, אַז

איר זאָלט דערוויַיל אַריינגיין אין דער צווייטער רום, און ווען איך וועל אייך דאַרפן, וועל איך אייך אַריינרופן.

— ניין — האָט די פרוי געענטפערט — איך וויל בעסער דאָ בלייבן, אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז איך וועל גאָרנישט שטערן, נאָר זיצן שטיל.

דער מאַן איז צוגעקומען נענטער צו מיר. אמת, אַז עס האָט זיך געפילט פון אים דער ריח פון שנאַפּס, אָבער ער איז געווען וויַיט פון זיין שיכור. גערעדט האָט ער געלאַסן, ווי ער וואָלט קיין טראָפּן נישט גענומען אין זיין מויל.

— איצט הערט מיין סטאָרי. נישט זי איז די געליטענע, נאָר איך. זי איז איינפאַך משוגע. זי דערגייט מיר די יאָרן. איך בין נישט קיין שיכור, נאָר פאַר צרות נעם איך אַ טרונק בראָנפן. איר זעט אָט דאָס צוויי־פאַמיליע הויז?, אָט דאָס איז אונזערס. עס איז אויף איר נאָמען, זי קאָלעקטעט די רענט, נו, מיינט איר, אַז מיט די צוויי טענענטס קומט זי יאָ אויס? אַ נעכטיקער טאָג! איך וואָלט טאַקע געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך מטריח זיין און צוגיין צו מיינע טענענטס און זיי פרעגן וועגן מיין פרוי, וועט איר שוין פאַרשטיין וואָס איך לייד זיך אָן פון איר. דעם אמת געזאָגט, וואָלט איך שוין לאַנג אַוועק פון הויז וואו די אויגן וואָלטן מיך געטראָגן. אָבער איין זאַך האַלט מיך אָפּ דערפון, און דאָס זיינען מיינע קינדער. מיר האָבן דריי טייערע מיידלעך און איך ליב זיי מער ווי מיין לעבן. וועגן דער פאַרהייראַטער וועלן מיר נישט ריידן. די עלטערע גייט אויס מיט אַ באָי, און איך טראַכט שטענדיק וועגן דעם ווי וועט עס אויסזען ווען דער טאַטע אירער וועט פאַרלאָזן דאָס הויז. יעדעס מאָל ווען איך פיל אַוועקצוגיין פון שטוב, מאַך איך נישט דערפון קיין סוד, איך זאָג עס טאַקע מיין טאָכטער, נעמט זי וויינען און בעט מיך, אַז איך זאָל עס נישט טאָן, ווייל איך וועל זי דורכדעם פאַרשעמען פאַר מענטשן. הער איך זיך צו צו איר און בלייב ווידער. אָבער איצט אַרט מיך שוין

נישט וואָס עס וועט זיין. איך קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן. איך בין צופרידן וואָס זי האָט מיך גענומען אין יידישן קאָורט. איך וועל טאָן וואָס מען וועט מיך הייסן, ווייל ווייטער אַזוי קאָן עס נישט גיין! מיר וועלן זיך איינער דעם אַנדערן אומברענגען. זי דאַרפט איר נעמען צו אַ דאָקטאָר, אַז ער זאָל פעסטשטעלן וואָס עס איז איר. אַדרבא, זאָל זי אייך דערציילן וואָס זי האָט אָפּגעטאָן מיט דער דזשיפּסי, אַ געשיכטע וואָס האָט מיך געקאָסט טויזנט דאָלער. שטעלט זיך פאָר ווי קאָן איך זיין אַ גרויסער שיכור, אַז מען האַלט מיך שוין 25 יאָר אויף איין פּלאַץ?! איך אַרבעט אַ פערטל יאָרהונדערט פאַר איין און דערזעלבער פירמע, טאַקע אַ גרויסע פירמע. איך בין אַ דעזיינער און איינער פון די בעסטע בעל־מלאכות. איך פאַרדין שיין געלט, אָבער וואָס קומט דערפון אַרויס, אַז די צרה מיינע דערגייט מיר די יאָרן?! איר זעט ווי שמוציק זי האַלט דאָס הויז, ווי אַלץ איז אָפּגעלאָזן. קיין סאַפּער וויל זי נישט קאָכן. „אַ שיכור דאַרף נישט עסן", טענה'ט זי. אַז איך וויל הערן די ראַדיאָ, פאַרקלאַפּט זי די ראַדיאָ, ווייל „אַ שיכור דאַרף נישט קיין ראַדיאָ". איר זעט איר הולך, ווי זי גייט אָנגעטאָן. מען דאַרף דאָך האָבן אַ קופּערנעם יצר הרע צו איר, און דאָס איז מיין לעבן. אָט ווי איר קוקט אָן דעם שיכור, האָט ער אויסגעהאַלטן אַ טאָכטער אין קאָלעדזש, טאַקע די פאַרהייראַטע. מיר האָבן שיין געלט אין די בענק, מיר וואָלטן געקאָנט לעבן און לאַכן, אָבער גיי, רייד צו אַ משוגענער, צו אַ צעדרייטער, און זי האָט נאָך געהאַט די העזה מיך צו נעמען אין קאָורט!

— וואָס האָט איר עפּעס פריער געזאָגט וועגן אַ דזשיפּסי און טויזנט דאָלער?

— זאָל זי אייך אַליין דערציילן, וועט איר שוין וויסן מיט וועמען איר האַנדלט — ענטפערט מיר דער מאַן...

די פרוי האָט, קענטיק, נישט געהאַט קיין שטאַרקן חשק צו ריידן וועגן דעם, אָבער איך האָב זי גענומען שטאַרק בעטן, ווייל

עס האָט מיך באמת שטאַרק אינטערעסירט צו וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ, און איך האָב איר ענדלעך באַוואויגן, ווייל איך האָב איר אונטערגעשטראָכן, אַז איך מוז אַלץ וויסן, אַנדערש קאָן איך איר נישט העלפן.

— אַ קעי, איך וועל אייך דערציילען — האָט זי אָנגעהויבן אַביסל פאַרשעמט — די געשיכטע האָט פּאַסירט מיט אַ פינף יאָר צוריק. איך האָב אַלץ געליטן פון אים, אָבער איך האָב נישט אויפ־געגעבן די האָפענונג, אַז איך וועל פאַרט געפינען אַ מיטל אים אָפּצוגעוויינען פון טרינקען. איינמאָל בין איך דורכגעגאַנגען די סטריט און באַמערקט אין אַ סטאָרקע אַ דזשיפּסי. זי האָט מיך אַריינגערופן און געפרעגט צי איך וויל הערן מיין צוקונפט. איך בין אַריין, און ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, אַז ווי נאָר זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין האַנט, האָט זי מיר באַלד געזאָגט, אַז איך לייד פון אַ מאַן אַ שיכור שוין אַ סך יאָרן. באַטירלעך האָב איך איר אַלץ דערציילט און זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, און איך געפרעגט צי זי וויים עפּעס וואָס מען קאָן טאָן אים צו ראַטעווען. ענטפערט זי מיר „דו פאַרמאָגסט טויזנט דאָלער אין די בענק?“, זאָג איך איר, ווי דער אמת, אַז איך פאַרמאָג מער, ווערט זי מלא שמחה און רופט אויס „איך קאָן דיר העלפן. איך האָב אַ מעדיצין פאַר אים. איך האָב שוין אויסקורירט אַ סך שיכורים“. פאַר־שטייט זיך, אַז איך האָב זיך אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט און פיס אָן דעם וואָס זי האָט מיר ווייטער געזאָגט, און אָט וואָס זי האָט מיר געזאָגט: „נעם אַרויס טויזנט דאָלער פון די בענק, ברענג זיי מאָרגן צו מיר. איך וועל דאָס געלט פאַרכישופן און וועל עס דיר גלייך צוריקגעבן. דו וועסט דאָס באַנדל געלט אַרונטערלייגן אונטערן מאַטראַץ אויף וועלכן דיין מאַן שלאָפט, און דו וועסט באַלד ווערן אַ געהאָלפענע. ער וועט זאָפאַרט ווערן אַן אַנדערער מענטש. נישט נאָר וועט ער מער נישט שיכור׳ן, נאָר ער וועט אָפילו נישט וועלן מער קוקן אויף קיין שנאַפּס“. און פאַר דער

גאַנצער ישועה האָט זי מער נישט געוואָלט ווי צען דאָלער. איר הערט, צען דאָלער! און ווען זי וויל הונדערט, גיב איך איר נישט? . איין קלייניקייט, פּטור ווערן פון מיין מאַנס קראַנק־הייטן!. צומאָרגנס בין איך געקומען צו איר, מיר זיינען ביידע אַוועק אין מיין באַנק, כ׳האָב אַרויסגענומען דאָס געלט און איר דערלאַנגט. מיר זיינען ביידע צוגעגאַנגען צו דער דזשיפּסי אין דער סטאָרקע. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פינצטערע רומקע, מיך געהייסן דאָרט זיצן און זי וועט דערווייל פאַר׳כישופ׳ן דאָס געלט. כ׳בין אַביסל געזעסן, דערנאָך איז זי אַרויסגעקומען מיטן באַנדל געלט, האָט עס געהאַלטן אין האַנט, געמאַכט משוגע׳נע שטיק, געזאָגט עפּעס שפּרוכן, און יעדעס מאָל געוואָרפן אויף מיר אַזעלכע בליקן, אַז איך אַליין בין שיר נישט געוואָרן ווי פאַר׳כישופ׳ט. איך בין געווען זיכער, אַז איך בין שוין אַ געהאָלפענע. מיט פרייד האָב איך איר געגעבן צען דאָלער פאַר איר אַרבעט. זי האָט מיר צוריקגעגעבן דאָס פּעקל מיט די טויזנט דאָלער, און געזאָגט: „דאָ האָסטו צוריק דיינע טויזנט דאָלער, אָבער געדענק גוט וואָס איך זאָג דיר אָן. דו טאָרסט נישט עפענען דאָס באַנדל פאַר אַ וואָך צייט. דו טאָרסט אויך קיינעם אַ וואָרט נישט דערציילן וועגן דער גאַנצער זאַך, אַז נישט וועט דער כישוף אַרויספליען. ערשט נאָך דער וואָך מעגסטו עפענען דאָס פּעקל און אַרויסנעמען דאָס געלט, אָבער דעמאָלט וועסטו שוין זיין אַ געהאָלפענע״. איך האָב איר צוגעזאָגט צו טאָן אַזוי ווי זי הייסט מיך און בין אַוועק אַהיים מיט גרויס פרייד, וואָס ענדלעך וועל איך ווערן אַ געהאָל־פענע. איך האָב אַזוי געטאָן ווי זי האָט מיך געהייסן. מיט אייזערנע כוחות האָב איך זיך איינגעהאַלטן, קיינעם אַ וואָרט נישט דערציילט וועגן דער גאַנצער געשיכטע און אויך אַ וואָך צייט נישט געעפנט דאָס באַנדל מיטן געלט. אַז עס איז אַריבער אַ וואָך, האָב איך געעפנט דאָס באַנדל און עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן: ווער געלט, וואָס געלט, אַ נעכטיקער טאָג! אַנשטאָט געלט זיינען געלעגן דאָרט פּראָסטע שטיקלעך

פּאַפּיר. איך האָב געמאַכט אַ געוואַלד, און בין געפאַלן אין חלשות. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט מיך אָפּגעמונטערט. צו מאַכן די סטאָרי שאָרט, מיר זיינען ביידע באַלד אַוועק צו דער שווינדלערישער ציגיינערין, אָבער אַ נעכטיקער טאָג, די סטאָרקע איז געווען ליידיק. עס האָט מיך נאָך געקאָסט אַ פּאָר דאָלער פאַר דעטעקטיווס צו זוכן די שווינדלערין. מ׳האָט די געשיכטע דעמאָלט באַשריבן אין אַלע פּייפּערס, אָבער די שווינדלערין איז ווי אין וואַסער אַריין!

— נו — זאָג איך — איך האָב שוין גענוג אינפאָרמיישאָן און איך גיי שוין אַהיים.

— איר זאָגט, אַז איר גייט שוין אַהיים — האָט זיך אָנגערופן דער מאַן — און וואָס דענקט איר צו טאָן מיט אונז?

איך האָב זיך אַביסל פאַרטראַכט און דאַן האָב איך אים געענטפערט:

— איך גלויב, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, אַז מיר זאָלן אייך סעפּאַרירן אויף זעקס מאָנאַטן, און דאַן וועלן מיר זען צו וואָס דאָס וועט פירן. אונטער די אומשטענדן איז דאָס די בעסטע מע־דיצין פאַר אייך. איך וועל מיין ראַפּאָרט אָפּגעבן אין קאָורט און נאָכדעם וועט מען אייך דורך בריוו לאָזן וויסן ווען איר זאָלט קומען און מען וועט אָפיציעל אַרויסטראָגן דעם אורטייל וועגן אַ צייטווייליקער סעפּעראַציע, ווייל קיין אַנדער מיטל איז פאַר אייך דערווייל נישטאָ.

מיין מיינונג איז ביידן זייער געפעלן.

נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעגעבן מיין ראַפּאָרט, איז מיין רע־קאָמענדאַציע אָנגענומען געוואָרן, מען האָט זיי ביידן אַרויסגע־רופן אין קאָורט, און נאָך פיל אַרגומענטן האָט מען אַרויסגע־טראָגן אַן אורטייל, אַז דער מאַן זאָל אויף זעקס חדשים צייט אַרויסמופן פון הויז. ער דאַרף די גאַנצע צייט צאָלן זיין פרוי 35 דאָלער אַ וואָך און די רענט פון הויז זאָל זי קאָלעקטן. דער

מאַן דאַרף די 35 דאָלער ברענגען יעדע וואָך אין קאָורט, און זי דאַרף עס דאָרט קומען אָפּנעמען.

אין דער זעלבער צייט האָט דאָס קאָורט מיך געבעטן צו שטיין אויף דער וואָך און זען ווי אַזוי דאָס וועט אַרבעטן.

דער ראַביי האָט באַמערקט, אַז מיר צעשיידן זיי נאָר אויף זעקס חדשים, און קיינער פון זיי טאָר נישט פאַרגעסן, אַז זיי זיינען געזעצלעך פאַרהייראַט און זיינען ניט פריי איינער פון אַנדערן.

מאַן און פרוי זיינען אַרויס צופרידן פון קאָורט. ביים אַוועקגיין אַהיים, זאָגט צו מיר די פרוי אין אַ זייט:

— איר וועט זען, אַז מען וועט אים נאָך געפינען שיכור אין די גאַסן.

איך האָב איר געענטפערט, אַז איך גלויב, אַז זי טרייבט איבער, אָבער קיין דיסקוסיע האָב איך מיט איר אויפן אָרט נישט געוואָלט פאַרפירן.

עטלעכע טעג שפּעטער בין איך אַוועק צו איר אין שטוב און איר געגעבן לעסאָנס. מערקווירדיק, די פרוי האָט באַלד באַקומען צוטרוי צו מיר און זי האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט אויספאָלגן אַלץ וואָס איך הייס איר.

דאָס ערשטע וואָס איך האָב איר געהייסן, איז געווען, אַז זי זאָל אַרויסגיין מיט דער טאָכטער און קויפן פאַר זיך עטלעכע שיינע דרעסעס, דאַן זאָל זי אויף עטלעכע וואָכן אָפּפאָרן אין דער קאָונטרי, ווייל זי איז שרעקלעך נערוועז און כאָטש זי איז נאָך אַ יונגע און שיינע פרוי, זעט זי אויס ווי אַ שוואַרץ יאָר, ווייל זי איז יזרעקלעך אָפּגעלאָזן.

— מיין ליבע פרוי, איך האָב מורא, אַז אייער מאַן איז אַ גאַנץ פיינער, נאָר איר ווייסט נישט ווי אַזוי מיט אים אומצוגיין. אַזוי טריט מען נישט אַ מאַן. איר דאַרפט זיך לערנען ווי אַזוי צו לעבן מיט אַ מאַן.

די פרוי האָט מיך גענומען פאָלגן, זי איז אויף עטלעכע וואָכן אַרויסגעפאָרן אין קאָונטרי און ווען זי איז צוריקגעקומען, איז זי באַלד געקומען צו מיר אין אָפיס קאָלעקטן די געלטער, וואָס איר מאַן האָט איבערגעלאָזט פאַר איר. און איר מאַן איז געווען זייער פּינקטלעך. ער איז געטריי, ווי דער אָפּמאַך, געקומען יעדע וואָך און געבראַכט דאָס געלט.

זי האָט זיך זייער אינטערעסירט צו וויסן ווי איר מאַן זעט אויס, און איך האָב איר געזאָגט דעם אמת:

— אייער מאַן זעט אויס ווי אַ דזשענטלמען. ער איז ריין אָנגעטאָן. די גאַנצע צייט, וואָס איר זענט אין קאָונטרי, האָט ער אויפגעפּאַסט אויף די קינדער. ער האָט פאַר דער יינגערער טאָכ־טער געקויפט צוויי דרעסעס און שיך. זיי קומען צו אים און ער נעמט זיי אויס. אָבער איר זעט אויך אויס גאַנץ פיין.

— יאָ — ענטפערט זי — ווייל איך האָב גע׳פּטר׳ט מיין מלאך המות. איצט ערשט וועל איך וויסן פון אַ לעבן צו זאָגן.

דאָס זעלבע האָב איך ווידער געהערט פון איר מאַן ווען ער פלעגט קומען ברענגען די אַלימאָני. ער פלעגט מיר דערציילן ווי גוט אים איז, וואָס ער איז פריי, וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון זיין שלאַק. ער האָט געפונען זייער אַ שיינע רום ביי אַן על־טערער פרוי. זי האַלט איר וואוינונג זייער ריין. זי קאָכט פאַר אים סאַפּערס. ער קאָן אַרויסגיין ווען ער וויל און קיינער זאָגט אים נישט קיין דעות.

איינמאָל ווען די פרוי איז געקומען נאָכן געלט, האָט זי מיך געפרעגט צי איך זע איר תכשיט און ווי ער קוקט אויס.

— ער זעט אויס זייער פיין — האָב איך איר געזאָגט.

— ער זעט אויס גוט, אַ וואונדער?! — האָט זי איבערגע־פרעגט — זאָגט אים, אַז ער מעג אַמאָל צוקומען אין הויז זען די קינדער.

די ווערטער זיינען מיר געקראָכן אין דער נאָז אריין. איך האָב אין דעם געזען אַ סימן, אַז די פרוי ניכטערט זיך אויס. ווייזט אויס, אַז מיין בליק אויף איר האָט איר גע׳מסר׳ט וואָס איך טראַכט וועגן איר, האָט זי זיך גענומען פאַרענטפערן:

— איר פאַרשטייט, די קינדער בענקען שטאַרק נאָך אים. דעם אמת געזאָגט, איז ער אַלע מאָל געווען אַן איבערגעגעבענער פאָטער. די מיידלעך סטראַשען מיך, אַז זיי וועלן נעמען רומס מיט זייער פאָטער און איך וועל בלייבן אַליין.

— זאָגט מיר דעם אמת — פרעג איך זי — איר האָט אים נאָך אַלץ ליב?

די פרוי איז רויט געוואָרן ווי אַ פייער און געענטפערט:

— ליבע, שמיבע. ווּעמען ליגט עס אין זינען? אָבער איר פאַרשטייט, ער איז דאָך דער טאַטע פון מיינע קינדער, און עס איז נישט שיין פאַר מענטשן. דאָס עלטערע מיידל וויל חתונה האָבן, און ווי וועט עס אויסזען פאַר מענטשן? דעריבער בעט איך אייך, רייד איבער מיט אים, אַז ער זאָל אַריינקומען אין שטוב.

איך האָב איר צוגעזאָגט איבערצורייזן מיט איר מאַן און אַז קומענדע וואָך ווען זי וועט קומען נאָכן געלט, וועל איך איר שוין געבן אַן ענטפער.

ווען דער מאַן איז די קומענדע וואָך געקומען מיטן געלט, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך האָב פאַר אים אַ גוטע בשורה:

— מיר דוכט זיך, אַז אייער ווייב טוט שוין באַנג די גאַנצע מעשה. זי וויל, אַז איר זאָלט קומען איר באַזוכן. עס קאָן טאַקע נישט שאַדן. איר מעגט איר באַזוכן, קיינער וועט אייך נישט אַרעסטירן.

צעלאַכט ער זיך אויפן קול.

— וועֶר דאַרף איר האָבן? ערשט איצט זע איך, אַז איך בין געווען דרייסיק יאָר אין אַ קאָנצענטריישאָן קעמפּ. איצט בין איך

אַ פרייער פויגל און עס איז מיר וואויל ווי די וועלט. זאָגט איר, אַז איך האָב נאָך געגוג צייט. דערווייל האָב איך זיך נאָך נישט פאַרבענקט נאָך איר.

—אָבער איר זענט דאָך נישט אַ הפקר מענטש, איר זענט דאָך נישט קיין טרעמפּ. איר זענט אַ פאַמיליע־מאַן און איר האָט געבראַכט דריי קינדער אויף דער וועלט און איר האָט פליכטן. אייער טאָכטער ווערט חתונה האָבן, טאָ ווי ווערט עס אויסזען פאַר מענטשן ווען זי האָט אַ לעבעדיקן טאַטן, נישט קיין גע׳גט׳ן, און ער קומט נישט אַהיים. צוליב די קינדער מוזט איר אַהיימגיין. זאָל אייער טאָכטערס באַי זען, אַז עס איז דאָ אַ טאַטע.

ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט פרייטיק אָונט אַהיים־קומען.

ווען די פרוי איז געקומען צומאָרגנס נאָכן געלט, האָב איך איר געזאָגט:

— מרס., איך האָב גוטע נייעס פאַר אייך. אייער מאַן וועט הייג־טיקן פרייטיק זיין ביי אייך. זעט, אַז איר זאָלט זיין שיין אָנגעטאָן און דאָס הויז זאָל זיין ריין. קאָכט אָפּ אַ גוטן סאַפּער, און איך האָף, אַז איר וועט זיך אויף דאָס ניי פאַרליבן איינער אין אַנדערן.

עס איז געקומען פרייטיק, איז דער מאַן טאַקע געקומען, אָבער ער איז באַלד נאָכן סאַפּער צוריקגעגאַנגען צו זיין רום.

די אַנדערע וואָך ווען די פרוי איז געקומען נאָכן געלט, האָט זי ווידער מיר גענומען דערציילן די זעלבע געשיכטע וועגן איר טאָכטער און אַז זי וויל ער זאָל אַהיימקומען. איך האָב געבעטן דעם מאַן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט. זיין אָפּזאָג האָט מיך פאַרדראָסן, אָבער אין דער זעלבער צייט האָב איך גע־טראַכט, אַז ער טוט גוט, ווייל די פרוי דאַרף זיך נאָך אַביסל צו־מוטשען, אַנדערש וועט זי נישט פילן אַזוי די שטראָף פאַר דעם

ווי זי האָט געהאַנדלט קעגן אים. פאַר מיר איז שוין געווען קלאָר, אַז זי איז די שולדיקע און אַז זי האָט אים געטריבן צו נעמען אַמאָל אַביסל בראַנפן.

מיט יעדער וואָך איז די פרוי געוואָרן אַלץ צודרינגלעכער צו מיר וועגן איר מאַנס אַהיימקומען. זי האָט שוין גענומען ריידן אָפענער, אַז זי וויל נישט בלויז, אַז ער זאָל אַהיימקומען אויף איין מאָל, נאָר ער זאָל אינגאַנצן זיך צוריקקערן אַהיים. אָבער ווען איך האָב גענומען וועגן דעם ריידן מיט איר מאַן, האָב איך געפילט, אַז ער איז זייער קאַלט דערצו, און איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן שרעקן צי עס איז נישטאָ עפּעס אַ וויכטיקע שטערונג, צי דער מאַן האָט זיך נישט אַמאָל פאַרדרייט מיט אַן אַנדער ווייבל, און אויב אַזוי האָבן מיר דאָך אומדירעקט צוגעפירט דערצו.

עס האָט גענומען אַ גאַנץ יאָר און דאָס פּאָרל איז נאָך אַלץ געווען סעפּאַרירט. זי האָט שוין אָפן געבעטן ביי מיר, אַז איך זאָל פועל'ן ביי איר מאַן, אַז ער זאָל אַהיימקומען, און זי זאָגט צו, אַז זי וועט שוין זיין גוט און פרום. זי האָט זיך נאָך אָבער אַלץ אָנגעלענט אויף די קינדער, אַז זיי מאַכן איר דעם טויט און ווילן האָבן דעם פּאַפּאַ.

איינמאָל האָב איך זיך שטאַרק גענומען צו דעם מאַן און אים אָנגעוויזן, אַז ער האָט גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן.

— פּרוּווט עטלעכע וואָכן זיין אין שטוב און אויב עס וועט אייך נישט געפעלן, וועט איר ווידער אַוועקגיין, אָבער איר קאָנט דאָך נישט אַזוי ווי טאָן אייערע קינדער.

דער מאַן האָט מיך ענדלעך געפאָלגט און ער איז מיט מזל אַהיימגעגאַנגען.

מיין מעדיצין האָט געווירקט. די פרוי איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. זי האָט אויפגעהערט אים פאַרצוואַרפן, אַז ער איז

שיכור, זי האָט געקאָכט די מאכלים, וועלכע איר מאַן פלעגט ליב האָבן. זיי האָבן געקויפט נייע פוירניטשור און פיין אויסגעפיקסט דאָס הויז.

איך האָב אין זיי דערלעבט אַ סך נחת. זיי האָבן חתונה גע־מאַכט די טאָכטער און געפּראַוועט איר חתונה אויפן שענסטן אופן. צו דער חתונה האָבן זיי פאַרבעטן מיך מיט מיין מאַן. מיר זיינען געזעסן ביים הויפּט טיש. זיי האָבן אונז געלאָזט פילן ווי מיר וואָלטן געווען זייערע מחותנים, און מיר האָבן זיך ווירקלעך אַזוי געפילט, ווייל מיינע לעקציעס האָבן צונויפגעפירט אַ פּאָרל, וואָס איז פריער געווען אומגליקלעך און איצט געוואָרן גליקלעך.

# אַ קרבן פון קאָרטן

**אין** אָפּיס פון „יידישן קאָורט״ איז אַריינגעקומען אַ שיינע יונגע פרוי, פון אַ יאָר 28. זי איז געווען פון מיטעלן וואוקס. זי האָט געהאַט אַ קאָפּ שיינע געקאַרבטע האָר, שיינע שוואַרצע אויגן, אָבער אָנגעטאָן איז זי געווען באַכלעסיק. עס איז געווען קענטיק, אַז עס איז איר נישט געלעגן אין זינען זיך צו דרעסן ווי אַ מענטש. איך האָב איר געבעטן זיצן און מיר דערציילן די אורזאַך פון איר קומען צו אונז.

זי האָט דערקלערט, אַז זי איז אין אַ ביטערע לאַגע. עס איז שוין דריי מאָנאַטן ווי איר מאַן איז פון איר אַנטלאָפן. ער האָט זי איבערגעלאָזט מיט צוויי קינדער: אַ מיידל פון ניין יאָר און אַ מיידל פון פינף יאָר. און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט זי פאַר־שווענגערט, אין פערטן חודש. ער שיקט איר אַפילו צו פופצן דאָלער אַ וואָך, אָבער עס איז איר אַבסאָלוט אוממעגלעך אויסצו־קומען מיט דעם געלט.

— איך בין שוין שולדיק פאַר צוויי מאָנאַטן רענט — האָט זי זיך באַקלאָגט — און דער לענדלאָרד האָט מיר געשיקט אַ דיס־פּאָזעס. איך בין אַזוי פאַרצווייפלט, אַז איך ווייס גאַרנישט וואָס מען הייבט אָן צו טאָן.

די פרוי האָט זיך צעוויינט אויפן קול. איך האָב איר גענומען באַרואיקן און פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן זיך באַמיען צו ברענגען איר מאַן אין קאָורט און הערן זיינע טענות, און אַזוי ווי מיר גלויבן, אַז זי איז נישט די שולדיקע פון איר מאַנס אַוועקגיין, האָפן מיר, אַז אָדער עס וועט אונז געלינגען צוריקצוברענגען איר מאַן אַ היים,

אָדער יעדנפאַלס צו ווירקן ביי אים, אַז ער זאָל איר פאַרגרעסערן די סומע, וועלכע ער גיט איר יעדע וואָך.

דערהערט די לעצטע ווערטער מיינע, זאָגט די פרוי:

— ליידער האָט איר אַ טעות. איך בין יאָ די שולדיקע אין מיין שולד. ווי איר קוקט מיך אָן, האָב איך פאַרשפּילט מיין מאַן אין קאָרטן.

— וואָס מיינט איר דערמיט? — האָב איך זי אָנגעקוקט זייער פאַרוואונדערט.

— איך האָב אַליין מיט מיינע אייגענע הענט געבראַכט דאָס אומגליק אויף מיר — האָט די פרוי ווייטער גערעדט אין אַ העכסט פאַרצווייפלטן טאָן — איך בין מיין מערדערין און די מערדערין פון מיינע אומשולדיקע קינדער. פאַר די לעצטע פינף יאָר האָב איך זיך אַזוי אַריינגעלאָזט אין קאָרטן שפּילן, אַז איך האָב אַליין דערפירט צו דעם, וואָס עס איז איבער מיר געקומען. מיין מאַן האָט זיך ביי מיר געבעטן מיט גוטן און מיט בייזן, אַז איך זאָל זיך אַרומקוקן וואָס איך טו, אָבער איך האָב ניט געהערט וואָס ער רעדט. ער האָט מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל זיך אָפּזאָגן פון די קאָרטן, ווייל אויב נישט וועל איך אים פאַרלירן, אָבער כ׳האָב גע־האַלטן צוגעמאַכט מיינע אויערן צו זיינע שטראָף־רייד. ער האָט מיך געוואָרנט, אַז ער קאָן עס לענגער מער נישט אויסהאַלטן, ווייל איך פאַרנאַכלעסיק די שטוב און די קינדער, אַז איך שלעפּ זיך אַרום יעדע נאַכט מיט אַ באַנדע געמבלערקעס, אָבער איך האָב זיך דערפון נישט געקאָנט אָפּרייסן. און ווען ער איז געוואָרן שוין גאָר שטרענג און ער האָט מיר געשטעלט אַ באַדינג, אָדער ער אָדער די קאָרטן, האָב איך אים געענטפערט: „איך האָב דיך אין דער ערד. איך דאַרף די קאָרטן מער ווי דיך״. אַזוי פאַרקאַכט בין איך געווען אין דעם קאָרטן־שפּיל. איך האָב פאַרשפּילט זיינע אָרע־מע פאַרדינסטן, און ווען איך האָב שוין נישט געהאַט קיין קעש מיט וואָס צו שפּילן, האָב איך מיר גענומען באָרגן, ביז איך האָב

שוין אַפילו נישט געהאַט וואו צו באָרגן. פאַרשטייט זיך, אַז אין שטוב ביי אונז איז געווען יום־טוב אין דער וואָכנס. מיר האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן אין איין אַרומקריגן. די געוואַלדן זיינען געגאַנגען ביז אונטערן הימל. איך האָב פאַרשפּילט דעם לעצטן דאָלער, וואָס איך האָב באַדאַרפט האָבן פאַר די קינדער אויף צו עסן. כ׳רייד שוין נישט וועגן מיין מאַן. ער האָט שוין געוואוסט, אַז ער האָט נישט נאָך וואָס אַהיימצוקומען, ווייל איך האָב גאָרנישט געקאָכט, אָבער די קינדער האָבן אויך געליטן הונגער, ווען נישט די שכנים וואָלטן זיך אויף זיי אָפּט דערבאַרעמט. אָבער דאָס אַלץ האָט מיך נישט געקאָנט אַוועקנעמען פון די קאָרטן. עס האָט מיך צו זיי געצויגן ווי צו אַ מאַגנעט. עס איז גענוג געווען, אַז מיינע חבר׳טעס האָבן מיר געגעבן אַ קלונג, ווי איך האָב געלאָזט אַלץ שטיין, דעם מאַן, די קינדער, די שטוב, און בין מיט זיי געלאָפן. אַהיים פלעג איך קומען מיטן מילך־מאַן צו גלייך. מיין מאַן האָט געשריגן, ער האָט געסטראַשעט, אָבער ער האָט געליטן, ביז איינ־מאָל האָט ער טאַקע אויסגעפירט זיינע סטראַשונאַקס. ער איז אַוועק פון שטוב און זיך באַזעצט ביי זיין מוטער. ער וויל פון מיר מער נישט וויסן. איך בעט זיך ביי אים, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין. איך וויים, אַז איך בין געווען אַ שלעכטע פרוי צו אים און אַ בי־טערע מאַמע צו מיינע קינדער. איך האָב חרטה, איך וויל אַלץ גוט מאַכן. איך שווער אים, אַז פון היינט אָן וועט שוין מער אין מיין האַנט נישט קומען קיין קאָרט, אָבער ער וויל פון מיר מער נישט הערן. איך בין געווען ביי זיין מאַמען, האָט ער מיך איינפאַך פון הויז אַרויסגעוואָרפן. ער האַסט מיך און וויל מער פון מיר נישט וויסן. זיין מאַמע האַלט מיט אים. זי זידלט מיך און באַליידיקט מיך ווי איך וואָלט געווען די ערגסטע אויף דער וועלט. איר זאָגט, אַז איר ווילט ברענגען מיין מאַן אין קאָורט צו אייך. פליז, ברענגט אים. אפשר וועט אייך געלינגען אויף אים צו ווירקן, אַז ער זאָל צוריק אַהיימקומען. מיינע קינדער הונגערן איינפאַך. איך פאַרמאָג נישט אַ פּעני ביי דער נשמה.

— וויפל פאַרדינט אייער מאַן?

— ער זאָגט, אַז דרייסיק דאָלער. אַ העלפט, פּופצן, גיט ער אונז, צען דאָלער גיט ער זיין מאַמען און פינף נעמט ער פאַר זיך, אויף זיינע אויסגאַבן. דעריבער קאָן זיין, אַז ער קאָן אונז טאַקע מער נישט געבן, אָבער ווען ער זאָל צוריקקומען, וועלן מיר דאָך ווידער האָבן 25 דאָלער אַ וואָך. און אפשר וועט ער, האָבנדיק אַ רואיקן קאָפּ, קאָנען מער פאַרדינען. איך בין אַזוי פאַרצווייפלט, אַז עס קומט מיר נאָר אויס זיך דאָס לעבן צו נעמען. איך פרעג אייך, פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שטראָף? אַז איינער פאַרזינדיקט זיך, גיט מען דאָך אים אַ אַ שאַנס גוטצומאַכן זיינע זינד, פאַרוואָס וויל ער מיר נישט געבן אַ שאַנס? וואָס טוט מען?

און זי האָט זיך שטאַרק צעוויינט. דערהערט איר געוויין, האָט דאָס מיידעלע, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך, זיך אויך שטאַרק צעוויינט אויפן קול.

איך האָב באַטראַכט דאָס קינד. עס איז געווען זייער אַ שיין קינד, איינגאַנצן געראָטן אין דער מאַמען. דערווייל האָט דאָס קינד גענומען קוקן מיט צעשראָקענע בליקן אויף דער מאַמען און איר אָנגעהויבן בעטן, אַז זי זאָל נישט וויינען.

דאָס בילד האָט מיך אַזוי גערירט, אַז טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. טאָמער איז דאָס נאָך געווען ווייניק, האָט די פרוי געעפנט איר צעריסענעם פּאַקעט און מיר געוויזן, אַז זי פאַרמאָגט אינגאַנצן צען סענט. נו, דאָס האָב איך באַלד דערליי־דיקט. איך האָב איר דערלאַנגט פינף דאָלער:

— ליידער האָב איך נישט גראָד מער מיט זיך. נעמט די פינף דאָלער — האָב איך געזאָגט — און ווען איר וועט אַמאָל האָבן, וועט איר מיר צוריקגעבן.

זי האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און געוויזן אַ מינע ווי זי שעמט זיך צו נעמען דאָס געלט, אָבער איך האָב איר דערצו באַוואויגן:

— און איצט — האָב איך צו איר געזאָגט — הערט אויף צו טראַכטן וועגן זיך נעמען דאָס לעבן. נעמט זיך בעסער אין די הענט אַריין און קומט צו זיך. איר זענט שוין גענוג געקראָכן אין בלאָטע. אָבער זאָגט מיר צו, אַז איר וועט מיך פאָלגן, וועל איך זיך באַמיען אייך צו העלפן אַרויסקריכן פון אייער נויט.

אירע אויגן האָבן אויפגעשיינט.

—יאָ, מיין ליבע פרוי— האָט זי אויסגערופן מיט פּאַטאָס — איך שווער אייך צו ביים לעבן פון מיינע קינדער, אַז איך וועל אייך פאָלגן.

— אויב אַזוי, גייט אַהיים — האָב איך איר געזאָגט — אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך זיין ביי אייך. דערווייל זאָרגט זיך מער נישט וועגן לענדלאָרד. איך וועל זיין ביי אים און מיט אים ריידן, אַז מען זאָל אייך נישט אַרויסוואַרפן פון די רומס.

זי האָט מיר האַרציק באַדאַנקט און איז פול מיט האָפענונג אַוועק אַהיים.

איך, ווידער, בין טאַקע, דאָס ערשטע, אַוועק צו איר לענד־לאָרד. איך האָב אים געשילדערט איר לאַגע און האָב אים פאַר־זיכערט, אַז די רענט איז גוט. אויב זי וועט ניט באַצאָלן, וועל איך פאַר איר באַצאָלן. די איינציקע זאַך, וואָס ער דאַרף טאָן, איז האָבן אַביסל געדולד און וואַרטן. אמת, אַז דאָס איז נישט זיין פליכט, ער איז אַ לענדלאָרד און ער דאַרף קריגן באַצאָלט פאַר זיין סחורה. אָבער אויסער אַ לענדלאָרד איז ער דאָך אויך אַ מענטש, און ער הערט דאָך שוין וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, מוז ער אַביסל צוואַוואַרטן ביז עס וועט זיך עפּעס גוטס אויסקאָכן. איך האָב גע־פּועל'ט ביי אים, אַז ער זאָל לאָזן שטיין דעם חוב, וואָס זי איז אים שולדיק פאַר צוויי מאָנאַטן רענט, נאָר ער זאָל קריגן באַצאָלט פאַר דעם איצטיקן חודש. פאַרשטייט זיך, אַז די פרוי האָט אויך דאָס נישט געהאַט צו באַצאָלן. האָב איך צוגעזאָגט דעם לענדלאָרד, אַז איך וועל זען ווירקן אין אַ טשאַריטי סאָסייעטי, וואו איך בין

אַקטיוו, אַז זיי זאָלן פון זייער קאַסע צאָלן פאַר דעם מאָנאַט רענט. איך האָב באַלד דערויף אָפּגערופן מיין סאָסייעטי, וואו איך בין סעקרעטאַרין, און זיי דערציילט די קעיס, און מען האָט מיר געגעבן פאַרן חודש רענט און נאָך פינף דאָלער אַ צוגאָב פאַר דער פרוי, אַז זי זאָל האָבן עפּעס אין שטוב אַריין.

עס איז מיר געוואָרן אַביסל גרינגער פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט, און איך האָב זיך איצט אַ נעם געטאָן צו דער פרוי. ווען איך בין אַריינגעקומען צו איר אין שטוב, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דאָס הויז האָט אויסגעזען ווי אַ הקדש. די קינדער זיינען אַרומגעגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. איך האָב זיך אַרומגעקוקט אין שטוב: אומגליק! דער אײלקלאָט אין קיך איז געווען שוואַרץ ווי בלאָטע, קיין איין ליילעך אָדער ציכל איז נישט געווען אויפן בעט. דאָס הויז האָט אויסגעזען ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

די פרוי האָט זיך גענומען פאַר מיר פאַרענטפערן, אַז זי האָט מיך גאָרנישט דערוואַרט, און אויסערדעם ליגט איר נישט אין קאָפּ קיין הויז־אַרבעט, ווייל זי ווייס גאָרנישט צי זי לעבט.

איך האָב מיר געטראַכט, אַז מען דאַרף זיין אָן הענט צו פירן אַזאַ באַלעבאַטישקייט און דאָס אַליין איז גענוג, אַז אַ מאַן זאָל אַנטלויפן פון שטוב.

זי האָט מיך געבעטן זיצן און אָנגעוויזן אויפן עלטערן מיידעלע, אַז עס איז אַ שוואַך קינד. זי האָט אַ שוואַך האַרץ און מוז דעריבער גיין אין אַ ספּעשל קלאַס. זי דאַרף האָבן פלעגע, נאַרונג.

און ווי די מאַמע רעדט מיט אַ וויטאָג וועגן איר טעכטערל, האָב איך באַמערקט ווי דאָס מיידעלע איז צו איר צוגעגאַנגען און איר איינגערוימט אַ סוד אין אויער. די מוטער איז אויפגעשפּרונגען ווי אַ טיגער, האָט אַראָפּגעכאַפּט אַ שוך פון איר פוס און זיך געלאָזט לויפן נאָכן מיידעלע.

— איך וועל דיך דער׳הרג׳ענען — האָט זי ווילד געשריגן.

דאָס מיידל איז פאַר שרעק געלאָפן, די מוטער איז איר נאָכ־געלאָפן איבער אַלע רומס און איר נאָכגעוואָרפן דעם שוך. יעדעס מאָל ווען דער שוך איז געפאַלן, האָב איך אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, אַז ער זאָל מיך נישט טרעפן. ענדלעך האָב איך אָנגעכאַפּט די מוטער ביי דער האַנט.

— וואָס איז מיט אייך, איר זענט משוגע געוואָרן? וואָס לויפט איר אַזוי נאָך אַ קראַנק קינד, וואָס האָט, ווי איר האָט מיר אַליין נאָר וואָס געזאָגט, אַ קראַנק הארץ? איר מעגט זיך שעמען אין אייער ווייטן האַלז אַריין. נישט אומזיסט האָט אייך אייער מאַן פאַרלאָזט. ער האָט געמוזט זיין אַ צדיק וואָס ער איז געווען מיט אייך איין טאָג, אויב איר זענט אַזאַ באַלעבאָסטע און אַזאַ טייערע מאַמע?!. הערט, אויב איר וועט זיך נישט גוט באַציען צו די קינדער, וועלן מיר זיין געצוואונגען צוצונעמען די קינדער פון אייך. איר הערט וואָס מען זאָגט אייך?

זי איז געוואָרן אַביסל דערשראָקן און גענומען וויינען. איך האָב דאָס אויסגענוצט און זי געבעטן, אַז זי זאָל מיר זאָגן וואָס עס איז געווען די אורזאַך וואָס זי איז אַזוי ווילד געוואָרן, וואָס האָט דאָס קינד פון איר אַזעלכעס געוואָלט, וואָס זי האָט זיך גע־וואָרפן אויף איר מיטן שוך און זי נאָכגעיאָגט איבער דער גאַנ־צער וואוינונג.

— וואָס זי האָט געוואָלט? — האָט די מוטער נאַאיוו געענטפערט — הערט אַ חוצפה! צען סענט האָט זי געוואָלט פון מיר, אַז זי זאָל קאָנען גיין אין די מואוויס. איר הערט אַ נוירוו פון אַ מיידל. זי איז נישט מער קיין בייבי. זי מעג שוין פאַרשטיין מיין לאַגע. איך האָב נישט אויף קיין באָטל מילך פאַר דער קלענערער מיידל, וויל זי צען סענט פאַר די מואוויס. נו, קאָן מען נישט פּלאַצן פון אַזעלכע קינדער?!

איך האָב צוגערופן דאָס מיידעלע און איר געגעבן אַ האַלבן דאָלער.

— נאַ, גיי אין די מואוויס און נעם מיט דיין שוועסטערל.

דאָס מיידעלע איז געווען מלא שמחה און זאָגט צו מיר:

— דאָס איז צו פיל געלט, ליידי, עס קאָסט נאָר 20 סענט.

— איך ווייס — האָב איך געענטפערט דעם קינד — נעם דאָס געלט און דו וועסט קויפן אַ מאָלטעד פאַר דיר מיט דיין שוועסטערל.

זי האָט מיר שטאַרק געדאַנקט און איז אַוועק מיטן שוועס־טערל אין די מואוויס.

אַרויסגעפּטר׳ט די קינדער, האָב איך זיך גענומען צו זייער מוטער. איך האָב איר אויפגעקלערט, אַז אַזוי האַלט מען נישט קיין הויז. אַפילו אַ קאַליקע אָן הענט וואָלט שוין בעסער געהאַלטן די באַלעבאַטישקייט אין שטוב, און זי איז דאָך אַ געזונטע פרוי מיטביידע הענט, טאָ ווי קאָן זי פועל׳ן ביי זיך, אַז עס זאָל אַזוי אויסזען אין שטוב. דערצו האָב איך איר אויך זייער שטאַרק אויס־גע׳מוסר׳ט פאַר איר אופן פון באַהאַנדלען די קינדער, און איר אָנ־געזאָגט, אַז דאָס צווייטע מאָל ווען איך וועל קומען, מוז איך טרעפן דאָס הויז און די קינדער ריין. איך האָב איר דערציילט, אַז איך האָב זי שוין פאַרזאָרגט מיט רענט און האָב איר אויך געגעבן פינף דאָלער פון אונזער טשאַריטי־סאָסייעטי און די אַדרעס פון דער געזעלשאַפט „לחם עניים״, וואו זי וועט יעדע וואָך קריגן אַ באַנדל עסן.

— געדענקט וואָס איך זאָג אייך אָן. איר וועט יעדע וואָך פון אונז קריגן פינף דאָלער. איר וועט אויך קריגן עסן פון „לחם עניים״, אָבער דאָס אַלץ וועט נאָר געשען ווען איר וועט זיך נעמען ווערן אַ מענטש און אַ לייטישע מאַמע. אייער מאַן לאָזט לויפן פאַר אַ שטיקל צייט. ערשט ווען ער וועט הערן, אַז איר זענט גע־וואָרן אַ שטיקל מענטש, וועט ער אפשר זיך באַרעכענען און צוריק־קומען אַהיים.

די פרוי איז צו מיר צוגעפאַלן:

— איר זענט אַ מלאך, איר זענט ווי אַ מאַמע צו מיר, איך וועל אייך דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

איר מאַן איז געקומען צו אונז אין קאָורט און דערציילט וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן פון זיין ווייב. זי האָט מער נישט געלייקנט זיינע באַשולדיקונגען. זי האָט נאָר געבעטן, אַז ער זאָל איר געבן נאָך איין שאַנס גוטצומאַכן. אָבער ער איז געווען אַזוי פאַרביטערט, אַז ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז ניין און ניין. ער קען איר פּנים מער נישט אָנקוקן. דער רב האָט אים געבעטן מיט גוטן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאַן האָבן די אַנדערע ריכטער געבעטן ביי אים מער געלט פאַרן ווייב מיט די קינדער, אָבער אויך דאָס האָט ער אָפּגעזאָגט, און ער האָט געהאַט אַ גערעכטע טענה, אַז ער פאַרדינט בלויז דרייסיק דאָלער אַ וואָך. זיין מאַמע, ביי וועמען ער האַלט זיך אויף, איז אַליין אויף רעליף, זי איז אַן אָרעמע אַלמנה, דאַרף ער איר צאָלן צען דאָלער אַ וואָך. מיט איין וואָרט, מיר האָבן גאָרנישט געקאָנט עפּעס אויסווירקן פאַר דער פרוי. איין זאַך בלויז, מיר האָבן די קעיס נישט אַרויסגעוואָרפן, נאָר מיך באַשטימט, אַז איך זאָל נאָך ווייטער אויף איר אַכטונג געבן.

אָך האָב דער פרוי כמעט יעדע וואָך באַזאָרגט מיט שטיצע און שפייז. זי האָט מיך גענומען פאָלגן צוביסלעך. זי האָט גענומען מער אַכטונג געבן אויף די קינדער און אָנגעהויבן שענקען מער אויפמערקזאַמקייט דעם הויז.

איינמאָל ווען איך האָב איר באַזוכט, רופט זי זיך אָן צו מיר:

— מרס. עדעלמאַן, איך וויל אייך עפּעס דערציילן און ווי אַזוי איר וועט מיך ראַטן, אַזוי וועל איך טאָן. איך וועל קיין זאַך נישט טאָן אָן אייער צושטימונג.

אַלזאָ, זי איז אין זיבעטן מאָנאַט און אַ דאָקטאָר וויל איר געבן טויזנט דאָלער, זי זאָל אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר, אַז זי פאַרקויפט איר קינד. אַזוי ווי זי וועט עס ברענגען אויף דער וועלט, וועט מען

עס פון איר צונעמען, און זי וועט מער קיינמאָל נישט האָבן קיין רעכט דערויף.

— וואָס זאָל איך טאָן? איר הערט טויזנט דאָלער! איך וועל ווערן רייך. איך וועל מיך קאָנען אָנטאָן און אפשר נעמען אַ שענערע וואוינונג. צו וואָס טויג מיר נאָך אַ קינד? נאָך צרות אויף מיין קאָפּ?

איך האָב גענומען אויף איר שרייען:

— וואָס, פאַרקויפן דאָס קינד? ניין, דאָס וועל איך נישט דערלאָזן! וועלכע מאַמע פאַרקויפט עס איר קינד? ניין, שלאָגט זיך דאָס בעסער אַרויס פון קאָפּ! איר טאָרט אַפילו גאָרנישט טראַכטן וועגן דעם! איר וועט זען, אַז דאָס מאָל וועט איר האָבן אַ אינגל, און אייער מאַן וועט אפשר צוליב דעם צוריקקומען אַהיים. געדענקט, טוט דאָס נישט פאַר קיין געלט אין דער וועלט!

זינט די פרוי האָט מיר דערציילט וועגן די טויזנט דאָלער, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, ווייל איך האָב זיך געשראָקן, אַז זי וועט מיך נישט פאָלגן. זי וועט נעמען די טויזנט דאָלער און זיך ווידער אַריינלאָזן אין געמבלען, און מיין גאַנצע מי וועט זיין אַרויסגעוואָרפן. איך האָב אָבער דאָסמאָל געהאַט אַ טעות. דאָס מוטער־געפיל האָט געזיגט. זי האָט דאָס קינד נישט פאַרקויפט. עס איז טאַקע געווען אַ אינגל. דער מאַן איז געקומען אין האָס־פיטאַל מלא גדולה און גענומען שרייען אויפן קול „אַ באָי, אַ באָי!“.

דאָס קינד איז געווען שיין ווי אַלע וועלטן. עס האָט געוואויגן צען פונט, אַ גאַנצער מענטש.

איך בין געווען ביים ברית און האָב איר געבראַכט אַ פּרעזענט. אָבער דער גרעסטער פּרעזענט איז געווען איר מאַן, ווען איך האָב געזען אים ביי דער אַרבעט אַריין ביים ברית און עס איז מיר געלונגען זיי איבערצובעטן.

דאָס פּאָרל לעבט איצט גליקלעך און איך שעפּ פון זיי נחת. דער עיקר די פרוי האַלט איר וואָרט. זי נעמט מער נישט קיין קאָרט אין האַנט.

# „איר פאַמילע"

איינמאָל האָט מיך אַריינגערופן מיין דירעקטאָר און זאָגט צו מיר:

— מרס. עדעלמאַן, איך וויל אייך בעטן אַ טובה. דאָ האָט איר אַ קעיס און איך בעט אייך, אַז איר זאָלט זי איבערנעמען.

ער האָט מיר געגעבן אַ פּאַפּיר אין וועלכן די קעיס איז, ווי געוויינלעך, באַשריבן. איך האָב גענומען דאָס פּאַפּיר און אָנגעהויבן שמייכלען.

— וואָס שמייכלט איר? — פרעגט מיך דער דירעקטאָר — איר ווייסט שוין וועגן וואָס עס האַנדלט זיך?

— ניין, נאָר איך פאַרשטיי, אַז אויב איר דאַרפט אַ טובה — ענטפער איך — מוז עס זיין אַ שווערע קעיס.

— אמת — זאָגט ווידער דער דירעקטאָר — אַז די קעיס איז נישט קיין לייכטע, אָבער מיט אַ ביסל שכל וועט מען זי אפשר אויספּרעסן. אינטערעסאַנט, אַז דער גאַנצער ענין איז נישט קיין וויכטיקער, אָבער טראַבל גיט ער גענוג. עס האַנדלט זיך וועגן אַ סכסוך צווישן צוויי שכנות. זיי זיינען ביידע שוין דאָ געווען אין קאָורט און פאַרגעלייגט זייערע טענות. אונזער ראַביי האָט זיי גוט אויסגעמוסר׳ט און געפּסק׳נט אַז עס זאָל זיין צווישן זיי שלום, אַז זיי זאָלן זיך איבערבעטן, ווייל מיר האָבן היינט גרעסערע צרות אויף דער וועלט, און עס איז אַ חרפּה און אַ שאַנדע, אַז יידישע פרויען זאָלן קומען דרייען אַ קאָפּ וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן. אָבער ווען די צוויי פרויען זיינען אַהיימגעגאַנגען פון קאָורט, האָבן זיי ערשט אָנגעהויבן זיך נאָך מער צו קריגן. זיי האָבן זיך געריסן פאַר די האָר. וואָס דאַרפט איר מער, זיי זיינען שוין אַפילו

געווען אין אַמעריקאַנער קאָורט, אָבער דער ריכטער האָט דיסמיסד די קעיס. די קלעגערין האָט זיך אָבער נאָך אַלץ נישט באַרואיקט און זי קומט יעדן טאָג צו אונז און באַדערט אונז. זי טראָגט זיך שוין אַרום מיט אַ נייעם סאַמאָנס, אַז זי מוז איר אָנלערנען. די מלחמה צווישן די צוויי פרויען גייט שוין אָן צען מאָנאַטן. איין גאָט ווייס וואָס דאָרט קאָן זיך נאָך אַנטוויקלען. אויב איר ווילט ראַטעווען פון גרויסע צרות, כאַפּט זיך אַריבער צו די צוויי פרויען, און זעט אפשר וועט זיך אייך איינגעבן צו מאַכן שלום צווישן זיי, ווייל עס איז נאָר אַ חרפה און שאַנד ווי זיי שלעפּן זיך אַרום איבער די קאָורטס.

— איר האָט מיך פאַראינטריגירט — האָב איך געזאָגט צום דירעקטאָר — און איך בין שוין נייגעריק צו וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך זייער סכסוך.

— די זאַך איז פאָלגנדע: איין פרוי, די אָנגעקלאָגטע, האַלט אין איר וואוינונג דריי הינט, און די קלעגערין טענה׳ט, אַז זי קאָן מער נישט אויסהאַלטן פון די הינט. קיינער קאָן צו איר אין שטוב נישט אַרויפקומען, ווייל ווי נאָר מען עפנט די טיר פון האָל, מאַכן די הינט אַזעלכע געוואַלדן, אַז מענטשן האָבן פשוט מורא איינ־צושטעלן זייער לעבן און ווייטער גיין. די קלעגערין וואוינט אויפן ערשטן שטאָק און די אָנגעקלאָגטע וואוינט אויפן גראַונד פלאָר. דאָס בעסטע וואָלט געווען ווען מען קאָן ווירקן אויף דער פרוי, אַז זי זאָל צוויי הינט אָוועקגעבן און בלייבן נאָר ביי איין הונט.

— ווי לאַנג וואוינען זיי צוזאַמען אין דעם הויז? האָב איך געפרעגט.

— די קלעגערין וואוינט שוין דאָרט 35 יאָר, זינט זי איז געקומען פון יוראָפּ. זי איז איצט די דזשעניטאָרין פון הויז. די אָנגעקלאָגטע וואוינט דאָרט אינגאַנצן 11 מאָנאַטן.

איך האָב אָנגענומען די קעיס. דאָס ערשטע בין איך אַוועק צו דער קלעגערין. זי האָט געוואוינט אויף דער איסט סייד אין אַן

אַלט אָפּגעלאָזט פּיר־פאַמיליע־הויז. דאָס הויז האָט זיך ממש גע־בעטן, אַז מען זאָל עס צעוואַרפן. איך אַליין האָב פּשוט מורא געהאַט זיך אַרויפצולאָזן אויף די דאָרטיקע שטיגן. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און עס האָט מיר געעפנט אַ גאַנץ שיינע יידישע באַ־לעבאָסטע, אַ ברייטע יידענע. קענטיק אַז זי איז צופרידן מיט איר לעבן און די ברייטקייט אירע איז אַ רעזולטאַט דערפון. איך האָב איר געזאָגט ווער איך בין און דעם צוועק פון מיין באַזוך. זי איז געווען זייער צופרידן.

— זייער גוט וואָס איר זענט געקומען — האָט זי געזאָגט — און איך וויל טאַקע אייך בעטן, אַז איר זאָלט מיך אויסהערן. איך זאָג אייך, אַז איך האָב אַזוי פיל צרות פון דער משוגענער. זי פאַרוויסט מיר איינפאַך מיין לעבן. וואו האָט איר געהערט, אַז אַ פרוי און אַ יידישע דערצו, זאָל האַלטן ביי זיך אין שטוב דריי הינט, הינט?, מזיקים, טייוולאָנים, וואָס געבן קיין מינוט נישט קיין רו!. הערט אָקאָרשט אויס וואָס איך וועל אייך דערציילן.

— לאָזט מיך פריער זיך אַוועקזעצן — האָב איך איר איבער־געריסן — און דערנאָך וועלן מיר זען וואָס מען קאָן טאָן פאַר אייך.

איך האָב דאָס ערשטע גענומען באַטראַכטן איר וואוינונג. עס האָט אַרויסגערופן ביי מיר אַ מאָדנעם סענטימענט. די וואוינונג, דאָס מעבל און אַלץ אין שטוב האָבן מיך צוריקגעפירט מיט אַ 38 יאָר צוריק, ווען איך בין געקומען אין אַמעריקע און האָב געלעבט אין אַזעלכע אומשטענדן. מיינע גרינע יאָרן זיינען ווידער אויפ־געשטאַנען פאַר מיר תחית המתים. די גאַנצע וואוינונג איז געווען פינצטער. צוויי פינצטערע בעד־רומס, דער סינק איז געווען אַן אייזערנער, אַ שוואַרצער, קיין באַד־צימער איז נישט געווען, נאָר אַ וואַש־טאָפּ און דער טאָילעט איז געווען אין האָל.

די פרוי האָט געזען מיט וועלכע אויגן איך קוק אויף אַלץ, האָט זי זיך אָנגערופן:

— איר וואונדערט זיך אַוודאַי, אַז אין יאָר 1947 זאָלן מענטשן נאָך וואוינען אין אַזעלכע הייזער?!

— יאָ, מיסעס, איר האָט געטראָפן.

— אייגנטלעך ווייס איך אַליין נישט פאַרוואָס איך טו עס — ענטפערט מיר די פרוי — שוין 35 יאָר ווי איך וואוין דאָ. איך האָב זיך שוין אַזוי איינגעלעבט אין דעם הויז און אין דער נאָכבאַרשאַפט, אַז איך האָב פּשוט מורא אַרויסצומופן. איך האָב חתונה געהאַט אין אייראָפּע און מיין מאַן איז אין יאָר נאָך אונזער חתונה אַוועק קיין אַמעריקע, דערנאָך האָט ער מיך געבראַכט אַהער, אָט טאַקע דאָ אין דעם פּאַלאַץ, און איר ווייסט דאָך ווי מען זאָגט ביי יידן „דער וואָרעם ליגט אַזוי לאַנג אין כריין, אַז ער מיינט קיין זיסערס איז נישטאָ”. אָט אַזוי איז געווען מיט אונזער דאָ וואוינען. מיר האָבן זיך אַזוי צוגעוואוינט, אַז עס דוכט זיך אונז, אַז מען קאָן גאָר אַנדערש נישט לעבן, און וויסן זיין דאַרפט איר, ליבע פרוי, אַז דאָס לעבן איז נישט תמיד געווען אַזוי לייכט. מיר זיינען דאָ אין אַמעריקע דורכגעגאַנגען קאַלט און וואָרעמס און אָפט איז דער קאָפּ געווען אַזוי דערשלאָגן, אַז מען האָט גאָר אַליין נישט געוואוסט אַז מען לעבט, און ווען זיינען דעמאָלט געלעגן אין זינען אַזעלכע זאַכן ווי אַ באַקוועמע וואוינונג, אַ באָד־צימער, אַ טאַילעט, ליכטיקייט און טרוקנקייט? אָט דאָ אין דעם הויז זיינען געבוירן געוואָרן מיינע דריי קינדער, צוויי זין און איין טאָכטער. זיי זיינען שוין אַלע, גאָט צו דאַנק, פאַרהייראַט, אָבער עס רעדט זיך אַזוי לייכט דריי קינדער און פאַרהייראַט. דאָס זיינען געווען יאָרן פון זאָרג, קאָפּ־דרייעניש, האַרצווייטאָג און אַרבעט, געדולד, מי, צרות און ליידן. טאָ ווער האָט עס דעמאָלט געהאַט דעם קאָפּ צו עפּעס אַנדערש? אַ דאַנק גאָט וואָס איך האָב כאָטש טייערע קינדער און דאָס איז דער לוין פאַר דעם אַלעם וואָס מען האָט זיך אָנגעליטן אין די יונגע און מיטעלע יאָרן. מיין מאַן איז געשטאָרבן מיט פיר צוריק. איצט בין איך פאַרהייראַט צו אַ צווייטן

מאַן. ער איז אַ קליינער פאַרדינער, נאָר ער איז זייער גוט צו מיר און איך בין, אַ דאַנק גאָט, זייער צופרידן. איך העלף אים אַביסל אַרויס אין דער פרנסה. דערצו בין איך דאָ די דזשעניטאָרין און קיין רענט קאָסט מיך נישט. די קינדער וואַרפן אויך אַריין פון צייט צו צייט אַ פּאָר דאָלער, שלעפּט מען זיך דורך. וואָלט אַלץ געווען גוט און פיין. איך וואָלט שוין געווען צופרידן פון מיין מזל, איז אָבער געקומען די פּרוי פון דאָן סטעירז און פאַרביטערט מיר מיין לעבן. איר זעט דעם בייל אויף מיין קאָפּ, דאָס האָט זי מיר געמאַכט.

— און איר האָט איר דערפאַר געשוויגן?

— אָ, ניין, איך האָב איר צעדראַפּעט איר גאַנץ פּנים. ווען מען נעמט מיך נישט אַוועק, וואָלט איך זי אַזוי צע'מזיק'ט, אַז מען וואָלט זי נישט דערקענט. וואַרט, איר ווילט עפּעס זען?

און זי נעמט אַ שטעקן און גיט דערמיט עטלעכע קלעפּ אין אין פלאָר, האָט באַלד זיך דערהערט אַ געוואַלדיק בילעריי פון עטלעכע הינט אויף אַזאַ קול, אַז איך אַליין האָב זיך דערשראָקן.

— נו, איצט זעט איר שוין, אַז איך טשעפּע זיך נישט צו איר גלאַט אומזיסט? איר הערט, איינס פון ביידע זאַכן, אָדער זי גיט אַוועק די הינט, אויב נישט, מוז זי פון דאַנען אַוועקמופן. איך וועל איר נאָך מסר'ן אין דער רעליף, אַז זי פאַרגינט זיך נישט צו עסן און גיט אַלץ אַוועק פאַר אירע באַליבטע הינט.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אייגנטלעך האָב איך דאָ מער גאָר־נישט וואָס צו טאָן. איך ווייס שוין וואָס די פּרוי וויל, האָב איך זיך צו איר געווענדט מיט דער פראַגע:

— ווילט איר מיר ווייזן אייערע רומס?

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

דאָס מעבל אין דער וואוינונג איז געווען זייער אַלט, פון מלך סאָביעסקי'ס צייטן. עס איז געשטאַנען אַ רונדיקער טיש מיט בענקלעך, אַ לאָנטש און אויף די ווענט האָבן געהאַנגען דריי

דיפּלאָמעס פון אירע קינדער, אַלע פון דער פּאָבליק סקול, וועלכע זיי האָבן פאַרענדיקט און דערצו נאָך איין דיפּלאָמע פון אַ היי סקול. אין שלאָפצימער איז געשטאַנען אַ גרויס בעט, פון מעש, שיין פאַרבעט מיט אַן איירעפּעאיש דעק. זי האָט זיך טאַקע פאַר מיר באַרימט, אַז די דעק האָט זי אַליין אויסגעהעקלט נאָך אין איירעפּע. עס איז געווען געווען קענטיק, אַז די פרוי איז אַ גרויסער בריה. אַלץ אין שטוב האָט געפינקלט פון ריינקייט, אָבער די אָרעמקייט און די אַלטקייט האָבן געשיינט פון יעדן ווינקעלע.

— וואו נעמט איר אַ באָד? — האָב איך זי געפרעגט.

— מיר נעמען אַרויס דאָס מיטלסטע פון וואַש־טאָפּ, האָבן מיר וואו זיך צו באָדן.

איך בין אַראָפּ צו דער שכנה דאָן סטעירז. איך האָב אָנגע־קלאָפּט אין טיר, און עס האָט אַ ביסל געדויערט ביז איך האָב באַקומען אַן ענטפער. עס איז געווען קלאָר, אַז זי שרעקט זיך פאַר מענטשן. איך האָב זיך הינטער דער טיר לעגיטימירט און ערשט דאַן האָט זי געעפנט די טיר.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, בין איך פּשוט גע־וואָרן דערשראָקן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך בין אַריין אין עפּעס אַ הקדש. אַזאַ אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט האָב איך שוין לאַנג נישט געזען. אַלץ איז געווען פאַרפאַקט אין באָקסעס און אין באַרעלס.

— וואָס איז דאָס? — האָב איך געפרעגט און אָנגעוויזן דע־רויף — איר מופט אַרויס?

— ניין. איך וואוין שוין דאָ עלף מאָנאַטן — האָט די פרוי געענטפערט — נאָר איך האָב זיך נאָך נישט אויסגעפּאַקט, ווייל איך ווייס נישט אויף וועלכער וועלט איך בין. די מרשעת אָפּסטעירס דערגייט מיר די יאָרן. גיט אַ קוק אויף מיין פּנים, זעט וואָס זי האָט מיר געמאַכט. גאָט זאָל זיך נאָר אָננעמען מיין קריוודע און זאָל איר באַצאָלן ווי זי האָט פאַרדינט. אַדרבא, זעצט זיך אַוועק

און איך וועל אייך אַלץ איבערגעבן וואָס איך לייד זיך אָן. איך האָב שוין געפּרואווט עטלעכע מאָל אין קאָורט דערציילן מיין אומגליק, אָבער דאָרט לאָזט מען מיך נישט ריידן, האָט זיך אָנ־געקליבן אַזוי פיל אויפן האַרצן, אַז איך ווער איינפאַך דערדריקט. איצט אָבער, אַז איר זענט געקומען דאָ אַהער, וויל איך האָפן, אַז איר וועט מיך ענדלעך לאָזן אויסריידן.

איך האָב גוט באַטראַכט די פרוי. זי איז געווען אַ קליינע, אַן איינגעדאַרטע, אַ פּנים געל ווי וואַקס, פאַרלאָשענע אויגן. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קראַנקן מענטש, וואָס מאַכט זייער אַ שווער לעבן. פון דער פּראַקטיק אין אַזעלכע פאַלן האָב איך שוין געוואוסט, אַז אויב מען לאָזט אָט די מענטשן זיך נישט אויסריידן וואָס עס דריקט זיי, קאָן מען גאָרנישט דערגיין וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ערשט נאָכדעם ווי זיי לאָדן אויס זייערע טענות, און ווי זיי דערציילן זייערע לעבנסגעשיכטעס, מאַנכעס מאָל וועגן זאַכן, וואָס האָבן קיין שייכות צו זייער קעיס, קאָן מען ערשט צוטרעטן צו דער קעיס. איך האָב דעריבער גענומען אַ שטול, זיך געזעצט און געזאָגט:

— יאָ, ליבע פרוי, איך בין אַהערגעקומען טאַקע צו הערן וואָס איר האָט צו דערציילן. שעמט אייך גאָרנישט, זאָל איך גאָר־נישט אָפּהאַלטן און רעדט פריי!

— ווי איר קוקט מיר אָן, האָב איך נישט געהאַט קיין מאַמע. וואָס הייסט, איך האָב נישט געהאַט קיין מאַמע? יעדער מענטש מוז דאָך האָבן אַ מאַמע, אַנדערש קאָן ער דאָך אויף דער וועלט נישט קומען, אָבער איך געדענק נישט מיין מאַמען. איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד ווען זי איז געשטאָרבן און איך געדענק נאָר מיין שטיפמאַמען, זייער אַ שלעכטע. איך וויל מיך דאָ נישט אַריינ־לאָזן אייך צו שילדערן וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דער אַלטער היים. איך וועל טרייען צו מאַכן בקיצור. ווען איך בין גע־קומען קיין אַמעריקע בין איך שוין נישט געווען גאָר יונג, מען

קען זאָגן, אַז איך בין אַהערגעקומען שוין אַן אַלטע מויד. 32 יאָר בין איך אַלט געווען ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך בין געוואָרן אַ דינסט ביי יענעם. איך האָב געאַרבעט שווער און ביטער. אַכט יאָר האָב איך אַזוי אָפּגעפּראַצעוועט ביז איך האָב צוזאַמענגעקליבן אַ דריי טויזנט דאָ־לער אין די בענק. אָבער וואָס וועט זיין דער תכלית? מען דאַרף דאָך אַמאָל אַ טראַכט טאָן וועגן זיך אַליין. עס ווילט זיך דאָך אויך האָבן אַן אייגן ווינקעלע, אַן אייגענעם דאָך איבערן קאָפּ, און וואָס זאָל איך לייקענען, די נאַענטקייט פון אַ מאַן? האָב איך זיך גע־ווענדט צו אַ שדכן און ער האָט מיך צוזאַמענגעפירט מיט אַ מאַן. איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז קיין גאָר יונגן מאַן האָב איך נישט געקאָנט פאַרלאַנגען. היינט שטעלט זיך פאָר מיין פרייד, אַז דער מאַן, וועלכן דער שדכן האָט געבראַכט, איז געווען נאָך אינגער פון מיר, אינגאַנצן 38 יאָר אַלט, אַ שיינער און אַ געזונטער. ער פלעגט אַרבעטן ביי די דאָקס. וואו ער האָט געטאָגט, דאָרט האָט ער נישט געגעכטיקט, און ער האָט אויך געבענקט נאָך אַן אייגן ווינ־קעלע און נאָך אַ ווייב. אַזוי האָט עס געהייסן און אַזוי האָבן מיר אויך געמיינט. ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער ליבט מיך, און איך בין געווען אין זיבעטן הימל. מיר האָבן חתונה געהאַט, איך האָב איינגעפיקסט אַ שיינע היים, אָבער מיין גליק האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. איידער וואָס ווען האָבן מיר דערזען, אַז ער מיינט מער מיין באַנק־ביכל ווי מיך. ער האָט גענומען שיכור'ן. ער האָט מיך אָנגעהויבן באַליידיקן און אַפילו נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ, אָבער איך בין געווען אין אים אַזוי פאַרליבט, אַז איך האָב געליטן און געשוויגן. איך בין געווען זייער אומגליקלעך.

דאָ האָט זיך די פרוי זייער שטאַרק צעוויינט. איך האָב זי גענומען באַרואיקן, און דאַן האָט זי ווייטער פאָרגעזעצט:

— ענדלעך האָט ער גע'פּטר'ט מיין גאַנץ אָפּגעשפּאָרט געלט. פון זיינע פאַרדינסטן האָט מען נישט געקאָנט לעבן און ער האָט מיך אָנגעהויבן שיקן קלינען הייזער. איך בין געגאַנגען, האָב

געאַרבעט און האָב אַהיימגעבראַכט יעדן פאַרדינטן סענט. ער האָט זיך קנאַפּ גערעכנט מיט דעם ווי אַזוי איך פאַרדין דאָס געלט. ער האָט עס לייכט פאַרספּענדט אויף זיין שלעכטער געוואוינהייט צו שיכור'ן. מיר איז געוואָרן זייער ביטער און איך האָב אים גענומען פאַרוואַרפן. אָבער אַנשטאָט, ווי אַנדערע מענער, אין אַזעלכע פאַלן, זאָגן כאָטש צו, אַז זיי וועלן זיך פאַרבעסערן, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן קיין ברעקל חרטה. פאַרקערט, ער פלעגט מיר ענטפערן דערויף דערמיט וואָס ער פלעגט מיך סטראַשען, אַז ער וועט מיך פאַרלאָזן. און לאָמיך זיך פאַר אייך מודה זיין, אַז קוים פלעג איך דאָס הערן, פלעג איך פאַלן צו זיינע פיס און אים בעטן רחמים, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן. אַזוי האָב איך מיט אים אָפּגעלעבט פופצן יאָר.

— וואָס איז געוואָרן דער סוף מיט אייער מאַן? — האָב איך געפרעגט.

— גאָט האָט אים צוגענומען פון מיר. ער איז דער'הרג'עט געוואָרן פון אַ טראָק. עס איז שוין אין דעם אַ געשיכטע פון דריי יאָר. איך בין געבליבן קראַנק און אָרעם און איצט קאָן איך שוין מער נישט אַרבעטן. נו, בין איך אַוועק און זיך געמאָלדן אויף רעליף, און מען גיט מיר. וואָלט איך שוין געווען, ווי עס איז, צופרידן, אָבער מענטשן לאָזן נישט לעבן דעם אַנדערן. יעדער איינער וויל נאָר יענעם שלעכטס טאָן. איר פאַרשטייט, אַ מענטש קאָן דאָך נישט זיין איינער אַליין אויף דער וועלט. קיין מאַן האָב איך דאָך נישט, טאָ ווי אַזוי זאָל איך לעבן? אַ מענטש מוז דאָך עמיצן האָבן. נו, ווי זאָגט מען עס, גאָט שטראָפט מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער היילט ער. ער האָט מיר צוגעשיקט מיינע טייערע הינט. דאָס זיינען מיינע בעסטע פריינט. זיי האָבן מיך ליב. טאָ וואָס אַרט עס מיין שכנה? וואָס גייט עס איר אין לעבן אויב איך האָב אַ שטיקל פרייד אין מיין לעבן? איך טשעפּע דאָך קיינעם נישט און מיינע הינט טוען דאָך אויך קיינעם גאָרנישט. איך לאָז דאָך זיי אַפילו פון שטוב נישט אַרויס. וואָס האָט זי צו מיר?

— איר רעדט אַלץ וועגן די הינט — האָב איך איר איבער־געריסן — אָבער איך זע גאָרנישט די הינט, וואו זיינען זיי?

— אָ, איר ווילט זיי זען? גוט, קומט אַריין מיט מיר אין דער צווייטער רום, וועל איך זיי אייך ווייזן. — זי האָט געעפנט די טיר און איך האָב דערזען פאַר זיך דריי הינט, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַמיליע, אַ פאָטער און אַ מוטער און אַ קינד. עס איז געווען קענטיק, אַז די פרוי גיט זיך שטאַרק אָפּ מיט זיי. זיי זיינען געווען גוט געשפייזט און ריין, ווייס ווי שניי. עס איז געווען קלאָר, אַז זיי האָבן דאָ אַ גוטע היים.

די פרוי האָט געקוקט אויף זיי מיט פאַרליבטע אויגן און געזאָגט:

— איר ווילט וויסן ווי זיי הייסן? דער פאָטער הייסט ספּאַדי, די מאַמע קוויני און די בייבי שנאָצל.

און זי כאַפּט שנאָצלען אויפן שויס, דריקט אים צו צום האַרצן און קושט אים.

— שנאָצל שלאָפט מיט מיר אין איין בעט — באַרימט זי זיך — דאָס איז דאָך דאָס קינד.

איך האָב דערזען, אַז די פרוי איז פאַנאַטיש איבערגעגעבן צו אירע הינט, אָבער דאָך מוז מען דאָך עפּעס פּרוּוון מאַכן אַ טאָלק, האָב איך געזאָגט:

— פאָלגט מיך, גיט אַוועק ספּאַדין מיט קווינין און האַלט זיך מיט דער בייבי. דאָס איז גענוג פאַר אייך. איר זענט דאָך אַליין אַן אָרעמע פרוי. אויסהאַלטן די הינט האָט איר דאָך אויסגאַבן. עס איז שטאַרק קענטיק, אַז איר פאַרגינט זיך אַליין נישט און גיט עס אַוועק פאַר די הינט. דאָס איז דאָך איינפאַך אַ פאַרברעכן. פאָלגט מיך, גיט אַוועק די צוויי הינט און בלייבט ביי איינעם.

די פרוי האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

— ניין, ניין, איך וועל דאָס נישט טאָן פאַר קיין געלט אין דער וועלט. איך דאַרף זיי האָבן אַלע דריי. איך וועל בעסער וואוינען ערגעץ וואו אין אַ קעלער, אויב איך קאָן דאָ נישט בלייבן, אַבי

איך זאָל קאָנען זיין מיט זיי צוזאַמען. איך האָב געמיינט, אַז נאָכ־דעם ווי איר וועט הערן מיין סטאָרי, ווי איר וועט זיך באַקענען ווי עלנט און איינזאַם איך בין, וועט איר אַריינגיין אין מיין לאַגע. צום סוף זענט איר אויך קעגן מיר?!

איך האָב איינגעזען, אַז איך מוז ענדערן דעם געשפּרעך, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— וואו שלאָפט איר?

ווייזט זי מיר אָן אויף אַ פינצטערע רום, וואו עס איז גע־שטאַנען אַ בעט אָן אַ ליילעך, אָן אַ קישן, בלויז אַ פּאָר אַלטע שמאַ־טעס מיט וועלכע זי דעקט זיך צו.

— איר מיינט צו זאָגן, אַז איר האָט נישט קיין קאָלדרע מיט וועלכע זיך צוצודעקן אָדער אַ ליילעך אונטערצולייגן?

אַנשטאָט אָן ענטפער, נעמט מיך די פרוי אָן ביי דער האַנט, פירט מיך צוריק אַריין אין ערשטן צימער, גייט צו אַ באַנדל, עפנט עס אויף און נעמט אַרויסשלעפּן ליילעכער, ציכלעך און אַ זיידענע קאָלדרע.

— וויבאַלד איר האָט יאָ די אַלע זאַכן — פרעג איך איר

— טאָ פאַרוואָס נוצט איר עס נישט? איר קאָנט דאָך קראַנק ווערן פון אַזאַ געלעגער אויף וועלכן איר ליגט.

— וועמען ליגט דאָס אין זינען? איך האָב דאָך מורא, אַז מען וועט מיך פון דאַנען אַרויסוואַרפן, גיי איך אַרום גאַנצע טעג און זוך אַנדערע רומס, האָב איך דערוויל נישט דעם קאָפּ זיך אויס־צופּאַקן. ווען איך ווייס אויף באַשטימט, אַז איך וועל דאָ קאָנען בלייבן מיט מיין פאַמיליע (אַנווייזנדיק אויף די הינט), וואָלט אַלץ גאַנץ אַנדערש אויסגעזען.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די פרוי וועט זיך פון די הינט נישט שיידן, ווייל דאָס איז געוואָרן ביי איר אַ פּסיכישער ענין. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך וועל באַלד צוריק אַראָפּקומען און בין ווידער אַרויף צו דער שכנה אויפן ערשטן שטאָק.

— הערט — האָב איך זיך צו איר געווענדט — איך בין געווען אונטן ביי אייער שכנה. איך האָב זיך געננוי באַקענט מיט דער גאַנצער קעיס און בין געקומען צו אייך אַפּעלירן. איך זאָג נישט, אַז די פרוי אונטן איז משוגע, אָבער איר האָט צו טאָן מיט אַ פּסי־כאָלאָגישן ענין. דאָס איז אַן אומגליקלעכע, עלנטע פרוי אויף דער גאַנצער גרויסער וועלט. איך בעט אייך, האָט אויף איר רחמנות. איר זענט גליקלעך, איר האָט טייערע קינדער, איר האָט אייניקלעך, זאָלן לעבן, איר האָט אַ מאַן, וואָס ווייזט אייך אַרויס פריינטשאַפט. זי האָט נעבעך קיינעם נישט אויף גאָטס גרויסער וועלט. בעט איך אייך, לאָזט די פרוי צו רו. זי האַלט אירע הינט אינעווייניג ביי זיך אין שטוב. פאַרגעסט אין די הינט. איך וועל מיט דער פרוי איבעררעדן, אַז זי זאָל זיך באַמיען צו האַלטן שטיל די הינט, און לאָזט איר צו רו. זאָל זי וויסן אַז זי האָט ענדלעך אַ שטיקל רו־איקן ווינקל, וועט זי אפשר ווערן אַנדערש אויך וועגן די הינט.

איך האָב לאַנג גערעדט מיט דער פרוי ביז איך האָב זי ענדלעך געוואונען. זי האָט מיר אונטערגעשריבן אַ פּאַפּיר, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פון אירע טענות קעגן דער שכנה און זי וועט זי מער נישט באַדערן.

עס זעט אויס, אַז זי האָט טאַקע געהאַלטן איר צוזאָג, ווייל מער זיינען זיי ביידע נישט געקומען אין קאָורט מיט קיין טענות.

# פרייד און גליק דורך אַ קלייניקייט

מען מיינט דאָך אַלץ, אַז כדי צו זיין גליקלעך דאַרף אַ מענטש גאָר אַ סך, הייבט עס זיך נישט אָן.

אונזערע אַמאָליקע חכמים האָבן דערויף שוין לאַנג געזאָגט „איזהו עשיר, השמח בחלקו", וואָס אויף מאַמע־לשון מיינט עס „ווער פילט זיך גליקלעך, דער וואָס שטעלט זיך צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט". נאַטירלעך ווערט אַזאַ איינער אומגליקלעך ווען ער פאַרלירט דאָס וואָס ער האָט.

און איך האָב געהאַט אַ סך מאָל געלעגנהייטן איינצוזען, אַז כדי צו זיין גליקלעך, דאַרף אַ מענטש האָבן גאָר קליינע זאַכן, ממש קלייניקייטן, וואָס זענען אפשר אויס לעכערלעך ביי אַנדערע, אָבער אין זייערע אומשטענדן איז דאָס געווען גענוג וויכטיק, אַז עס זאָל זיי פאַרשאַפן פרייד אָדער לייד, גליק אָדער אומגליק.

פון איין פאַל אַזאַ, וואָס האָט אַ פרוי געמאַכט אומגליקלעך נאָכדעם ווי זי האָט פאַרלאָרן אַ קלייניקייט אין איר הויז, וויל איך דאָ דערציילן:

אין אָפיס איז אַריינגעקומען אַ פרוי און ווען כ'האָב זי געבעטן, אַז זי זאָל זיך זעצן און מיר זאָגן וואָס זי פאַרלאַנגט, האָט זי מיר געענטפערט, אַז זי איז שוין געווען ביי אונז צוויי מאָל, אָבער אַן אָפיסער האָט איר געזאָגט, אַז זי וועט מוזן האָבן געדולד און וואַרטן ביז מען וועט זי אויפנעמען, ווייל עס זיינען פאַראַן אַ סך קעיסעס פאַר איר. נאָר אַזוי ווי זי דערקענט אין מיר, אַז איך בין אַ גוטע נשמה, וואָלט זי מיך געבעטן, אַז איך זאָל זי אויסהערן, אפשר וועל איך קאָנען מאַכן, אַז מען זאָל איר קעיס פריער באַהאַנדלען, ווייל עס איז זייער וויכטיק, עס גייט איר ממש אין לעבן.

און נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפער, צעוויינט זי זיך.

— אַלרייט, דערציילט מיר וואָס עס דריקט אייך אויפן האַרצן — האָב איך איר געענטפערט — אָבער איין זאַך מוזט איר מיך פריער פאָלגן, הערט אויף וויינען, וועל איך אייך קאָנען פאַרשטיין.

ביי דער פרוי האָבן די אויגן אויפגעלויכטן פון פרייד. זי האָט מאָמענטאַל אויפגעהערט וויינען, זי האָט זיך באַרואיקט און מיר געענטפערט:

— יעס, מיין ליבע פרוי, איך וועל אייך דערציילן, אָבער פריער פון אַלץ וויל איך, אַז איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אַן אומוויסנדע פרוי, איך קען נישט לייענען און קען נישט שרייבן.

נישט ווילנדיק האָב איך געמוזט געבן אַ שמייכל. דאָס ערשטע מאָל טרעפט זיך מיר, אַז אַ מענטש זאָל אַליין אויף זיך זאָגן, אַז ער איז אומוויסנד. איך האָב זי גוט באַטראַכט. זי איז געווען אָרעם געקליידט, אָבער זייער נעט און ריין. זי האָט געטראָגן אַ פשוט הויז־קלייד, אָבער עס האָט ממש אַראָפּגעשמעקט פון איר. אירע ווייסע געקרויזטע האָר זיינען געווען גיט פאַרקאָמט.

— איך זע נישט איין די אורזאַך פאַרוואָס איר מוזט מיר זאָגן, אַז איר זענט אַן אומוויסנדע פרוי — האָב איך באַמערקט — אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין, געפעלט איר מיר זייער.

די פרוי שמייכלט און ענטפערט מיר:

— טאַקע דערפאַר וואָס איך בין אַ נאַרישע אומוויסנדע פרוי, בין איך דאַך איצט דאָ ביי אייך מיט מיין קעיס.

— נו, לאָמיר וועגן דעם נישט דיסקוטירן — האָב איך געענטפערט — דערציילט מיר בעסער אייער פּראָבלעם.

— איך בין 72 יאָר אַלט — האָט זי אָנגעהויבן — און איך האָב נישט קיינעם אויף דער וועלט. איך האָב נישט קיין מאַן און נישט קיין קינדער. איך בין אָרעם און איך לעב פון רעליף. מיין איינציקער פאַרגעניגן אויף דער וועלט איז געווען מיין ראַדיאָ, איז זי קאַליע געוואָרן און אויפגעהערט שפּילן, כאָטש גיב איר אַ קרענק. איך האָב געהאַט דאָס גרעסטע פאַרגעניגן צו הערן

אייערע קעיסעס אויף דער ראַדיאָ און נאָך אַנדערע יידישע פּראָ־גראַמען. קיין אַנדערע פאַרגעניגנס קאָן איך מיר נישט דערלויבן, ווייל איך דאַרף שטאַרק היטן יעדע פּעני. איך בין שוין אַלט און קאָן מער נישט פאַרדינען. אַלזאָ, איך בין באַלד אַריין אין אַ ראַדיאָ־סטאָר, טאַקע אין מיין געגנט, און ווי געוויינלעך האָב איך זיי דערציילט, אַז איך בין אַן אומוויסנדע פרוי, איך קען נישט לייענען און קען נישט שרייבן, און איך האָב זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן האָבן אויף מיר רחמנות און פיקסן מיין ראַדיאָ. דער מאַן פון געשעפט איז גלייך אַרויפגעגאַנגען צו מיר אין הויז, האָט באַטראַכט מיין ראַדיאָ, און ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס פיקסן וועט מיך קאָסטן צוועלף דאָלער, אַ סענט נישט וויניקער. איך האָב אים גענומען בעטן, אַז אפשר קאָן ער עס מאַכן אַביסל ביי־ליקער, אָבער ער האָט מיר געענטפערט, אַז ניין, דאָס איז דער פּרייז און טוט אים וואָס איר ווילט. האָב איך געזאָגט "פאַרפאַלן, פּיקסט עס און איך וועל געבן די צוועלף דאָלער, אָבער איך בעט אייך, מאַכט מיר אַ גוטן דזשאָב, ווייל איך בין אַן אָרעמע פרוי. זעט, אַז איך זאָל שפּעטער נישט האָבן קיין טענות צו אייך, ווייל די ראַדיאָ איז מיין איינציקער פאַרגעניגן אין לעבן", האָט ער מיר געענטפערט, אַז איך זאָל גאָרנישט זאָרגן, נאָר זיך פאַרלאָזן אויף אים. און דאָ זע איך ווי ער גרייט זיך נעמען די ראַדיאָ מיט זיך, האָב איך אים געפרעגט צי ער קאָן נישט פיקסן די ראַדיאָ אין שטוב, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ניין, ער מוז זי מיט־נעמען צו זיך אין סטאָר, ווייל ער האָט דאָרט געוויסע מאַשינען און אינסטרומענטן אָן וועלכע ער קען נישט פאַרריכטן. אַלזאָ, האָט ער אַרויסגענומען די ראַדיאָ פון קאַבינעט און מיר צוגעזאָגט, אַז צומאָרגנס ברענגט ער זי מיר צוריק שוין אינגאַנצן פאַרראַכטן. צומאָרגנס אין דער באַשטימטער צייט איז ער טאַקע געקומען און מיטגעבראַכט מיט זיך די ראַדיאָ. ער האָט אויסגעפּרואווט די ראַ־דיאָ, האָט זי גאַנץ גוט געשפּילט און איך האָב אים באַלד באַצאָלט. אמת, אַז עס איז געווען מיין לעצט ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט טאַקע

פון עסן, אָבער וואָס קאָן מען זיך העלפן, אַז די ראַדיאָ איז מיין איינציק שטיקל פאַרגעניגן אויף דער וועלט?! ער איז אַוועק און איך האָב אויפגעדרייט די ראַדיאָ און געהערט מיינע באַליבטע פּראָגראַמען. אַזוי איז עס געגאַנגען צוויי טעג, אָבער אויפן דריטן טאָג האָט די ראַדיאָ ווידער אויפגעהערט צו שפּילן. עס איז מיר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. איך האָב אים אַוועקגעגעבן אַזאַ שטיק געלט, און די ראַדיאָ שפּילט ווידער נישט, זי שטייט ווי אַ ליימענער גולם, עס איז דאָך נאָר זיך אַ מעשה אָנצוטאָן. איר דאַרפט דערצו וויסן, אַז מיין ראַדיאָ איז נישט קיין אַלטע, איך האָב זי איינגעאַנצן פיר יאָר צייט.

— און וואָס איז ווייטער געשען? — האָב איך אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט, אַז די פרוי זאָל קאָנען אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

— איך בין גלייך אַוועק צו אים און אים דערציילט פון מיינע צרות, אַז די ראַדיאָ שפּילט נישט, האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון מיר. בין איך אַהיימגעגאַנגען און געפּרואווט דרייען די ראַדיאָ אַהער און אַהין, אפשר וועט זי פאָרט שפּילן. געזען, אַז זי שפּילט דאָך נישט, בין איך צומאָרגנס ווידער אַוועק צו אים, האָט ער מיך פשוט אַרויסגעוואָרפן פון זיין סטאָר. איך האָב זיך ביי אים געבעטן מיט גוטן ווי קאָן ער האָבן אַ האַרץ פון אַ גזלן און צונעמען ביי מיר, אַן אַלמנה, אַן אומוויסנדע פרוי, איר לעצטע צוועלף דאָלער, האָט ער גענומען שרייען אויף מיר „משוגענע", האָט מיך שטאַרק באַליידיקט און מיר אָנגעזאָגט, אַז מער זאָל מיין פוס צו אים נישט אַריינטרעטן. „איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט מיר באַדערן, דו אַלטע מכשפה, וואָס דו ביסט". נו, האָב איך באַשלאָסן אים צו רופן צום „יידישן קאָורט". איך בין דאָ געווען מיט צוויי וואָכן צוריק, און ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, איז דאָ געווען אַן אַנדערע פרוי, נישט איר, און ווען איך האָב איר אָנגעגעבן מיין קעיס, האָט זי אַלץ פאַרשריבן און געזאָגט, אַז איך זאָל גיין אַהיים, מען וועט מיך שוין רופן, אָבער עס איז שוין צוויי וואָכן און מען רופט מיך

נישט, בין איך געקומען אייך בעטן אפשר קאָנט איר עס מאַכן שנעלער, ווייל אַז דער ראַדיאָ פיל איך זיך אומגליקלעך. די ראַדיאָ איז דאָך מיין איינציק שטיקל פאַרגעניגן אויף דער וועלט. אָן דער ראַדיאָ בין איך ווי אָן אַ האַנט.

— איז דאָס אַלץ?

— יעס!

— איצט הערט מיך, מיין ליבע פרוי — האָב איך זיך אָנגערופן — איך זאָג אייך צו, אַז איך וועל טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך פאַר אייך, אָבער איין זאַך וויל איך אייך בעטן, אַז איר זאָל זיך מער פאַר קיינעם נישט פאָרשטעלן פאַר אַ נאַר און אַן אומוויסנדע פרוי. אַז איר וועט אַליין נישט האַלטן פון זיך, וועט קיינער פון אייך נישט האַלטן. מען טאָר זיך טאַקע נישט האַלטן צו גרויס, מיט גדלות, אָבער נאָך ערגער איז ווען אַ מענטש איז איינגאַנצן געפאַלן ביי זיך. אמת, אַז איר קענט נישט לייענען און שרייבן, טאָ איז וואָס? עס זיינען דאָ ביי אונז אין לאַנד אַ סך גרויסע ביזנעס לייט, וואָס קאָנען נאָר זיך אונטערשרייבן מיט אַ צלם. זייער אייגענעם נאָמען קאָנען זיי נישט אונטערשרייבן, און דאָך האָט זיי דאָס נישט געשטערט, אַז זיי זאָלן זיך גאַנץ פיין אַרויפאַרבעטן אין אַמעריקע, און אין דער זעלבער צייט זיינען דאָ ביי אונז אין לאַנד אַ סך געבילדעטע מענטשן, וואָס מוטשען זיך שטאַרק צו מאַכן אַ לעבן. מען האָט אייך נישט געלערנט, קענט איר נישט. דאָס איז נישט אייער שולד. ווען איר וואָלט געהאַט די זכיה געבוירן צו ווערן רייך, וואָלט איר אויך געקענט. דעריבער געדענקט וואָס איך זאָג אייך, פון היינט אָן הערט אויף זיך אַרויסצושטעלן אַלס אומוויסנדיקע פרוי. פון היינט און ווייטער זענט איר קלוג. ווען מען לערנט מיך נישט, וואָלט איך אויך נישט געקענט. אָוודאַי איז דאָס נישט קענען לייענען און שרייבן אַ חסרון, אָבער איך בין זיכער, אַז דערפאַר האָט איר אַנדערע מעלות, וואָס איך האָב נישט. איך בין זיכער, אַז איר קענט מאַכן אַ בעסערן קוגל פאַר מיר.

אַ פּנים, אַז דאָ האָב איך אַריינגעטראָפן אין ריכטיקן פּינטעלע, ווייל די פרוי האָט מיר באַלד געענטפערט:

— זעט איר, קאָכן און הויז־אַרבעט דאָס קען איך גוט. איך בין אַן אונגאַרישע און אין די יונגע יאָרן בין איך געווען אַ קעכין אין אַ רעסטאָראַן און אַלע קאָסטימערס פלעגן זיך פאַסמאַקעווען מיט מיינע מאכלים.

זי האָט מיר שטאַרק באַדאַנקט פאַר דעם מוט, וואָס איך האָב איר צוגעגעבן און איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך זיין ביי איר אין שטוב.

— איך גלויב, אַז איך וועל יאָ דורכפירן, אַז דער מאַן זאָל ריכטיק פאַרריכטן אייער ראַדיאָ, אָבער עס דאַרף נעמען עטלעכע טעג, ווייל מיר דאַרפן פריער שיקן דעם מאַן אַ בריוו.

די פרוי איז געווען אַזוי צופרידן וואָס איך נעם אָנטייל אין איר פּראָבלעם, אַז זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט קושן. איך בין געוואָרן זייער גערירט און איר נאָך אַמאָל פאַרזיכערט, אַז איך וועל טאָן אַלץ וואָס נאָר מעגלעך, אַז זי זאָל קריגן ריכטיק פאַרריכט איר ראַדיאָ. איך בין באַלד אַוועק צו מיין דירעקטאָר און אים דערציילט די געשיכטע וועגן דער ראַדיאָ, און אים געבעטן, אַז ער זאָל אָנשרייבן אַ בריוו צו דעם מאַן פון דער סטאָר און דערנאָך וועל איך צו אים אַוועקגיין און זען ביי אים פּועל'ן, אַז ער זאָל עפּעס טאָן פאַר דער אָרעמער פרוי ווען אַפילו עס זאָל מיר אויסקומען צו צאָלן פון מיין קעשענע.

דער דירעקטאָר האָט געזען מיין גרויסן אינטערעס, איז ער צוגעגאַנגען צום שרייבטיש וואו עס ליגן די קעיסעס און אַרויסגענומען די קעיס פון דער פרוי. אָבער אַזוי ווי ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן פּאַפּיר, האָט ער זיך צעלאַכט.

— וואָס לאַכט איר? — האָב איך געפרעגט.

— גיט אַ קוק, וועט איר אַליין אויך לאַכן — האָט ער מיר געענטפערט און וויזט מיר דאָס פּאַפּיר, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „איך בין אַן אומוויסנדע פרוי".

— איך בין זיכער, אַז די פרוי האָט געהייסן אַזוי אָנשרייבן — זאָגט דער דירעקטאָר.

מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

דער דירעקטאָר האָט אַוועקגעשריבן אַ בריוו צו דעם מאַן און נאָכדעם ווי איך האָב אָפּגעוואַרט עטלעכע טעג, בין איך אַוועק צו דעם מאַן פון ראַדיאָ־סטאַר.

— איך בין פון יידישן קאָורט — האָב איך זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט.

— אָ, יעס, איך ווייס — האָט ער מיר געזאָגט — איך האָב געקראָגן אייער לעטער — און מיך וואונדערט זייער וואָס איר האָט אָנגענומען אַזאַ קעיס. דאָס איז אַ משוגענע פרוי, וואָס ווייסט נישט וואָס זי רעדט. זי איז אַלט און איז זיכער עובר ובטל.

איך האָב דערפילט, אַז דער מאַן וויל זיך אַרויסדרייען און איך האָב זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און האָב אַ ביסל אין אַ העכערן טאָן אַ זאָג געטאָן:

— איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, אַז דאָס רעדט איר איצט נישט צו דער פרוי, נאָר צו אַ פאָרשטייערין פון „יידישן קאָורט״ און דאָ וועלן מער נישט גיין אייערע תירוצים. די פרוי איז געווען ביי מיר. זי איז גאַנץ קלאָר, זי ווייס וואָס זי וויל, אָבער איר ווילט איר מיט געוואַלד איינריידן, אַז זי איז משוגע. עס איז ווירקלעך אַ שאַנדע און אַ חרפּה ווי איר האָט זי באַהאַנדלט. זעט איר, איך וועל שוין זיין אַ גרעסערער ספּאָרט ווי איר זענט. איך האָב דעם איינדרוק, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט דער ראַדיאָ איז אַ קלייני־קייט, עס פעלט דאָרט עפּעס, קאָן זיין, אַ פּאָר נייע טיובס, אָבער איר ווילט אַפילו די עטלעכע סענט נישט אַריינלייגן און איר ווילט בעסער די פרוי דערקלערן פאַר משוגע און נאַריש ווי ווירקלעך זען, אַז איר ראַדיאָ, פאַר וועלכער זי האָט באַצאָלט אירע לעצטע פאַר דאָלער, זאָל קאָנען שפּילן. וויל איך אייך עפּעס ווייזן. איר

זאָלט וויסן, אַז איך אַרבעט אין קאָורט אָן שום געצאָלט. איך נעם דאָרט נישט קיין פּעני, פאַרקערט, איך צאָל נאָך די עקספּענסעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט מיין אַרבעט, אָבער אַזוי ווי איך וויל אין דער קעיס העלפן דער פרוי מיטן גאַנצן האַרצן און איך וויל איר צוריקגעבן דאָס ביסל פריייד, וואָס זי האָט געהאַט אין איר הויז, בעט איך אייך, אַז איר זאָלט ריכטיק פיקסן די ראַדיאָ, אַז זי זאָל גוט שפּילן און איך וועל אייך פון מיין קעשענע באַצאָלן וויפל דאָס וועט קאָסטן, און זאָל די אָרעמע פרוי אויך נאָך וויסן פון אַ שטיקל לעבן.

— איך גלויב, אַז איר זענט גערעכט, די ראַדיאָ דאַרף האָבן אַ פּאָר נייע טיובס און דאַן וועט זי ווידער גוט שפּילן. און אויב איר ווילט מיר ווייזן וואָס פאַר אַ ספּאָרט איר זענט, וועל איך ווייזן וואָס פאַר אַ ספּאָרט איך בין. איך וועל פיקסן די ראַדיאָ אָן אַ סענט.

ער האָט גענומען זיין סעטשל מיט פאַרשידענע ראַדיאָ־כלים און זיך געלאָזט, צוזאַמען מיט מיר, צו דער פרוי אין הויז. ווי זי האָט אונז דערזען, איז זי געוואָרן מלא שמחה. עס האָט גענומען אַ צוואַנציק מינוט ווי ער האָט אַריינגעשטעלט די טיובס און די ראַדיאָ האָט גענומען שפּילן אַ מחיה.

איך האָב דעם מאַן האַרציק באַדאַנקט. אויך די פרוי האָט אים געדאַנקט און נאָכדעם ווי ער איז אַוועק, האָט זי מיך גענומען באַ־וואַרפן מיט ברכות.

— איך ווייסט גאָרנישט וואָס איר האָט געטאָן פאַר מיר — האָט זי גע׳טענה׳ט — איר ווייסט דאָך, אַז איך האָב נישט קיין געלט, אָבער איך מוז אייך פאָרט קויפן עפּעס אַ פּרעזענט.

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן — האָב איך איר געענטפערט — איך וועל ביי אייך נישט נעמען קיין פּרעזענט. דאָס איינציקע וואָס איך וויל פון אייך, איז אייער וואָרט, אַז איר וועט זיך אויפ־הערן אומעטום פאַרצושטעלן ווי אַן אומוויסנדע פרוי. דאָס וואָס

איר זענט נישט געבילדעט, מיינט נאָך נישט, אַז איר זענט אומ־וויסנד, און איר דאַרפט זיך אַליין נישט אַזוי דערנידעריקן. ווער עס הערט, אַז איר אַליין האַלט זיך פאַר אַן אומוויסנדע פרוי, פאַרלירט דעם רעספּעקט צו זיך און דאָס וויכטיקסטע וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן, איז רעספּעקט. מיין לוין באַשטייט אין דעם, וואָס איך זע אייך ווידער אַ גליקלעכע, און וואָס איך האָב געהאַט די מעג־לעכקייט צו זען מיט וועלכע קלייניקייטן מען קאָן אַלץ אַ מענטשן פאַרשאַפן גליק.

# צווי מענטשן זיינען פריי געוואָרן

אין אָפּיס איז אַריינגעקומען אַ פרוי פון אַ יאָר 40. זי איז געווען שיין געוואַקסן. זי האָט געהאַט אַ שיינעם קאָפּ נאַטירלעכע רויטע האָר, וואָס האָבן איר צוגעגעבן אַ געוויסן חן. אָנגעטאָן איז זי געווען דווקא גאַנץ איינפאַך, אָבער אויך דאָס האָט איר געפּאַסט. אירע אויגן האָבן געזאָגט, אַז זי איז אַ כיטרע פרוי.

איך האָב איר געבעטן זיצן און דערציילן וועגן וואָס זי איז געקומען. אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זי פון איר פּאַקעטבוך אַרויס־גענומען אַ בריוו, אים מיר געגעבן און ערשט דערנאָך געזאָגט:

— לייענט פריער איבער דעם בריוו, דערנאָך וועל איך אייך דערקלערן צוליב וואָס איך בין צו אייך געקומען.

דער בריוו איז געווען געשריבן פון אַ דאָקטאָר פון אַ סטייט־אינסטיטושאָן וואו איר מאַן האָט זיך געפונען. מיט אַ צווי חדשים צוריק האָט ער צוזאַמענגעבראָכן און מען האָט אים דאָרט צוגענומען. דער דאָקטאָר בעט איר אין בריוו, אַז זי זאָל ברענגען איר מאַן זיין נייעם סוט, ווייל דער סוט, וועלכן ער טראָגט, איז געוואָרן שמוציק און צעריסן און ער פילט זיך נישט גוט אין אים. דער דאָקטאָר גלויבט, אַז ווען איר קראַנקער מאַן וועט קריגן נייע קליידער, וועט ער פילן אַ סך בעסער.

— נו, איצט קאָנט איר דאָך שוין ריידן — האָב איך געזאָגט צו דער פרוי און איר צוריקגעגעבן דעם דאָקטאָרס בריוו.

— יעס — האָט די פרוי אָנגעהויבן איר געשיכטע — מיר זיינען פאַרהייראַט ניין יאָר. מיין מאַן איז ניין יאָר אינגער פון מיר. ער פלעגט אַרבעטן ביי קלאָוקס. ער איז אַ גוטער אַרבעטער און

ער פלעגט גוט פאַרדינען. ער איז אַ גוטער מענטש און פלעגט מיך גוט באַהאַנדלען, אָבער ער האָט איין גרויסן חסרון, וואָס מאַכט אַ תל פון אונזער פאַמיליע־לעבן. ער ליידט אויף אייפערזוכט. ער פלעגט מיך כסדר חושד זיין און פלעג מיך היטן אויף טריט און שריט. פון דער נאַטור איז ער אַ שטילער, ער קאָן קיין צוויי נישט ציילן, אָבער ווען ער ברעכט אויס אין זיין אייפערזוכט, איז ער שרעקלעך. דאָס האָט דערפירט צו אַלע אונזערע צרות. דאָס איז שוין דאָס צווייטע מאָל ווי ער איז אין זעלבן אַנשטאַלט. מיט פינף יאָר צוריק איז ער דאָרט געווען זעקס מאָנאַטן צייט און ווען עס איז אים בעסער געוואָרן, האָב איך אים אַהיימגענומען. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר. איך האָב געמיינט, אַז ער איז שוין פולשטענדיק אויסגעהיילט פון זיין קראַנקהייט, אָבער מיט אַ צוויי יאָר צוריק האָט ער ווידער אָנגעהויבן קרענקען אויף זיין קראַנקהייט און אָנגעהויבן טענה׳ן, אַז איך ליב אים נישט, איך ליב אַן אַנדערן און ער האָט צוזאַמענגעבראָכן און מען האָט אים ווידער געמוזט נעמען אין האָספיטאַל. אַלזאָ, איידער ער איז קראַנק געוואָרן, האָט ער טאַקע אין אונזער שכנות, אָוועקגעגעבן זיין נייעם סוט צום קלינען, און איצט ווען איך האָב באַקומען דעם בריוו, אַז ער וויל האָבן דעם סוט, בין איך אַוועק אין קלינינג סטאָר מיט דעם בריוו און געבעטן דעם סוט, זאָגט מען זיך אָפּ אים מיר אַרויס־צוגעבן ווייל איך האָב נישט דעם טיקעט, וואָס מיין מאַן האָט געקראָגן ווען ער האָט אַריינגעגעבן זיין סוט. איך בין שוין געווען אין ענגלישן קאָורט, אָבער דאָרט האָט דער מאַן פון קלינינג סטאָר געוואונען די קעיס, בין איך איצט געקומען צו אייך אפשר קאָנט איר אים ברענגען דאָ אַהער און דער ראַביי וועט אויף אים אפשר ווירקן, אַז ער זאָל מיר אָפּגעבן מיין מאַנס סוט. איך בין אָרעם, איך גיי אַרבעטן פאַר זיך צו מאַכן אַ לעבן, האָב איך נישט קיין געלט צו קויפן פאַר מיין מאַן אַ נייעם סוט.

— נו, און קיין קינדער האָט איר נישט? — פרעג איך די פרוי.

— ניין, נאָך קינדער האָבן געפעלט מיט אַזאַ שלימזל!

איך האָב דערקלערט דער פרוי, אַז לײדער קאָנען מיר נישט צווינגען דעם שנײדער צו קומען צו אונז אין קאָורט. אויסערדעם איז עס שוין צו שפּעט װיבאַלד זי איז שוין מיט אים געװען אין ענגלישן קאָורט און דאָרט פאַרשפּילט, װײל לויט אונזער קאָנסטי־טוציע טאָרן מיר נישט אָננעמען קײן קעיס פון אײנעם װאָס איז שוין געװען פריער אין ענגלישן קאָורט.

די פרוי איז געװען שרעקלעך דערשלאָגן און מיך געפרעגט װאָס זי זאָל טאָן. איך האָב געזען איר פאַרצװײפלונג, האָב איך מיט איר געהאַט מיטלייד און איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז איך װעל אַלײן אַװעקגײן צום שנײדער און מיט אים איבעררײדן די גאַנצע זאַך אפשר װעל איך אויף אים װירקן, אַז ער זאָל אַרויסגעבן דעם סוט.

װען מײן דירעקטאָר פון „יידישן קאָורט" איז אַרײנגעקומען און איך האָב אים דערצײלט די גאַנצע געשיכטע און געבעטן, אַז ער זאָל הײסן אַװעקשרײבן אַ בריװ צום אײגנטימער פון קלינינג סטאָר װעגן מײן קומען, האָט ער געזאָגט, אַז ער װעט עס באַלד טאָן און אַז עס געפעלט אים זײער, װאָס איך האָב זיך פאַראינטע־רעסירט אין דער גאַנצער זאַך.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַװעק צום שנײדער אין קלי־נינג סטאָר, זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט און אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר אַרויסגעבן דעם סוט. איך בין אים גרײט צו באַצאָלן פאַרן קלינען און אונטערשרײבן אַ פּאַפּיר אין נאָמען פון „יידישן קאָורט", אַז מיר זײנען פאַראַנטװאָרטלעך פאַרן סוט, אָבער װי דערשטוינט בין איך געװען װען דער שנײדער האָט זיך קאַטעגאָ־ריש אָפּגעזאָגט מיר צו געבן דעם סוט.

— פּליז, באַדערט מיך נישט — האָט ער געזאָגט — איך װעל קײנעם דעם סוט נישט געבן, נאָר מײן באַקאַנטן אַלײן אין די הענט אַרײן. איך קען אים שוין אַ סך יאָרן. ער װעט לאַנג נישט זײן אין האָספּיטאַל, און דאָרט דאַרף ער זיך נישט אויספּוצן.

כ׳לעבן, דאָס איז טאַקע נאָר די איינציקע זאַך וואָס ער דאַרף דאָרט האָבן. נישקשה, איך קען גוט זיין ווייבעלע, די ברײנדעלע קאָזאַק, איך געטרוי איר גאָרנישט. מסתמא דאַרף זי דעם סוט אַוועקגעבן איר געליבטן. ווען זי האָט מיך איינגעקלאָגט אין קאָורט, האָב איך דעם ריכטער אַלץ דערציילט און ער האָט גע׳פסק׳נט, אַז איך זאָל האַלטן דעם סוט ביז מיין פריינט וועט אַהיימקומען און אַזוי וועל איך טאָן.

— ווי איך זע — האָב איך געזאָגט — זענט איר קעגן דער פרוי. וואָס ווייסט איר דען וועגן זייער לעבן?

— אָהאָ, ער איז נעבעך אַן אומגליקלעכער. ער איז זייער אַ פיינער יונגערמאַן, אַזאַ יאָר אויף מיר, נאָר ער איז אַ געשלאָגענער, זייער אַ שטילער און יעדער קאָן אויף אים טרעטן. זיין ווייבל האָט געדאַרפט האָבן אַ מאַן אַן עקספּרעסמאַן, וואָס זאָל איר דערלאַנגען קלעפּ. ווי קומט אָבער צו איר אַ מאַן, וואָס קאָן קיין פליג אויף דער וואַנט נישט אָנרירן? די גאַנצע צייט פון זייער חתונה דערגייט זי אים די יאָרן. אַנדערש ווי שלימזל, קוני לעמל רופט זי דאָך אים נישט. זי ברענט אים די טריט. זי האָט אים פיינט און זי האָט אַ געליבטן. וואָס דאַרפט איר מער, זי האָט געהאַט די דרייסקייט אַרויפצוברענגען דעם געליבטן צו זיך אין שטוב און עס האָט איר גאַנץ ווייניק אינטערעסירט וואָס איר מאַן וועט דערויף זאָגן. אַ פּנים, אַז זי קען גוט איר מאַן. דער למך, אָנשטאָט צו מאַכן איר אַ סקאַנדל, האָט מורא געהאַט מיט אַ וואָרט זיך אָנצורופן, ווייל טאָמער וועט זי אים גאָר הייסן גיין פון הויז. ער ליבט איר צו שטאַרק און וויל זי נישט פאַרלירן. אַזאַ גולם! זי וואָלט מיך גע־דאַרפט האָבן פאַר אַ מאַן, וואָלט איך איר דעם קאָפּ צעבראָכן ווי איר זעט מיר אַ לעבעדיקן. אָבער דער אידיאָט אירער פלעגט קיין וואָרט נישט ריידן, נאָר דריקן אַלץ אין זיך. די צרות האָבן אים געשטיקט ביז ער האָט צוזאַמענגעבראָכן. איינמאָל ווען עס איז אים שוין דערגאַנגען ביז אונטערן האַרצן, האָט ער זיך יאָ אָנגענומען מיט

מוט און איר געפּרעגט פּאַרוואָס זי פּראַוועט אַזעלכע שטיק, טאָ, וואָס מיינט איר, האָט זי געענטפערט? זי האָט אים גוט אָנגעשלאָגן און אָנגעשריגן, אַז אויב ער וועט נאָך אַמאָל עפּעס וואָגן צו ריידן, וועט זי אים אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס. האָט ער ווידער אָנגענו־מען אַ פול מויל מיט וואַסער און ווידער געשוויגן, ביז די גאַל האָט אים געפּלאַצט און ער האָט צוזאַמענגעבראָכן. אָבער גלויבט מיר, אַז ער איז נישט משוגע. זי וויל אים טאַקע מאַכן משוגע, ווייל דאָס לוינט פאַר אירע מאַנקי ביזנעס.

איך האָב ווידער גענומען בעטן דעם שניידער, אַז ער זאָל מיר פאַרט אַרויסגעבן דעם סוט, אָבער כאָטש האַק און בראָק אים, איז ער געבליבן איינגעשפּאַרט, אַז דעם סוט וועט ער אַרויסגעבן נאָר איין מענטשן — דעם אייגנטימער פון סוט.

געזען, אַז איך וועל מיט אים גאָרנישט מאַכן, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק און איך זאָג צו אים:

— מילא, אָלרייט, איר ווילט דעם סוט נישט אַרויסגעבן, אָבער אַ טובה פאַר אייער פריינט זענט איר גרייט צו טאָן?

— צו יעדער צייט.

— נעמט מיר אַראָפּ אַ גענויע מאָס פון זיין סוט. מיין מאַן מאַכט אַליין סוטס, וועל איך אים געבן די מאָס און ער וועט אויפנייען פאַר דעם מאַן אַ סוט.

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן — זאָגט דער שניידער, נעמט אַראָפּ דעם סוט, מעסט אים גענוי אויס און גיט מיר אויף אַ פּאַפּיר די פאַרשריבענע מאָס.

אַהיימגעקומען, האָב איך דערציילט מיין מאַן די גאַנצע גע־שיכטע. ער האָט גענומען אַ גוט שטיקל סחורה און לויט דער אָנ־געגעבענער מאָס אויפגענייט אַ סוט. איך האָב פאַרפּאַקט דעם סוט און צוזאַמען מיט אַ קורץ בריוול אים צוגעשיקט אין האָספּיטאַל פאַר דעם קראַנקן. אין בריוול האָב איך אים געשריבן, אַז טאָמער דאַרף מען עפּעס פּיקסן, זאָל ער עס טאָן און מיר שרייבן וויפל עס

קאָסט, ווען איך אים צוריקקערן די אויסגאַבן. אַ וואָך שפּעטער האָב איך פון אים באַקומען אַ זייער שיינעם דאַנק בריוו, אַז דער סוט איז אויסגעצייכנט צוגעפּאַסט פאַר אים, נאָר די הויזן זיינען געווען אַ ביסל צו לאַנג, אָבער ער האָט עס אַליין פאַרראָכטן. אין בריוול שרייבט ער מיר אויך, אַז ער פּילט אַ סך בעסער און ער האָפט, אַז עס וועט נישט נעמען לאַנג, וועט מען אים אַהיימשיקן. דער בריוו איז געווען זייער גלאַט געשריבן ווי פון אַ העכסט נאָר־מאַלן מענטש. אין זיין בריוו אונטערשטרייכט ער, אַז ער איז באַזונדערס דאַנקבאַר וואָס אַ פרעמדע פרוי זאָל זיך אַזוי אין אים אינטערעסירן און ער האָפט, אַז ווען ער וועט געזונט ווערן, וועט ער מיר קומען דאַנקען פּערזענלעך. גלייכצייטיק בעט ער מיך צי עס וואָלט נישט געווען מעגלעך, אַז איך זאָל אים אַ מאָל באַ־זוכן אין האָספּיטאַל, ווייל זיין פרוי באַזוכט אים זייער זעלטן און אַמאָל כאַפּט זיך צו אים אויך צו אַן עלטערער ברודער. ער שיקט מיר אויך צו די אַדרעס פון זיין עלטערן ברודער, וואָס אויב איך קאָן זיך מיט אים זען, וועט יענער מיר דערציילן זיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע, און דעמאָלט וועל איך פאַרשטיין פאַרוואָס ער איז קראַנק געוואָרן. פאַרענדיקט דעם בריוו האָט ער מיט אַ בקשה, אַז וויבאַלד איך האָב שוין אַרויסגעוויזן אינטערעס צו אים, וואָלט ער מיך געבעטן, אַז איך זאָל אים צושיקן אַ דאָלער אויף סיגאַרעטס. עס גייט אים אויס דאָס חיות נאָך אַ סיגאַרעט, און אַזוי ווי ער האָט נישט צו קויפן, קלייבט ער צונויף פון פלאָר די שטיקלעך, וואָס די דאָקטוירים וואַרפן אַוועק.

איך האָב אים אין בריוו געשיקט צוויי דאָלער און געטרייסט, אַז ער וועט אינגיכן זיין געזונט און אַלץ אין פריידן דערציילן און אים פאַרזיכערט, אַז די טשאַריטי סאָסייעטי, צו וועלכער איך גע־הער, וועט אים שיקן פיר דאָלער אַ חודש, אַז ער זאָל האָבן אַ סענט אין קעשענע.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן צווישן אונז אַ קאָרעס־פּאָנדענץ.

אין איין בריוו האָט ער מיר געשריבן, אַז מיט דעם געלט, וואָס איך שיק אים, טיילט ער זיך מיט אַ געוועזענעם דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר פון זיין זייט האָט מיר אויך צוגעלייגט אַ בריוועלע מיט אַ דאַנק. האָב איך שוין, הייסט עס, צוויי פּאַרערער, איך זאָל נישט זינדיקן מיט די דייד.

אַזוי זיינען אַוועק זעקס חדשים און אין איינעם פון דעם קראַנ־קענס בריוו איז געווען אויך צוגעלייגט אַ בריוועלע פון זיין דאָק־טאָר, אַז דער קראַנקער איז געזונט געוואָרן און מען קאָן אים שוין אַהיימנעמען, נאָר אַזוי ווי זיין פרוי וויל אים נישט אַהיימנעמען, זאָל איך זיך זען מיט זיין עלטערן ברודער אפשר וועט ער קאָנען פּועל'ן ביי זיין פרוי, אַז זי זאָל אים אַהיימנעמען, ווייל אַרויסלאָזן אים פון האָספּיטאַל קאָן מען נאָר ווען זיין פרוי, וואָס האָט אים אַריינגעגעבן, שרייבט זיך אונטער, אַז זי נעמט אים אַרויס. אין דעם בריוול בעט מיך דער קראַנקער רחמים, אַז איך זאָל אים זען אַרויסצונעמען, ער פילט זיך שוין בעסער, ער דאַרף האָבן אַ היים און עמיצער זאָל אויף אים אַכטונג געבן, און טאָמער לאָזט מען אים ווייטער אין האָספּיטאַל מיט די קראַנקע, וועט ער באמת קראַנק ווערן און אַראָפּ פון זינען.

איך האָב נישט פאַרלאָרן קיין צייט, בין אַוועק צו זיין פרוי און איר פאַרגעלייענט ביידע בריוו, פון דעם דאָקטאָר און פון איר מאַן. די פרוי האָט אין אָנהייב געפּרואווט פאַנפען עפּעס אונטער דער נאָז, באַלד אָבער איז זי אַרויס מיט אָפענע דיבורים, אַז זי וויל אים, איר מאַן, נישט אַרויסנעמען פון האָספּיטאַל, ווייל דאָרט איז זיין ריכטיקער פּלאַץ.

— איך האָב זיך פון אים שוין גענוג אָנגעליטן — האָט זי געזאָגט — און איך האָב באַשלאָסן, אַז עס וועט פאַר אים זיין בעסער צו בלייבן דאָרט וואו ער איז איצט ווי אַהיימצוקומען.

איר ענטפער האָט מיך אַזוי פאַרדראָסן, אַז איך האָב באַשלאָסן אַרויסצוגיין מיט לשון.

— איך פאַרשטיי, אַז איך לוינט זיך נישט אַהיימצוברענגען אייער מאַן כדי איר זאָלט נישט ווערן געשטערט אין דער ליבע־אַפערע מיט אייער געליבטן.

זי איז געוואָרן אין אַנהייב רויט און טויט און אויסגערופן:

— ווער האָט איך דאָס דערציילט?

— נישט קיין אַנדערער ווי דער שניידער צו וועלכן איר אַליין האָט מיך געשיקט וועגן אייער מאַנס סוט.

— אויב אַזוי, וועל איך טאַקעריידן מיט איך אָפן. יאָ, עס איז אמת, אַז איך האָב אַ געליבטן. טאָ איז וואָס, טאָר איך נישט. איך האָב נאָך אַ רעכט צו לעבן. איך האָב שוין גענוג געליטן פון דעם שלימזל.

דערהערט פון איר, אַז זי גיט אָפן צו, אַז זי האָט אַ געליבטן, איז מיר שוין קלאָר געוואָרן, אַז די פרוי וויל פּטור ווערן פון איר מאַן, זאָג איך צו איר:

— און וואָס וואָלט געווען ווען ער גיט איך אַ גט, וואָלט איר אים אַרויסגענומען פון האָספּיטאַל?

— אָ, יעס — איז זי געוואָרן דערפרייט — אָבער איך וועל אונטערשרייבן נאָר דעמאָלט ווען איך וועל האָבן דעם גט אין דער האַנט. נאָר איך גלויב קוים צי איר וועט קאָנען ביי אים פועל'ן, אַז ער זאָל מיך גט'ן, ווייל צו אַלע צרות האָט ער מיך נאָך שטאַרק ליב אויך. דער אמת איז, אַז איך האָב אים געגעבן אַזעלכע קעסט, אַז ער זאָל אַליין אַנטלויפן, אָבער דער גולם האָט אַלץ אַריבער־געטראָגן און געשוויגן. ווייסט איר וואָס, איך זע, אַז איר נעמט אַ גרויסן אינטערעס אין מיין מאַן. דאָ האָט איר דעם אַדרעס פון זיין ברודער, און אויב ער וועט צושטימען אים צו האַלטן ביי זיך און איך וועל פון מיין מאַן קריגן אַ גט, בין איך איינשטימיק אונטער־צושרייבן, אַז מען זאָל אים אַרויסלאָזן פון האָספּיטאַל, אָבער צו מיר זאָל ער מער נישט קומען, ווייל איך האָב נאָך אַ רעכט צו לעבן און מיט אים האָב איך קיין לעבן נישט.

איך האָב באַלד אָפּגערופן זיין ברודער, אַז ער זאָל קומען צו מיר מיט זיין פרוי. זיי זיינען געקומען און זיין ברודער האָט מיר דערציילט וועגן זיין טייערע שוועגערין, אַז זי איז שולדיק אין זיין ברודערס קראַנקהייט. ווען זיין ברודער וואָלט נישט געווען אַזאַ פּאַנטאָפל, וואָלט ער שוין לאַנג געדאַרפט מיט איר שלאָגן כפּרות.

מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז מיר זאָלן אַלע צוזאַמען צופּאָרן צו זיין ברודער און זען אויף אים ווירקן, אַז ער זאָל געבן זיין טייער ווייבל אַ גט. סיי דער ברודער סיי די שוועגערין האָבן מסכּים געווען אים אַריינצונעמען צו זיך אין שטוב אַבי ער זאָל זיך באַ־פרייען פון דער שלאַנג, וואָס האָט געזויגן זיין בלוט.

אין אַ געוויסן טאָג זיינען מיר צוגעפאָרן צום האָספּיטאַל. דער דאָקטאָר, וועלכער האָט אים באַהאַנדלט, האָט אונז געזאָגט, אַז דער קראַנקער איז שוין אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ער קאָן אַרומגיין, אָבער ער דאַרף האָבן אַ גוטע היים און מען מוז אים אַרויסוויזן פריינטשאַפט. ער טאָר פאַר קיין פאַל נישט האָבן קיין עגמת־נפש, ווייל קוים ברעכט ער צוזאַמען אַ דריט מאָל, איז ער אַ פאַרלאָרענער.

דער דאָקטאָר האָט מיר דערקלערט, אַז ער האָט געניי אויס־געפאָרשט זיין קעיס און ער קען שוין געניי זיין גאַנץ לעבן פון זיין יוגנט אָן. שולדיק אין זיין אומגליקלעך לעבן איז זיין אייגענע מוטער. עס טרעפט זיך, אַז ביי אַ מאַמען ווערן געבוירן עטלעכע קינדער מיט פאַרשידענע נאַטורן. איין קינד איז מיט אַלע מעלות און דאָס אַנדערע איז אַביסל הינטערשטעליק, דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צו דערציען דווקא דאָס הינטערשטעליקע קינד. אַזאַ קינד דאַרף מען צוגעבן מוט און אַביסל אויפהייבן, אַז ער איז קלוג און געראָטן. אַזוי האַנדלען אינטעליגענטע עלטערן. אָבער זיינע על־טערן זיינען געווען אומוויסנדיקע מענטשן, און די מוטער האָט אים ביי יעדער געלעגנהייט דווקא אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז אַ גולם, אַז ער טויג צו גאָרנישט. אַנדערש ווי „תם" אָדער „גולם" האָט מען אים נישט גערופן. קיין אייגענעם ווילן האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט. די מאַמע האָט אים געפירט ביים הענטל. איצט האָט

די אַרבעט איבערגענומען זיין טייער ווייבל. דאָס בעסטע וועט זיין ווען ער וועט זי גט'ן, אפשר וועט ער דעמאָלט ווערן אַ נאָר־מאַלער מענטש. ער איז זייער דערשראָקן, ער שרעקט זיך פאַר יעדן מענטשן, ער האָט מורא, אַז מען וויל אים טאָן נאָר שלעכטס.

— דאָקטאָר, וואָלט איך געקענט מיט אים ריידן?

— געוויס. איך קאָן אים דאָ הייסן אַריינרופן. איר דאַרפט זיך פאַר אים גאָרנישט שרעקן. ער איז פולשטענדיק נאָרמאַל.

ווען איך האָב דערזען דעם קראַנקן און גענומען מיט אים ריידן, האָב איך זיך ווירקלעך געוואונדערט ווי אַזוי מען האַלט אַזאַ איינעם אין אַן אַנשטאַלט פאַר גייסטיק־קראַנקע. אמת, אַז ער איז געווען אַביסל צעשראָקן און מורא געהאַט צו מיר צו ריידן. ער האָט געמאָסטן יעדעס וואָרט ווי איך וואָלט געווען זיין ריכטער און עס הענגט אָפּ פון מיר צי ער זאָל פאַר'משפט ווערן אָדער ער זאָל ווערן באַפרייט. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז איך וועל אים קיין שלעכטס נישט טאָן. מיר וועלן אים פון דאַנען אַרויסנעמען ווייל ער באַלאַנגט נישט אַהער. ביסלעכווייז האָב איך געוואונען זיין צוטרוי. דאַן האָב איך און זיין ברודער גענומען ריידן צו אים תכלית, אַז דאָס בעסטע וועט פאַר אים זיין ווען ער וועט זיך באַ־פרייען פון זיין פרוי, ווייל זי איז זיין מלאך המות. עס איז נישט געווען קיין לייכט שטיקל אַרבעט, ווייל דער מאַן איז געווען בלינד פאַרליבט אין זיין ווייב, און אַלץ, וואָס מיר האָבן אים דערציילט וועגן איר, איז פאַר אים טאַקע נישט געווען קיין נייעס, דאָך האָט ער זיך אַזוי לייכט נישט געקענט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז ער מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל זיך פון איר באַפרייען. אָבער סוף־כל־סוף האָט ער מסכים געווען איר צו געבן אַ גט.

דער סוף? זי האָט באַקומען פון אים אַ גט, און זי האָט גע־האַלטן וואָרט און אים אויסגעשריבן פון אַנשטאַלט. ער איז אַוועק וואוינען צו זיין ברודער. ער אַרבעט און איז געזונט.

ווי אַזוי זי לעבט מיט איר געליבטן האָב איך באַשלאָסן זיך נישט צו אינטערעסירן.

# חרטה

די שיינע יונגע פרוי, וואָס איז אַריינגעקומען אין אָפיס, איז געווען זייער שיין געדרעסט, מיט געשמאַק.

ווען איך האָב איר געבעטן זיך זעצן און דערציילן איר קעיס, האָט זי מיך אָנגעקוקט פאַרשעמט, און געזאָגט:

— אייגנטלעך האָב איך נישט קיין קעיס. מיך האָט אַהער געשיקט מיינע אַ באַקאַנטע פרוי, וועלכע הערט זיך צו צו אייערע פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ און זי זאָגט, אַז איר טוט זייער גוטע אַרבעט. אַלזאָ, קיין קעיס האָב איך נישט, אָבער איך בין אייך געקומען פרעגן אַן עצה.

איך האָב דער יונגער פרוי אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז די פיס. זאָל זי זיין אַ יידישע פרוי, רעדט זי אָבער אין אַזאַ טאָן ווי זי וואָלט געווען נישט קיין יידישע, זאָל זי זיין ווידער אַ קריסטין, זעט זי אָבער אויס ווי אַ יידישע.

איך האָב באַשלאָסן נישט צו האַלטן פאַר איר קיין סוד וועגן מיין איינדרוק און איך האָב איר געזאָגט:

— איר ווייסט וואָס איך קוק אויף אייך? איך קאָן זיך נישט באַשליסן וואָס איר זענט. איך וואָלט געשוואוירן, אַז איר זענט אַ יידישע טאָכטער, אָבער לויט דעם טאָן פון אייערע רייד קומט אויס, אַז איר זענט אַ קריסטין.

די פרוי האָט זיך צעשמייכלט און געענטפערט:

— איר זענט גערעכט. איך בין ג ע ו ו ע ן אַ יידישע. מיינע עלטערן זיינען פשוט'ע יידן, אָבער איך האָב אין דער שטיל חתונה געהאַט מיט אַ קריסט און איך האָב זיך דערביי גע'שמד'ט. איצט, אַז איר ווייסט שוין ווער איך בין, בעט איך אייך מיר דערלויבן פרעגן ביי אייך אַן עצה: איך בין אַלט 23

יאָר. מיינע עלטערן האָבן דריי קינדער, איך, און צוויי ברידער, עלטערע פון מיר, פאַרהייראַט צו פיינע יידישע פרויען. מיינע ברידער לעבן זייער גליקלעך. מיינע עלטערן קומען פון רוס־לאַנד. זיי האָבן דאָ חתונה געהאַט. מיר האָבן מערסטנס גע־וואוינט אין קריסטלעכע געגנטן. מיין פאָטער איז אַ קליינער ביזנעסמאַן און מיין מוטער העלפט אים אַרויס. מיין מאַמע איז פרעמד פון יידישקייט. נישט נאָר האָט זי נישט ליב געהאַט, נאָר איינפאַך געהאַסט אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט יידישקייט. טאָמער האָט זיך געמאַכט אַז אַ מומע פלעגט אונז קומען באַזוכן און וועלן הערן איבער אונזער ראַדיאָ די „יידישע שטונדע״, פלעגט מיין מאַמע ווערן אָנגעצונדן און פלעגט מיט כעס פאַרמאַכן די ראַדיאָ.

— זע נאָר, די מאַקי, — פלעגט זי שרייען — אַ יידישע שטונדע וויל זי הערן. איך קאָן דאָס נישט הערן, זיי מאַכן מיך נירוועז, שאַט אַפּ!

אַז אימיצער פלעגט איר אַמאָל וועלן פאַרקויפן אַ טיקעט צו אַ יידישער שאָו, האָט זי אַלע מאָל אָפּגעזאָגט און פלעגט זיך נאָך באַרימען, אַז זי האַסט יידישע שאוס. עס שלאָגט איר דערפון צום האַרצן. מיין מאַמע האָט נישט געהאַלטן פון יידישע יום טובים. קיין אונטערשיד צווישן מילכיק און פליישיק געשיר איז ביי אונז נישט געווען. יום כפור פלעגט מען עסן ווי אַלע טעג. חבר'טעס האָב איך געהאַט מערסטנס קריסטלעכע און מיין מאַ־מע האָט זיי זייער געגליכן.

— איר רעדט אַלץ וועגן אייער מוטער — האָב איך זי איבערגעריסן — און וואָס איז וועגן אייער פאָטער? ווי איז געווען זיין באַציאונג צו יידישקייט?

— מיין פאָטער איז געווען גאָר אַנדערש. ראש השנה און יום כפור פלעגט ער גיין אין שול דאַוונען, נאָר מיין מוטער פלעגט אָפּשפּעטן פון אים. ער פלעגט איר מאַכן דערפאַר שאַר־פע פאָרוואורפן, אָבער מיין מוטער איז „געגאַנגען אין די הויזן״.

עס פלעגט מיין פאָטער שרעקלעך פאַרדריסן, אָבער ער האָט זיך ניט געוואָלט מיט איר שטענדיק אַרומקריגן און ער פלעגט דע־ריבער מאַכן אַ שוויג. אַלזאָ, האָב איך זיך באַקענט מיט זייער אַ פיינעם באַי, אַן איירישער. ער איז געווען זייער אינטעליגענט און ער האָט געמאַכט זייער אַ פיין לעבן. מיר האָבן חתונה גע־האָט, מיר האָבן זיך זייער ליב און מיר וואָלטן געקאָנט זיין גליק־לעך, אָבער איין זאַך פאַרשטערט מיר מיין לעבן, אָט דאָס וואָס מיינע עלטערן ווילן פון מיר נישט וויסן. איך בין געגאַנגען זיי באַזוכן, האָט מען מיך אין שטוב נישט אריינגעלאָזט. מיינע כחות גייען מיר אויס צו זען מיין טאַטע־מאַמע, אָבער זיי ווילן מיך מער נישט זען. מיין מאַמע וואָלט מיר שוין אפשר פאַרגעבן דעם שריט וואָס איך האָב געטאָן, אָבער מיין פאָטער האָט ערקלערט, אַז איך טאָר מער נישט קומען איבער זיין שוועל. זיי זיינען נישט אַזוי ווייט קעגן דעם וואָס איך האָב חתונה געהאָט מיט אַ קריסט, ווי דאָס וואָס איך האָב זיך גע׳שמד׳ט. זיי קאָנען צו־ליב דעם נישט קוקן זייערע פריינט אין פנים אַריין.

— פאַרוואָס האָט איר זיך טאַקע גע׳שמד׳ט? — האָב איך איר געפרעגט — איר פילט זיך בעסער ביי די גוים? איך שטעל זיך פאָר, אַז ווי אייער מוטער האָט נישט געגליכן יידישקייט, אָבער אין האַרצן איז זי פאָרט פאַרבליבן אַ יידישע פרוי. מען קאָן דעם נאָמען ייד אַזוי לייכט נישט אַרויסרייסן פון האַרצן. אָבער ווען מען רייסט איבער מיטן יידישן גלויבן, איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש.

— איך האָב זיך גע׳שמד׳ט צוליב צוויי אורזאַכן. ערשטנס, האָט מיין מאַן אַנדערש נישט געוואָלט חתונה האָבן מיט מיר און איך בין געווען אין אים משוגע פאַרליבט. און, צווייטנס, זיינען זיינע עלטערן זייער רייך און זיי האָבן דורכאויס פאַר־לאַנגט, אַז איך זאָל איבערגיין צו זייער גלויבן, אַנדערש וועלן זיי אים אויסשליסן פון דער ירושה. אָבער וויסן זיין זאָלט איר, אַז מען קאָן נישט אַזוי לייכט ווערן אויס ייד. אפילו איך, שוין

נאָכן שמד׳ן זיך, בין טיף אין האַרצן נאָך אַלץ געבליבן אַ ייד. איך גיי קיינמאָל נישט אין טשוירטש. זאָגן אייך דעם אמת, ווייס איך אַליין נישט וואָס איך בין. איך בין נישט מילכיק און נישט פליישיק. דאָס איז אַלץ מיין מאַמעס שולד, ווייל זי האָט מיר נישט געגעבן קיין יידישע ערציאונג. מיר טוט שוין באַנג וואָס איך האָב צוגעשטימט זיך צו שמד׳ן, אָבער איצט ווייס איך אַליין נישט וואָס צו טאָן. מיין מאַן איז זייער גוט צו מיר, איך ליב אים מיטן גאַנצן האַרצן, נאָר מיר קרענקט זייער וואָס מיין פאַמיליע איז אַזוי דערווייטערט פון מיר, בין איך דעריבער געקומען אייך בעטן אַז אפשר קאָנט איר שיקן ווען מען צו מיינע עלטערן ריידן מיט זיי. אמת, אַז איך האָב זיי פאַרשאַפט אַ סך האַרצווייטאָג, אָבער עלטערן דאַרפן פאַרגעבן און פאַרגעסן. איך בין דאָך זייער בלוט און פלייש.

— איך וויל מיט אייך נישט פירן קיין דיסקוסיע וועגן דער גאַנצער זאַך — האָב איך געזאָגט צו דער פרוי — אָבער אייער מוטער מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ רוסישער יענקי. און דעם אמת געזאָגט, האָב איך אין איר דערלעבט אַ נקמה. זי האָט די צרות כשר פאַרדינט. איך אַליין וועל גיין צו אייערע עלטערן און זיי בעטן, אַז זיי זאָלן אייך אָנערקענען און ווערן מיט אייך שלום, ווייל עס איז פונקט אַזוי זייער שולד ווי אייערע.

ווען איך האָב צומאָרגנס אָנגעקלונגען ביי אירע עלטערן אין שטוב, האָט מיר די טיר געעפנט אַ פּשוט׳ע יידישע פרוי פון אַ יאָר 55. די האָר פון איר קאָפּ זיינען געווען אינגאַנצן גרוי. זי האָט געמאַכט אויף מיר אַ גוטן איינדרוק, ווייל איך האָב זיך פאַר־געשטעלט צו טרעפן אַן אַמעריקאַנער יענקי, און דאָ האָב איך געהאַט פאַר זיך אַן איינפאַכע יידישע פרוי. איך האָב איר געזאָגט פון וועלכער אינסטיטוציע איך קום. זי האָט זיך מיט מיר זייער דערפריייט:

— איר זאָגט, אַז ליליטשקע איז געווען ביי אייך? — האָט

זי מיך געפרעגט — זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי זעט זי אויס, ווי פילט זי?

— זייער פיין — האָב איך געענטפערט.

זי האָט מיך אַריינגערופן אין פּראַנט רום, צוגעטראָגן אַ שטול, אַז איך זאָל זיך זעצן. איך האָב איר דערציילט אַלץ וועגן איר טאָכטערס באַזוך און ווי זי גייט אויס צו ווערן צוריק שלום מיט אירע עלטערן.

— זאָגן אייך דעם אמת, איז אַ גרויסע מצווה אויף אייך וואָס איר האָט דערלעבט אַ טאָכטער אַ משומדת. — האָב איך געזאָגט — גלויבט מיר, אַז עס האָט מיר געשניטן ביים האַרצן צו הערן, אַז איר גלייכט נישט קיין זאַך, וואָס שמעקט מיט יידישקייט. ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אויך גענוג אַמערי־קאַניזירט. איך בין דאָ געגאַנגען אין סקול, איך האָב לייטישע קינדער, פּראָפעסיאָנאַלן. איך פאַרשטיי גאַנץ גוט אַן ענגלישע שאָו, אפשר נישט ערגער פון אייך, אָבער אַ יידישע שאָו איז מיר אַ סך נענטער צום האַרצן. איך האָב ליב צו הערן דעם יידישן וויץ, איך ווער דורכגענומען פון יידישן קרעכץ. איך פיל זיך אין דער היים ביי אַ יידישע שאָו. אפילו מיינע אַמעריקאַנער־געבוי־רענע קינדער גלייכן אַ יידישע שאָו, ווייל איך האָב זיי אַזוי אויפ־געצויגן, איך האָב אין זיי איינגעפּלאַנצט אַ ליבע צו אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט יידישקייט.

די פרוי איז אַ ווײַלע געזעסן ווי אַפּהענטיק, נישט געפינענ־דיק וואָס מיר צו ענטפערן, דאַן האָט זי געזאָגט:

— עס זעט אויס, אַז עס איז טאַקע געווען נאַריש ווי איך האָב געהאַנדלט. אָבער איר ווייסט דאָך ווי עס איז, מיר האָבן אַלע מאָל געוואוינט אין אַ קריסטלעכע געגנט, צווישן גויים, און איך האָב זיי געוואָלט נאָכטאָנצן.

די פרוי האָט זיך פלוצלינג שטאַרק צעוויינט. און ווען זי האָט זיך ענדלעך באַרואיקט, האָט זי געזאָגט:

— איך בין נאָר אין כעס אויף איר פאַר איין זאַך, פאַר־וואָס האָט זי זיך גע׳שמד׳ט און אונז פאַרשעמט פאַר מענטשן?! דער גאַנצער שולדיקער איז איר מאַן. ער האָט איר פאַרדרייט דעם קאָפּ, ער האָט איר איינפאַך פאַר׳כישוף׳ט. מיין מאַן איז פון צרות שטאַרק קראַנק געוואָרן, ער איז קעגן איר זייער פאַר־ביטערט. איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל געבעטן וועגן איר, אָבער ער איז גוואַלדיק איינגעשפּאַרט. איר ווייסט וואָס ער סטראַ־שעט?, אַז אויב די טאָכטער וועט וואַגן אַריינצוקומען צו אונז אין שטוב, וועט ער מיך איבערלאָזן און אַנטלויפן וואו די אויגן וועלן אים טראָגן. וואָס זאָל איך טאָן? גיט מיר אַן עצה, ווייל איך בין דאָ צווישן צוויי פייערן.

— וואו איז אייער מאַן? — האָב איך געפרעגט.

— ער איז אין די מוואויס און ער דאַרף יעדע מינוט אַריינ־קומען. אפשר וואָלט איר טאַקע מיט אים גערעדט און געפּרובט ווירקן אויף אים — נעמט מיך די פרוי בעטן.

איך האָב געוואַרט און טאַקע באַלד איז דער מאַן אריינגע־קומען. ער האָט מיך פריינטלעך באַגריסט. זי האָט מיך פאַר־געשטעלט און איך האָב געבעטן, אַז זי זאָל מיך לאָזן מיט אים אַליין. איך האָב אים דערציילט נאָך אַמאָל די גאַנצע געשיכטע, און אים אָנגעוויזן, אַז כאָטש איך אַליין בין שטרענג קעגן גע־מישטע חתונות, איבערהויפּט נאָך ווען עס פּאַסירט אַזאַ אומגליק ווי אַ שמד, אָבער דאָך בין איך אין איצטיקן פאַל פאַר דעם, אַז די עלטערן זאָלן צוריק ווערן שלום מיט זייער טאָכטער און איר מאַן צוליב צוויי זאַכן: ערשטנס, האַלט איך, אַז די טאָכטער איז נישט אינגאַנצן שולדיק. זי איז דערצויגן געוואָרן אָן יידישקייט, פּשוט מיט האַס צו יידישקייט, טאָ ווי האָט זי געקאָנט האָבן ווידער־שטאַנדס־קראַפט קעגן דעם קריסטלעכן יונגעמאַן אין וועלכן זי האָט זיך פאַרליבט? צווייטנס, האָט זי זיך פאַר מיר אָפן מודה געווען, אַז טיף אין האַרצן פילט זי זיך נאָך ווי אַ יידישע טאָכ־

טער. דאָס איז אַ פּונק, וואָס מ׳קאָן נאָך שטאַרק צעבלאָזן, אַז עס זאָל דערפון ווערן אַ פלאַם. איך בין זיכער, אַז אויב די עלטערן וועלן זיך איבערבעטן מיט זייער טאָכטער און זי אַריינלאָזן אין שטוב, איר אַנהייבן אַרויסווייזן ליבשאַפט, דערנענטערן מער צו יידישקייט, וועט זי סוף כל סוף צוריקגעווינען ווערן צום יידישן פאָלק. זיי קאָנען דעריבער נישט נאָר צוריקגעווינען זייער טאָכ־טער, נאָר דאָס יידישע פאָלק קאָן נאָך אַמאָל צוריקגעווינען אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע.

ווי פאַר׳עקשנ׳ט דער פאָטער איז געווען, האָט ער פאָרט איינגעזען מיינע שטאַרקע אַרגומענטן. ער האָט זיך געלאָזט בויגן. ער האָט צוגעשטימט אַריינצולאָזן זיין טאָכטער צוריק אין שטוב. די מוטער איז געווען גליקלעך, און זי האָט מיר פאַרזיכערט, אַז זי אַליין וועט זיך מער דערנענטערן צו יידישקייט און וועט עס אויך טאָן מיט איר טאָכטער.

— יאָ, איך האָב חרטה, וואָס איך האָב געטאָן — האָט זי מיר געזאָגט ביים געזעגענען — און איך האָף, אַז מיין קינד וועט אויך נאָך אַמאָל האָבן חרטה און צוריקקומען צו אונזער פאָלק.

# באַזאָרגט מיט אַ מצבה

אין דרויסן האָט גערעגנט. אויף דער נשמה איז נישט געווען אַזוי גוט, אָבער אין אָפיס דאַרף מען זיצן, טאָמער קומט ווער אַריין מיט אַ קעיס. די טיר האָט זיך טאַקע געעפנט און עס איז אַריינגעקומען אַ פרוי פון אַ יאָר 65. זי איז צוגעגאַנגען דירעקט צו מיר און מיך געפרעגט צי דאָ איז דאָס יידישע קאָורט. איך האָב איר געענטפערט, אַז יאָ, און גלייכצייטיק זי באַטראַכט. איך האָב גלייך דערקענט, אַז זי איז נישט קיין יידישע. זי איז געווען פון מיטעלן וואוקס, אַ דיקלעכע, אַ סימפּאַטיש פּנים. דער גוי איז איר אָבער געלעגן אויסגעגאָסן אויפן געזיכט.

איך האָב איר געבעטן זיך זעצן און מיר דערציילן איר קלאַגע.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל און געזאָגט:

— איך האָב ניט קיין קלאַגע. דערצו בין איך אַ קריסטין, און איר וואונדערט זי אודאי פאַרוואָס איך בין געקומען אַהער אין אַ יידישן קאָורט. מוז איך אייך זאָגן, אַז געשיקט אַהער האָט מיך מיינע אַ באַקאַנטע, אַ יידישע פרוי. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי הערט זיך צו אויף דער ראַדיאָ וועגן אייער טעטיקייט. איר טוט זייער אַ סך און גוטע אַרבעט, און נאָר איר וועט קאָנען אויך טאָן וואָס איך דאַרף.

נייגעריק ביז גאָר האָב איך זי געפרעגט:

— וואָס זשע דאַרפט איר, מיין ליבע פרוי?

— איך בין געקומען צו אייך, אַז איר זאָלט שטעלן אַ מצבה מיינע א יידישע פריינדין, וועלכע איז שוין טויט 4 יאָר צייט. זי ליגט אָן אַ מצבה. פאַר די לעצטע דריי יאָר האָלט איך אין איין אַרומלויפן וועגן דעם. איך בין שוין געווען ביי אַלע יידישע אָר-

גאַניזאַציעס, אָבער אומעטום האָט מען מיר אָפּגעזאָגט מיין ביטע. אפשר וועט איר האָבן רחמנות אויף מיר און שטעלן מיין פריינדין אַ מצבה. דעמאָלט וועל איך קאָנען רואיק שטאַרבן, — און זי האָט זיך שטאַרק צעוויינט.

די רייד פון דער פרוי האָבן מיך זייער גערירט און איך בין געוואָרן שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער גאַנצער זאַך.

— אייער פריינדין האָט נישט געלאָזט קיין משפחה, וואָס איר פאָרעט זיך פאַר איר?

— ניין, זי האָט קיינעם נישט געלאָזט און דעריבער טאָקע פאָרע איך זיך. דערלויבט מיר, וועל איך אייך דערציילן די גאַנצע געשיכטע, וועט איר פאַרשטיין פאַרוואָס איך בין אין דעם אַזוי אינטערעסירט.

— ביטע זייער — האָב איך געענטפערט.

— פאַר די לעצטע 35 יאָר בין איך געווען באַפריינדעט מיט אַ יידישער פרוי. מיר האָבן זיך געהאַלטן ווי צוויי שוועסטער. איינע פאַר דער אַנדערער וואָלט געלאָפן אין פייער אַריין. מיין פריינדין איז געווען אַן עלענדער מענטש. איר מאַן האָט פאַר איר געמאַכט אַן אָרעם לעבן. קיין קינדער האָבן זיי קיינמאָל נישט געהאַט. אונזער פריינטשאַפט איז געווען נישט אָפּצושאַצן. מענטשן פלעגן זיך איינפאַך וואונדערן ווי מיר האַלטן זיך שטענדיק און כסדר אַזוי צוזאַמען. אין אַ געוויסן טאָג איז געשען אַן עקסידענט מיט מיין פריינדינס מאַן. ער איז דער׳הרג׳עט געוואָרן ביי דער אַר־בעט. ער האָט איבערגעלאָזט קליינע אינשורענס. זי האָט געקראָגן אַביסל קאָמפּענסאַציע פאַר דעם אומגליק און צוביסלעך פלעגט זי צואַרבעטן אַזוי, אַז זי האָט זיך דורכגעמוטשעט איר אויסקומען. איך האָב אונזער פריינטשאַפט נאָך מער פאַרשטאַרקט. איך האָב זי, נאָכן אומגליק, נישט געלאָזט זיין אַליין. זי איז מערסטנס גע־ווען מיט אונז, און וואו מיר זיינען געגאַנגען, איז זי מיטגעגאַנגען. מיין פריינדין האָט געקענט זייער גוט נייען, פלעגט זי מאַכן פאַר מיר דרעסעס און סוטלעך פאַר מיינע קינדער. זי האָט אַזוי גע־

גליכן מיינע קינדער ווי זיי וואָלטן געווען אירע. זי האָט דאָך מיר געהאָלפן זיי אויפהאָדעווען. דאָן איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און מען האָט מיין מאַן צוגענומען אין דער אַרמיי. מיין מאַן האָט ביז דער מלחמה געאַרבעט ביי אַ רעילראָוד קאָמ־פּאַני. איך האָב מיך זייער געפּלאָגט מיט מיינע צוויי קינדער. דער איינציקער טרייסט איז געווען, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, מיין מאַן וועט צוריק אַהיימקומען און ווידער וועט זיך אָנהייבן אונזער נאָרמאַל לעבן. מיין מאַן איז פאַרוואונדעט געוואָרן אין דער מלחמה. ער איז געלעגן אייניקע חדשים אין האָספּיטאַל, אָבער ווען גאָט האָט שוין געהאָלפן און ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער נאָך נישט גוט געפילט. ער איז געווען שוואַך און נערוועז. אָפּרוענ־דיק זיך עטלעכע וואָכן אין שטוב, איז ער אַוועק צו זיין דזשאָב, וועלכן מען האָט אים באַלד צוריקגעגעבן, און איך האָב געמיינט, אַז איך בין גליקלעך.

אָבער עס איז, ווי עס זעט אויס, מיר שוין נישט באַשערט געווען קיין גליק. מיין מאַן האָט אָפּגעאַרבעט עטלעכע וואָכן, איז ער ווידער קראַנק געוואָרן און מען האָט אים ווידער געמוזט צו־נעמען אין האָספּיטאַל. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, עס איז מיר געוואָרן פינסטער און ביטער. אָבער דער בעכער פון צרות איז נאָך נישט געווען פאַרפולט, ביז אין איין אומגליקלעכן טאָג האָב איך גע־קראָגן אַ בריוו פון דער רעילראָוד קאָמפּאַני אין וועלכן מען לאָזט מיר וויסן, אַז אַזוי ווי זיי קאָנען זיך מער נישט פאַרלאָזן אויף מיין מאַן, און אַזוי ווי מען קאָן דעם דזשאָב נישט לאָזן אָפן, האָבן זיי צוגענומען אַן אַנדערן מענטש אויף דעם דזשאָב און מיין מאַן האָט מער ביי זיי נישט קיין אַרבעט. דער בריוו האָט מיך שרעקלעך דערשלאָגן, וואָס וועלן מיר איצט טאָן? דאָ האָט זיך געעפנט די טיר און מיין פריינדין איז אַריינגעקומען. זי האָט באַלד דערקענט, אַז עפּעס שרעקלעכעס איז געשען, און זי האָט מיך טאַקע גע־פרעגט וואָס עס האָט פּאַסירט. איך האָב איר דערציילט וועגן מיינע צרות, אַז איך בין געבליבן ווי אויפן וואַסער, אַז די קינ־

דער גייען אַרום נאַקעט און באָרוועס און זיינען הונגעריק און איך האָב נישט קיין פּעני ביי דער נשמה. עס האָט מיך אַזוי צוגעדריקט, אַז איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט. מיין פריינדין האָט מיך קודם כל גענומען איינשטילן, אַז איך זאָל נישט וויינען, דאַן האָט זי מיר געגעבן 10 דאָלאַר, אַז איך זאָל קויפן עסן פאַר די קינדער. „איך גיב דיר נישט דאָס געלט, נאָר איך באָרג דיר — האָט זי מיר געזאָגט, — ווען דו וועסט האָבן, וועסטו מיר אָפּגעבן. און וועגן שיכלעך פאַר די קינדער וועל איך שוין זאָרגן". איך האָב געהערט אירע רייד און אַליין נישט געגלויבט. „ווי קאָנסטו דאָס טאָן — האָב איך זי געפרעגט — אַז דו אַליין ביזט אַן אָרעמע, אומגליקלעכע אלמנה"? אָבער רייד הינעט, רייד מאָרגן, זי וויל פון גאָרנישט וויסן און לאָזט מיך נישט אָפּ ביז איך האָב געמוזט נעמען די 10 דאָלאַר.

— אָבער דערמיט איז נאָך דיין פּראָבלעם נישט געלייזט — זאָגט זי צו מיר — פאָלג מיך און גיי אַריבער אין דיין טשוירטש און דערצייל דעם גלח ווי דיר איז, וועט ער דיך זיכער נישט לאָזן פאַלן.

— ניין, דאָס קאָן איך נישט טאָן — ענטפער איך איר — ווייל מיר זיינען נישט קיין טשוירטש גייערס. דער גלח ווייסט דאָס און גלייכט אונז נישט צוליב דעם, וועט ער זיכער גאָרנישט וועלן טאָן פאַר אונז.

— אויב אַזוי — ענטפערט מיין פריינדין — וועל איך גיין און איך וועל שוין זען, אַז מען זאָל דיר העלפן.

זי איז טאַקע באַלד אַוועק צום גלח, אים דערציילט וועגן דעם אומגליק, וואָס האָט אונז געטראָפן און אויך נישט פאַרגעסן צו דערמאָנען, אַז איך בין שוין שולדיק פאַר צוויי מאָנאַטן רענט און דער לענדלאָרד וויל מער נישט וואַרטן. דער גלח האָט איר געענטפערט, אַז ער איז זייער סאָרי, אָבער ער קאָן גאָרנישט טאָן פאַר אונז, ווייל מיר זיינען נישט קיין טשוירטש גייערס. מיין פריינ־

דין איז געוואָרן שטאַרק אין כעס אויף אים און גענומען שרייען „איר מעגט זיך שעמען אין אייער ווייטן האַלז אַריין. וואו איז יושר? וואו איז מענטשלעכקייט? איר זעט, איך בין אַ יידישע פרוי, איך בין נאָר מיט איר באַפריינדעט, איך בין אַליין אַן עלענדע אָרעמע אלמנה, און פונדעסטוועגן האָב איך איר אַוועקגעגעבן מיינע לעצ־טע 10 דאָלאַר, אַז זי זאָל קויפן עסן פאַר די קינדער, און איר, גוטע קריסטן, קאָנט זיך צוקוקן גלייכגילטיק און זיך גאָרנישט מאַכן וויסן. דאָס איז אַ פאַרברעכן קעגן גאָט". און זי נעמט שרייען: „ביין, דאָס וועט נישט געשען, איך וועל פון דאַנען נישט אַוועק־גיין ביז איר וועט מיר צוזאָגן עפּעס צו טאָן פאַר דער אָרעמער פרוי און קינדער ביז איר מאַן וועט געזונט ווערן און ווידער קאָנען מאַכן אַ לעבן פאַר זיין פאַמיליע".

דער גלח איז געבליבן צעטומלט פון איר צודרינגלעכקייט. ער האָט זיך גענומען שלעכט פילן און ער איז געוואָרן ווייכער. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט האָבן אַ זיצונג און זען צו העלפן. און ער האָט אונז ווירקלעך געהאָלפן; ער האָט געזען, אַז מען זאָל צאָלן מיין רענט און מען האָט מיר אַריינגעשיקט אויף צו לעבן אויף עטלעכע מאָנאַטן ביז מיין מאַן איז, מיט גאָטס הילף, געזונט געוואָרן און מיט דער הילף פון גלח האָט ער צוריקבאַקומען זיין דזשאָב און די זון האָט ווידער פאַר מיר אויפגעשיינט. און וועמען האָב איך דאָס אַלץ געהאַט צו פאַרדאַנקען, נאָר מיין טייערער פריינדין?!

יאָרן זיינע דערווייל אַריבער, און מיט 4 יאָר צוריק איז מיין טייערע פריינדין שטאַרק קראַנק געוואָרן. ליידער אויף אַ קענסער. זי איז געלעגן אין האָספּיטאַל 10 מאָנאַטן און איז געשטאָרבן. עס זיינען שוין, ווי געזאָגט, אַריבער 4 יאָר זינט זי איז געשטאָרבן, אָבער ביז היינט קומט זי מיר כסדר צו חלום און בעט זיך ביי מיר, אַז איך זאָל זען מען זאָל איר שטעלן אַ שטיין, ווייל זי קאָן נישט איינליגן רואיק אין קבר. ווי איר זעט, בין איך אַן אָרעמע פרוי, איך האָב אַליין נישט קיין מיטלען איר צו שטעלן אַ מצבה, בעט

איך אייך, ליבע פרוי, אַז איר זאָלט מיר נישט אָפּזאָגן ווי די אַנ־דערע, נאָר איר זאָלט מיר יאָ העלפן.

און די קריסטלעכע פרוי נעמט אַזוי שטאַרק וויינען, אַז זי האָט מיך אָנגעשטעקט און איך האָב אַליין אויך גענומען וויינען.

איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן זען טאָן דאָס בעסטע. איך האָב אויפגעשריבן איר גאַנצע קעיס, איר געגעבן אַ נומער און איר פּאַרזיכערט, אַז מיר וועלן זי אינגיכן אַרויסרופן. דאָן האָב איך די גאַנצע קעיס איבערגעגעבן צו אונזער דירעקטאָר און אים פּערזענלעך געבעטן עפּעס צו טאָן אין דער זאַך. ער איז אַליין אויך געוואָרן שטאַרק אינטערעסירט און צוגעזאָגט, אַז אויפן נעקסטן מיטינג פון די באַאַמטע, וועט ער דעם גאַנצן ענין פאָר־ברענגען. אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. צום נעקסטן מיטינג האָט ער איבערגעגעבן די גאַנצע געשיכטע. אונזער רב איז געוואָרן גע־וואַלדיק גערירט פון דעם פאַקט, אַז אַ קריסטלעכע פרוי זאָל זיין אַזוי איבערגעגעבן צו אַ פאַרשטאָרבענער יידישער פריינדין און ער האָט אויסגערופן מיט האַרץ: „ברידער און שוועסטער, מיר טאָרן נישט שוייגן. מיר מוזן שטעלן אַ שטיין דער אָרעמער, עלנטער פרוי". עטלעכע אָנוועזנדע פרויען צום מיטינג האָבן באַלד גע־געבן זייער ביישטייערונג, דער באָס פון דער ראַדיאָ־סטיישאָן האָט געגעבן אַ שיינע ביישטייערונג, דערנאָך האָבן מיר געמאַכט אָן אַפּיל אויף דער ראַדיאָ, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז מיר האָבן צונויפגעזאַמלט 300 דאָלאַר און געשטעלט דער פרוי אַ פּרעכ־טיקע מצבה.

צום שטעלן די מצבה זיינען ארויסגעפאָרן אויפן בית עולם די פרויען פון אונזער קאָמיטעט מיט זייערע מענער, דער דירעק־טאָר, דער רב, דער באָס פון דער ראדיאָ סטאַציע, אַלע מיט זייערע פאַמיליעס און עטלעכע אַלטע רבנים. אונזער רב האָט געמאַכט דעם אמת'ן הספד און אַלע האָבן שטאַרק געוויינט. נעבן קבר איז געשטאַנען ווי אַ געטרייע מאַמע די קריסטלעכע פרוי. זי איז גע־

ווען אַ גליקלעכע, אַ שיינענדיקע, וואָס זי האָט ענדלעך דערלעבט, אַז איבער איר פריינדינס קבר שטייט א מצבה.

מען האָט גענומען אַ בילד און דאָס בילד הענגט ביי דער קריסטלעכער פרוי אין שטוב ווי אַ הייליקייט.

איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס פנים פון דער קריסט־לעכער פרוי, ווען מען האָט אַוועקגעשטעלט די מצבה אויפן קבר פון איר יידישער פריינדין.

# אינהאַלט

## די אַלטע היים



## די נייע היים



## קאָורט־געשיכטעס